גרשון
סאפאזשניקאוו




עסייען

בוענאס איירעס

אַרויסגעגעבן פון אַ קאָמיטעט
1958

## ג. סאַפּאָזשניקאָוו בוך - קאָמיטעט

---

**יעקב קראַוויעץ — פּרעזידענט**
**עמיליאַ גוטקין — וויצע־פּרעזידענט**
**מאַקס שטאַרקמאַן — וויצע־פּרעזידענט**
**חיים בעטשער — וויצע־פּרעזידענט**
**מאַקסימאַ לעווין — סעקרעטאַר**
**דר. א. מבשן — סעקרעטאַר**
**משה שענדעריי — סעקרעטאַר**
סימאָן רובינס -- קאַסיר
בערל פּישליידער — קאַסיר
כוליאַ לעווין — קאַסיר

דוד אוורוד
לעאָן אוורוד
נחום אײַזענבערג
מאַרקאָס באַנאַסלאַווסקי
משה בורשטיין (מענדאָסאַ)
שבתי בענדער
יעקב נראַבאַווסקי
חיים דיקהאַלץ (לאַ פּלאַטאַ)
סאַלאָמאָן דיקער (טוקומאַן)
מאַרקאָס ווינאַגראַד
יעקב וועגנראַווער
אברהם זאַסלאַווסקי
דר. מאַרקאָס טאַבאַטשניק
סאַלאָמאָן טשאַדאָס (ריאָ קואַרטאַ)
יוסף טוליפּאַן
אברהם טשערניק
מאַרקאָס יאַדער

לייזער לאַוויטמאַן
ישראל לאַכטערמאַן
סאַלאָמאָן מאַלקעס
דר. דוד נאַוואַקאָווסקי
הערשל נימצאָוויטש
כוליאַ ניימאַן
יוסף סטאַלאַוויטש
אברהם פּאַפּאַווסקי
אײַזיק פּורמאַן
יוסף פּטאַשינסקי
חיים פינקעלשטיין
שמואל פרענקעל
דוד צוקער
לעאָן קאַגאַן
סאַלאָמאָן קוועלער
מענדל קוליגאָווסקי
לעאָן קאָזשאַני
יונה קאַסאָף
יהודה קארענבלית
ראובן ראָזענוואַסער
נחום ראָזענבלאַט
דר. א. מ. רובינשטיין
ראובן רובינשטיין
אַדאָלף רובעל
מאַנועל שטיין
סאַלאָמאָן שטיין
דוד שרײַבמאַן

---

### אדרעס פאר די ענינים פון דעם בוך:

Casilla de Correo 112 (Suc. 3)

Buenos Aires

# פון די אַרויסגעבער

אין שייכות מיט דער דאָזיקער זאַמלונג: עסייען, וועלכע מיר האָבן דעם פאַרגעניגן צוטראָגן דעם יִדישן לייענער אין די טאָוולען פון אַ בוך, האַלטן מיר פאַר אַ חוב צו דערמאָנען און פאַרצייכענען לזכר עולם, אַ גאַנץ אייגנאַרטיקע קולטור־דערשיינונג אין אַרגענטינער יִדישן לעבן, וואָס זאָגט עדות אויפן שעפערישן גייסט פון יִדישע פאָלקס־מענטשן, אויף זייער ליבע צום יִדישן וואָרט און זייער טרייקייט דער יִדישער קולטור.

אַ היגע פּראָפעסיאָנעלע אָרגאַניזאַציע פון יִדישע מעבל־פאַבריקאַנטן, האָט אַרויסגעגעבן אַ יערלעכן זאַמלבוך „דער האָלץ־אינדוסטריאַל”, וואָס האָט זיך קונה שם געווען אין דער יִדישע־וועלט ווי אַ וויכטיקע פּובליציסטיש־ליטעראַרישע אויסגאַבע און „פאַרשאַפט כבוד נישט נאָר פאַר אַרגענטינע, נאָר פאַר גאַנץ יִדישלאַנד”, ווי עס האָט זיך אויסגעדריקט לויִס לאַמעד, גרינדער פון לויִס לאַמעד־פאָנד פאַר יִדישער ליטעראַטור איןביידע שפּראַכן. „איך בין שטאָלץ, וואָס יִדן גיבן אַרויס אַזאַ יאָרבוך אין יִדיש” — האָט געשריבן יוסף אָפּאַטאָשו אין 1951, און וועגן יאָרבוך 1953 — דאָס דרייצנטע אין צאָל — האָט יעקב גלאַטשטיין אין אַן אָפּהאַנדלונג („דער קעמפער”, ניו־יאָרק), געווונטשן זיינע האַרציקע ברכות „צום בר־מצווה אַניווערסאַר פון אַזאַ גרויסאַרטיקער אויסגאַבע, וואָס ברענגט צוזאַמען אונטער איין דאַך דעם יִדישן שרייבער מיט דעם יִדישן אינדוסטריאַל”.

זעכצן יאָרביכער זיינען שוין דערשינען און יעדעס יאָרבוך אַ מין קיבוץ־גלויות פון אונדזער גייסטיקער עליט, וואָס פלעגט אויפגענומען ווערן מיט די בעסטע אָפּרופן. „עס געשעען אַמאָל זאַכן, האָט געשריבן י. צ. שאַרגעל („אויף דער וואַך” — תל־אביב), וואָס דו שטייסט פאַר זיי ווי פאַר אַ וווּנדער, אַ רעטעניש; פון וואַנען

קומט עס? ווער האָט עס אַרויסגערופן צום לעבן? — אַזאַ זאַך איז „דער האַלץ אינדוסטריאַל", אַ זאַמלבוך פון הויכווערטיקע ליטעראַרישע און פובליציסטישע אַרבעטן... וואָס קויפט זיך איין אין אייזערנעם פאָנד פון דער יידישער אייביקייט".

אַט דעם „ווונדער" האָט „אַרויסגערופן צום לעבן" דער פאַראיין פון יידישע האָלץ־ און אייזן־אינדוסטריאַלן אין בוענאָס איירעס, וואָס האָט מיט אמתער אָפּעווויליקייט געזאָרגט פאַר דער מאַטעריעלער עקסיסטענץ פון יאָרבוך און דער רעדאַקטאָר פון דער אויסגאַבע, גרשון סאַפּאָזשניקאָוו, וואָס האָט באַוויזן, ווי עס האָט געזאָגט דניאל טשאַרני (אין „טאָג־מאָרגן־זשורנאַל") „צום ערשטן מאָל אין אונדזער קולטור־געשיכטע, פאַרוואַנדלען אַ פאַך־זשורנאַל אין אַזאַ מין ווערטפולער ליטעראַרישער טריבונע".

אָפּשאַצנדיק דעם איינגאַרטיקן קולטור־אויפטו, וואָס האָט אַזוי ווייט דערגרייכט און דערפריידט מיט דער בשורה פון אונדזער שעפערישן לעבן אין דעם לאַנד, האָט אַ קאָמיטעט פון געזעלשאַפטלעכע עסקנים באַשטימט אַרויסצוגעבן די ליטעראַרישע עסייען פון ג. סאַפּאָזשניקאָוו, וועלכע זיינען פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין די אויבנדערמאָנטע יאָרביכער און אַרויסגערופן אַ באַדייטנדיקן אָנזען אין די ליטעראַרישע קרייזן פון דער יידישער וועלט.

האָט געשריבן שלמה ביקל („צוקונפט" — ניו־יאָרק): „די קריטישע אַרבעטן פון ג. ס. זיינען מיט זייער ליכט פון פסיכאָאַנאַליז אַ זעלטנהייט אין אונדזער ליטעראַטור" און אליעזר בלום („פאָלק און וועלט" — אויסגאַבע פון יידישן וועלט קאָנגרעס) „... ג. סאַפּאָזשניקאָווס אַנאַליז איז תוכיק, פאַרטיפט, שעפעריש, און ס'איז קענטיק די פערזענלעכקייט פון אַ באַדייטנדיקן ליטעראַטור־קריטיקער".

אויף ג. סאַפּאָזשניקאָווס אַ גרעסערן עסיי וועגן שלום אַש ע"ה, האָט דער באַרימטער דיכטער זיך אָפּגערופן מיט אַ בריוו, פון וועלכן מיר נעמען אַרויס די פאָלגנדיקע שורות: „פון אַלע יידישע קריטיקער, וואָס איך האָב געלעזן זייערע אָפּשאַצונגען איבער מיינע

ווערק, האָט קיינער זיך נישט געמיט אַזוי צו פאַרשטיין מיך און מײַן שרײַבן; און קיינער האָט זיך נישט פאַרטיפט אַזוי אין מײַן אייגנאַרטיקייט, און קיינער האָט נישט באַהאַנדלט מײַן שאַפן פון אַ מאָדערנעם שטאַנדפונקט, אינטים און אינדיווידועל, ווי איר..."

שרײַבט אברהם גאָלאָמב („דער וועג" — מעקסיקע). „עס וואָלט געווען זייער גוט, אַז די אַרבעטן פון ג. סאַפּאָזשניקאָוו, וואָס זײַנען, ווי איך ווייס, אַן אוניקום אין דער ייִדישער ליטעראַטור, זאָלן אַרויס אין אַ באַזונדער בוך".

מיר האָבן זיך סומך געווען אויף אויטאָריטעטן און דערפילט אַן אַלגעמיינעם ווונטש מיטן אַרויסגעבן דאָס בוך — אונדזער מתנה פאַרן חשובן מחבר און נאָך אַ בײַטראָג פון דעם בוענאָס-אײַרעסער ישוב פאַרן אוצר פון דער ייִדישער קולטור.

**משה שענדעריי**

# אינהאַלט:


פון די אַרויסגעבער — 7
צו די לייענער — 14


## לאַמעד שאַפּיראָ

### דער גלות־קאָמפּלעקס אין דער יידישער ליטעראַטור


„דער צלם" — 19
אַ גרויל־סצענע: אַ שטיק יידישע ווירקלעכקייט — 21
אין די עקסטרעמען פון שגעון — 25
צוריק צו דער לייבלעכער מוטער — 28
אונטערן טראַנישן צייכן פון פּאָגראָם־קאָשמאַר — 29
יידישע פיש און יידיש „פלייש" — 32
ייד און גוי... — 34
אַ גואל־הדם־מאַנער — 37
אַ „ספּעציפישע" סטרוקטור אין דער עקאָנאָמיק; אַ „גלות־קאָמ־פּלעקס"" אין דער פּסיכיק — 40
אַ פּסיכישער פּראָדוקט פון דער גלות־ווירקלעכקייט — 44
דער דעפענסיווער מעכאַניזם קעגן גלות־קאָמפּלעקס — 46


## יונה ראָזענפעלד

### אַ גאָון פון אינטואיציע


יונה ראָזענפעלד און זיגמונד פרויד — 51
אַ מוסטער פון יונה ראָזענפעלדס אַ דערציילונג — 53
סימבאָליזם — 56
דער אומבאַוווסטזיניקער דעטערמיניזם — 58
די קינסטלערישע אַרביטע — 61
אַן „אומבאַוווסטזיניקע" ליבע — 64
דעפענסיווע מיטלען — 66
דער באַשייד פון אַ חלום — 68
דער משוגענער בטלן — 71
אַ קאָמפּענסאַציע אין שכל פאַר אַ פאַרלוסט אין די געפילן — 73

א פסיכישע אפעראציע — 75
זיך פארליבט... אין זיך אליין — 77
נ א ר צ י ס י ז ם — 79
די לאַניק פון אַן „אומלאַנישער" האַנדלונג — 83
ד ע ר א ו י ט א מ א ט י ז ם — 85
„וואָס מען האָט פון אים געמאַכט" — 87
דער לעבנס־גורל פון ראַזונפעלדס ליטעראַרישע העלדן — 91
א „ווילדע בריאה" — 93
אפעקטיווער הוננער — 96
ראָזענפעלדס סטיל — 100
א י ר אָ נ י ע — 106
ס א ר ק א ז ם — 111
פערזאָניפיקאַציע פון אינסטינקטן און געפילן — 115
קינסטלערישער אמת — 120

## ש ל ו ם א ש

### 1 — שלום אַשם מוטער־קאָמפּלעקס

א פּילזיַיטיקער טאַלאַנט — 127
דרײַ פסיכישע אינסטאַנצן — 129
דאָס „אמתדיקע פאָטערלאַנד" פון מענטשן — 131
די הויפּט־כאַראַקטעריסטיק פון זײַנע העלדן — 135
א נײַער אפעקטיווער טאָן אין דער יִדישער ליטעראַטור — 137
די „צעטיילונג" פון דער נשמה — 140
פון טומאה צו קדושה — 142
די נײַסטיקע טראַדיציע פון קוטנע — 144
שלימות און אחדות אין סדר פון דער וועלט און אין לעבן
פון מענטשן — 147
דער קינסטלערישער סימבאָל — 149
אמונת היחוד אין זײַן קאָסמישן אויסדרוק — 152
די אידענטיפיקאַציע מיטן יִדישן פאָלק — 155
א ג ע נ י א ל ק י נ ד — 160
אינטואיציע קעגן שכל — 161
טרוימען גיבן א ציל און ווײַזן א ריכטונג — 164

### 2 — שלום אַשם שליחות אין דער יִדישער ליטעראַטור

דער פערזענלעכער אקצענט אין זײַן סטיל — 167
פאַרן בית דין של מטה — 170

פאַר „בית דין של מעלה" — — — — — — — — — — — — — — — — — 172
דער ייִדישער געוויסן — — — — — — — — — — — — — — — — — — 175
די ייִדישע קולטור־ירושה — — — — — — — — — — — — — — — — — 178
די קדושה פון מסירת־נפש — — — — — — — — — — — — — — — — — 182
גײַסטיקער גלײַכגעוויכט — — — — — — — — — — — — — — — — — — 185
ייִדיש־נביאישער שאַפונגס־מעטאָד — — — — — — — — — — — — — — 187
די דיאַלעקטיק פון געוויסן — — — — — — — — — — — — — — — — 190
דער „קולט פון מעשים" — — — — — — — — — — — — — — — — — — 194
די מיסיע פון דער ייִדישער ליטעראַטור — — — — — — — — — — — — 197
די טראַדיציע פון דער נבואה אין קינסטלערישע געשטאַלטן — — — — — 199
די אידעע פון אוניווערסאַלער האַרמאָניע — — — — — — — — — — — 203
די וועלט קען האָבן אַ קיום נאָר „מיטן כוח פון שוואַכן" — — — — — 206

## יוסף אָפּאַטאָשו

אַן אַנאַליטישע עקסקורסיע אין אָפּאַטאָשוס קינסטלערישער שאַפונג 213

## דער משוגענער בטלן פון י. ל. פּרץ

### י. ל. פּרץ — דער דיכטער פון נשמות

די צעפּאַלונג פון דער מענטשלעכער פּערזענלעכקייט — — — — — — — 235
דער זין פון י. ל. פּרצעס פּינטעלעך — — — — — — — — — — — — — 239
די שפּיגל־מאַניע — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — 241
דער דואַליזם אין דער מענטשלעכער נשמה — — — — — — — — — — — 243
די ירושה־עלעמענטן — — — — — — — — — — — — — — — — — — — 247
די גײַסטיקייט פון דער ייִדישער פּסיכישער נאַטור — — — — — — — — 249
ליבע און גלויבן אין מענטשן — — — — — — — — — — — — — — — — 251

## זיגמונד פרויד

### אַ ייִדישע פּסיכאָלאָגיע

דער פּסיכאָאַנאַליז — — — — — — — — — — — — — — — — — — — 255
די וועלט פון חלומות — — — — — — — — — — — — — — — — — — — 257
דער אומבאַוווסטזײַן — — — — — — — — — — — — — — — — — — — 258

די מעמקים־פסיכאָלאָגיע — — — — — — — — — — — 260
דער פסיכישער קאָנפליקט — — — — — — — — — — — 262
ווער, און פארוואס איז קעגן ? — — — — — — — — — 264
א פאָלק פון בעלי־חלומות — — — — — — — — — — 266

## די פסיכאָלאָגיע פון יידישן וויץ

אייגנארטיקע כאראקטער־שטריכן — — — — — — — — — 271
די סטימולירנדיקע קראפט פון געלעכטער — — — — — — — 273
דער יידישער וויץ — — — — — — — — — — — — — 274
הומאר האלט אויף דעם גייסטיקן גלייכגעוויכט — — — — — — 276
מיר לאכן פון אלע המנס — — — — — — — — — — — 278

## שטריכן צו דער פסיכישער פיזיאָנאָמיע פון דער יידישער פערזענלעכקייט

— — — — — — — — — — 285 - 298

# צו די לייענער

דער מענטש איז נישט נאָר אַ פּראָדוקט פון זײַן סאָ־ציאַלער סביבה און היסטאָרישער תקופה, נאָר עס הירקן אויך אויף אים די אײַנפלוסן, וועלכע ער האָט געבראַכט בירושה פון דורות עלטערן.

די קונסט איז אַ שאַפונג פון מענטשלעכן גײַסט, וואָס ברענגט צום אויסדרוק נישט נאָר די אינערלעכע וועלט פון מחבר, נאָר אַנטפּלעקט אויך דעם גענעטישן אורקוואַל פון וועלכן ער האָט געשעפּט זײַן גײַסטיקע יניקה.

אין דער יידישער וואָרט־קונסט לעבט די דיכטערישע וויזיע פון דער נבואה, די מיסטישע קאָנטינואיטעט פון אַ פאָלק, וואָס האָט אין מדבר פאַרנומען דעם קול דממה דקה פון גאָט און האָט מיטן אַטאַווישן כוח פון זײַן סאָ־ציאַל־עטישן אינסטינקט נישט אויפגעהערט צו מאָנען אַ מלכות־שדי פון ליבשאַפט און גערעכטיקייט.

וואָס גרעסער עס איז דער טאַלאַנט פון מײַסטער, אַלץ טיפער שלאָגט ער וואָרצלען אין די בראשיתדיקע שיכטן און וואָס מער ער דערנעענטערט זיך צו די אור־

קוואַלן פון פאָלק, אַלץ גרעסער איז די ברכה וואָס באַפרוכפערט זייַנע שעפערישע קרעפטן.

די פאַרשטענדעניש פאַר די אומבאַוווּסטזיניקע פסיכישע טענדענצן, עפנט אַ נייַע דימענסיע פאַר דער ליטעראַטור־פאָרשונג און העלפט באַשיידן דעם סוד פון יצירה־פראָצעס, וואָס שלאָגט אַרויס פון בראשיתדיקן תוהו ובוהו אַ געטלעכן פונק און צינדט אָן אַ נשמה־יתרה אין מענטשן.

אין דער יידישער ליטעראַטור לעבט אַ נשמה־יתרה פון העכערע מאָראַלישע נאָרמען און עטישע ווערטן, און אין יידישן קינסטלער אַ וואַכער סאָציאַלער געוויסן, וואָס טראָגט זייַן וואָרט צו דער וועלט ווי אַ תפילה פול בטחון און גלויבן אין מענטשן.

איך פאַרבעט אייַך מיט צוטרוי און געדולד מיך באַגלייטן אויף דעם וועג, וואָס פירט צו אַ וועלט פון עכטער יידישער שיינקייט, וועלכע איך באַמי זיך אויף מייַן אופן און מיט מייַנע באַשיידענע מיטלען צו אַנטפלעקן.

דער מחבר

# דער גלות־קאָמפּלעקס אין דער ייִדישער ליטעראַטור

## „דער צלם"

„דער צלם" — אַן אויסטערלישע פּאָגראָם־דערציילונג, וואָס האָט בשעתו אָפּגעקלונגען ווי אַ דונער אין דער ייִדישער וועלט, לאַנג האָט זיך געקייקלט זײַן טויבער עכאָ אין דער לופטן, און איז ערגעץ פאַרשטומט געוואָרן הינטער די פּלאַמיקע האָריזאָנטן, וואָס האָבן צום סוף זיך אויסגעלײַטערט, און פאַרצויגן מיט אַ געדיכטן וואָלקן־שלייער פון פאַרגעסונג...

לאַמעד שאַפּיראָ *) — אַ מערקווירדיקער שרײַבער, וואָס איז געבליבן עפּעס ווי אַן אַ זײַט פון דער ייִדישער ליטעראַטור, איינזאַם ווי אַ ספינקס אין דער מדבר, מיט סודותפולע צייכנס אויפן פאַרגליווערטן געזיכט, וואָס וואַרפן אַן אַ שאָטן פון אומהיימלעכקײַט אויף מענטשן.

די דערציילונג, וואָס דריקט אויס אַ האַרצרײַסנדיקן פּראָטעסט קעגן דער קריסטלעכער ציוויליזאַציע, איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן

---

*) לוי שאַפּיראָ, געבוירן אין 1878 אין אַ שטעטל פון קיעווער גובערניע, געשטאָרבן דעם 25טן אויגוסט 1948 אין לאָס אַנדזשעלעס, קאַליפאָרניע. האָט אונטערגעשריבן זײַן נאָמען מיט איין „ל", און איז באַקאַנט אין דער ייִדישער ליטעראַטור מיטן נאָמען לאַמעד שאַפּיראָ.

אין יאָר 1907—8, נאָך די שטורמישע געשעענישן אין צאַרישן רוסלאַנד, וועלכע האָבן פאַרגאָסן מיט בלוט, „שמוץ און שאַנד" דאָס ייִדישע לעבן. די קריטיק האָט אין יענער צײַט ברייטהאַרציק און פּראָדוקטיוו רעאַגירט אויף דער קינסטלערישער דערשײַנונג, האָט באַוווּנדערט דעם מײַסטערהאַפטן סטיל, די שאַרפקייט פונעם וואָרט, די קראַפט פון אויסדרוק, געפיל און געדאַנק, וואָס דרינגט אַרײַן און אַנטפּלעקט די פאַרבאָרגנסטע וועלטן; „דער צלם" איז געוואָרן אַ טעמע פון דעבאַטן אין פּאָליטישע קרײַזן; דער דר. חיים זשיטלאָווסקי האָט אין אַ גרעסערער אַרבעט דורכגעפירט אַ פּאַראַלעל צווישן שלום אַש, וואָס שטרעבט צו אַ האַרמאָנישער פאַרבינדונג צווישן דער ייִדישער און גוייִשער וועלט, און לאַמעד שאַפּירא, וואָס שרײַט אויס אַ שטורמישן — „ניין!" אויף דער אידייע פון פעלקער־פאַרברידערונג, און רײַסט אויף אַלע בריקן צווישן די צוויי וועלטן; און — פון ריין עטיש־אָביעקטיוון און מאָראַלישן שטאַנדפּונקט קומט זשיטלאָווסקי צום לאָגישן אויספיר, אַז דער וועג פון עין תחת עין, פון בלוט פאַר בלוט, ליגט נישט אין דער ייִדישער נאַטור, און איז דעריבער נישט דער ריכטיקער אויסוועג פאַרן ייִדישן מענטשן.

אַלע אַנדערע ווידער, זײַנען געקומען צו אַ מער־ווייניקער ענלעכן אויספיר אַרויסגייענדיק פון ריין־עסטעטישע הנחות, און האָבן זיך געטרייסט מיטן ליריש־באַרואיקנדיקן שלום פון דער דערציילונג, ווו דער העלד, וואָס האָט דורכגעלעבט און דורכגעפילט דעם שווידער פון בלוטיקער פאַרניכטונג, וואָס האָט צוגעזען די שאַנד פון מענטשלעכן ווען און די פאַרגוואַלדיקונג פון זײַן אייגענער מוטער, האָפט נאָך „אין גיכן צוריקגיין צו אַ ישוב" און ווידער זיך אײַנגלידערן אין לעבן. דער אומגליק, הייסט עס, וועט זיך אויסוועפן אין זכרון פון מענטשן, די שאַנד־פלעקן וועלן פאַרבלייכט ווערן, די וווּנדן זיך פאַרציִען מיט אַ הײַטל, און די קרבנות וועלן ווידער אָנקניפּן אַן אָנהייב, און ווײַטער שפּינען דעם פאָדעם פון לעבן...

און גאַנץ מעגלעך, אַז דער העלד וועט זיך טאַקע איבערבעטן מיטן לעבן.

אָבער וויכטיק אין דעם פאַל איז נישט דער גורל פון יחיד, און נישט ווי עס וועט זיך אויסלאָזן די סיפּור־המעשה; וויכטיק און עיקרדיק איז דאָס וואָס דער ברענענדיקער צייכן אויפן שטערן פון געצלמטן איז געוואָרן אַ סימן מובהק פון אַ גערודפטן פאָלק, אַן אַלעגאָרישער סימבאָל פון גלות, וועלכער האָט געשטעלט זײַן בלו־טיקן חותם אויף דער נשמה פון יעדן יִידישן מענטשן.

און דאָס וועלן מיר פּרוּוון דערווײַזן.

## אַ גרויל - סצענע: — אַ שטיק יִידישע ווירקלעכקייט

אַזוי הויבט אָן לאַמעד שאַפּיראָ זײַן דערציילונג :

„זײַן אויסזען:

„אַ ריזיקע פיגור, ברייטביינעריק, אָבער נישט פעט, גיכער מאַ־נער; שוואַרץ, פאַרברענט פון דער זון, מיט שאַרפע באַקנביינער און שוואַרצע אויגן. די האָר פון קאָפּ כמעט אינגאַנצן גרוי, אָבער מאָדנע יונג; געדיכט און רײַך צעוואַקסן, אַביסל געקרײַזלט, אַ שמייכל פון אַ קינד אויף די ליפּן, און קליינינקע קנייטשעלעך פון אַ זקן אַרום די אויגן".

די דאָזיקע קורצע, אויסגעטאָקטע זאַצן, זײַנען כאַראַקטעריסטיש פאַר שאַפּיראָס סטיל, וואָס דערגרייכט מיט וווּנדערבאַרער פּשטות פון וואָרט צו שאַפן די שטאַרקסטע עפעקטן און ווי אויסהאַקן אין שטיין די אייגנאַרטיקע כאַראַקטעריסטיק פון זײַנע העלדן. ס'איז אָנצוטאַפּן מיט דער האַנט יעדן שטריך און עס וואַרפט זיך אין די אויגן דער ציטער פון פאַרבאָרגענע נשמה־עלעמענטן. די קאָנטראַסטן

מאַכן בולט דאָס גאַנצע בילד און ברענגען אַרויס אויף דער אויבער־פלאַך די באַהאַלטענע אימפּולסן פון אינערלעכן לעבן. „די האָר פון קאָפּ גרוי, — אָבער מאָדנע יונג; אַ שמייכל פון אַ קינד אויף די ליפּן — און קנייטשעלעך פון אַ זקן אַרום די אויגן". אַנטאַגאָנישע טענדענצן, וואָס זאָגן עדות אויף אַ שטאַרקער נאַטור אין וועלכער עס הויזן קעגנזייטלעכע קרעפטן. די קעלט פון לעבן, וואָס האָט פאַר־שנייט די האָר, האָט נישט איינגעפרוירן די יוגנטלעכע וואַרעמקייט פון האַרצן; און דער קינדערישער שמייכל אויף די ליפּן גיט זיך נישט אונטער די ליידן, וואָס שטראַלן אַרויס פון די זקנישע קנייטשן אַרום די אויגן.

אַזוי, און נישט אַנדערש, האָט געמוזט אויסזען דער העלד פון דער אייגנאַרטיקער דערציילונג. נאָר אַזאַ פיגור האָט געקאָנט פאַרווירקלעכן אַזעלכע טאַטן, און איבערלעבן אַזעלכע אומגלייבלע־כע זאַכן. אין שאַפּיראָס סטיל גיסן זיך האַרמאָניש צוזאַמען אינהאַלט און פאָרם אין איין לעבעדיקן שטראָם, ווי אַ פילקוואַליקער טייַך, וואָס פורעמט אויס און פילט אָן זיינע אייגענע ברעגן. ס'איז דאָס אַמתדיקע און נאַטירלעכע לעבן דערהויבן צו דער העכסטער מדרגה פון קונסט; אָדער קינסטלערישע וויזיע, וואָס פאַרקערפּערט דעם אמת פון לעבן.

אָבער די פאַנטאַסטיק פון חלום האָט איר אייגנטלעכע באַרעכ־טיקונג, דער האַרמידער פון וויזיעס אין שלאָף דריקט אויס באַשטימ־טע טענדענצן, דער אויסערלעכער כאַאָס פאַרדעקט באַהאַלטענע כוונות, און דאָס משונהדיקע פלאָנטער־שפּיל האָט זיין אייגענע לאָ־גיק, זיינע נאַטירלעכע געזעצן.

און שאַפּיראָ גיט דעם שליסל אויף אויפצופלאָנטערן די לאָגיק פון דער האַנדלונג, מיטן בליק פון זיין אינטואיציע באַשיינט ער דעם תהום פון מענטשלעכן האַרצן; ער פאַרמאָגט אַן אויג וואָס אַנט־פּלעקט דעם פאַרבאָרגענעם עצם פון זאַכן.

די סצענע פון דער האַנדלונג איז אַ רוסישע שטאָט אין צײַט פון רעוואָלוציאָנערן אויפברויז, וועלכן מען לעשט מיט בלוט און שאַנד פון יידישע לעבנס. דער העלד איז אַ יידישער סטודענט פון מעדיציו, וועלכן מען בינדט צו צום בעט אין וועלכער עס ווערט פאַר־גוואַלדיקט זײַן אייגענע מוטער. מען רײַסט פון איר לעבעדיקע שטיקער . . .

„וואָס איז אַ האָר אויסגעריסן פון אַ קאָפּ? — פרעגט ער — גאָרנישט, לחלוטין גאָרנישט. און צוויי האָר? און אַ פּאַס־מע, אויסגעריסן מיט איין מאָל? און אַ סך פּאַסמעס לאַנגע, גרויע האָר? . וואָס זײַנען צוויי אַלטע, אײַנגעשרומפּענע ברוסטן? צוויי צניעותדיקע ברוסטן, וואָס האָבן אײַך אויסגע־זויגן, און וועלכע איר האָט קיין איינציק מאָל נישט געזען אויפגעדעקט פון אײַער קינדהייט אָן... רײַסט מען פון זיי שטיקער מיט שמוציקע פינגער פאַר אײַך אין די אויגן...״

די שענדער האָבן נאָכדעם אויסגעשניטן אַ צלם אויפן שטערן פון זון, אים „איבערגעצלמט, כדי צו ראַטעווען זײַן זשידאָווסקע נשמה פון גיהנום״.

זיך אויפגעפלאָנטערט פון די שטריק האָט ער זײַן מוטער דער־זען אין אַ קאָנוווּלסיע פון גרויליקן פּײַן, אין ווייען פון אומפאַר־מײַדלעכן טויט, ער דאַרף איר די יסורים פאַרמײַדן, און מיט אַ שווערן פוס פון צעבראָכענעם טיש גיט ער דעם לעצטן קלאַפּ אי־בערן קאָפּ, און מאַכט אַ סוף צו דער לאַנגזאַמער גסיסה.

„ווער האָט עס געזאָגט, פרעגט דער צלם־מענטש, אַז טויז־זנט יאָר איז מער פון איין מעת־לעת? — איך בין אַלט געוואָרן טויזנטער יאָרן... וואָס האָב איך געטון דעמאָלט? — איך ווייס נישט. איך בין אַרום אין גאַס, און אָט האָב איך זיך געפונען אין די רייען פון זעלבסטשוץ, און אָט — אין דער מאַסע פון פּאָגראָמשטשיקעס. איך האָב זיך געפילט ווי אַ בלעטל גע־

טראָגן פון שטורעם. אויף מײַן שטערן האָט געברענט דער צלם
אין מײַנע אויגן האָט געקלונגען דער פֿײַנלעכער און איינציי־
קער קרעכץ פון מײַן מאַמען אין די הענט פון די מערדער:
„אוי, מײַן זון!"

און אָט זעט ער ווי אַ יונגער שייגעץ מיט אַ האַק אין האַנט
לויפט נאָך אַן אַלטן ייִדן און מיט איין קלאַפּ שפּאַלט ער אים דעם
קאָפּ, און ווען דער אַלטער פאַלט, דריקט צו דער שייגעץ מיט זײַן
שטיוול דעם געעפנטן קאָפּ. אַ ייִדישער יונגערמאַן אין ברילן און מיט
אַ רעוואָלווער אין האַנט שיסט אויפן שייגעץ, און טרעפט נישט.
טראָגט ער צו דעם רעוואָלווער צו זײַן אייגענעם ייִדישן קאָפּ און
שיסט אוים... דער שייגעץ איז אַנטלאָפן מיט אַ משוגענעם געבריל.

„און בײַ מיר האָט זיך אויסגעריסן אַ געלעכטער. מײַן
פּוס האָט זיך אַליין אויפגעהויבן און אַ בריק געטון דעם פאַר־
בלוטיקטן פּגר, וואָס האָט זיך צוזאַמענגעדרייט אויף דער
ערד, ווי אַ צעטראָטענער וואָרעם".

און ווי געשטויסן דורך אַ געהיימניספולער קראַפט האָט דער
צלם-מענטש זיך געלאָזן אויפן וועג צו דער געהיימער קוואַרטיר,
וווּ עס האָבן אָפּגעהאַלטן זיצונגען די חברים פון דער רעוואָלוציאָ־
נערער פּאַרטיי צו וועלכער ער האָט אָנגעהערט. עס האָט אים גע־
צויגן צו מינאַן, אַ טאָכטער פון אַ הויכן רוסישן באַאמטן, וועלכע
האָט צוזאַמען מיט אים אַקטואירט אין דער באַוועגונג. שוין לאַנג
אַז מינאַ האָט באַהערשט זײַן האַרץ, און איר מילדער און ליבער
אָנבליק האָט אויסגעפילט זײַן גאַנץ וועזן. אָבער דאָס איז געווען
צוריק מיט טויזנט יאָר; איצט, ווען מינאַ האָט געעפנט די טיר האָבן
זײַן מוח פאַרגאָסן גאַנץ אַנדערע סענטימענטן.

און ער האָט געטאָן זײַן רוסישער חברטע דאָס זעלבע, וואָס
די מערדער האָבן געטאָן צו זײַן מוטער...

„דערנאָך, דערציילט דער געצלמטער, האָב איך זיך אַ

וואָרף געטאָן אויף אַ שטול און כמעט אין דער זעלבער רגע איינגעשלאָפן, ווי איך וואָלט מיטאמאָל פאַרזונקען געוואָרן אין אַ טיפן וואַסער. קיינע חלומות. ווען איך האָב דערוואַכט, האָב איך באַמערקט, אַז דאָס סטעאַרין־ליכט איז כמעט נישט קלע־נער געוואָרן. איך בין געשלאָפן, וואָרשיינלעך, נישט מער ווי געציילטע מינוטן. אָבער איך בין געווען פריש, מונטער און רואיק. דער אויסגעשריי: „אוי, מיין זון!" האָט מיך ביזן היינטיקן טאָג נישט פאַרלאָזן, אָבער פון דאַן אָן איז ער גע־וואָרן ווייכער, מוטערלעכער. מיין מאַמעס נשמה האָט געפונען אַ תיקון"

## אין די עקסטרעמען פון שגעון

איז עס געווען אַ נקמה־אַקט? — ניין. נקמה איז אַ געפיל, וואָס האָט אַ שטאַרקן צומיש פון אינטעלעקט־עלעמענטן, פון שכל, וואָס דעקט איין די אינסטינקטיווע טענדענצן, וואָס פלאַנט און ריכטעט די אויסברוכן פון די אימפּולסן. די האַנדלונג פון צלם־מענטש — שאַ־פּיראָ האָט אים קיין נאָמען נישט געגעבן — איז געקומען ווי אַן אויסברוך, וואָס שטאַמט פון פיל טיפערע און פרימיטיווערע קוועלן. ס'איז אַ רעאַקציע פון וואַנזין, פון מענטאַלער קאָנפוזיע, ווי אַ רע־פלעקס פון דער שוידער־איבערלעבונג און פון אַרומיקן גייסטיקן צוזאַמענברוך, וואָס האָט פריי־געלאָזן די נידעריקסטע אינסטינקטן, און דעגענערירט און באַשפּיגן דאָס מענטשלעכע וועזן.

די שענדער האָבן אָנט־מענטשלעכט און מיטגעשלעפּט אין תהום אויך זייערע קרבנות, דער מענטש האָט פאַרלאָרן זיין גייס־טיקן גלייכגעוויכט, זיינע מאָראַלישע ווערטן, זיין צלם־אלקים, און איז אַריינגעפאַלן אין די עקסטרעמען פון שגעון:

אײנער שיסט אַרײַן אַ קויל אין אײגענעם קאָפּ, דער צװײטער דערשטיקט זײַן רוסישע געליבטע . . .

עקסטרעמען גײען זיך אָפּט צוזאַמען, װײַל זײ שלאָגן אַרויס, דאָס רוב, פון די זעלבע קװאַלן; זײ גײען אויך גאַנץ אָפט צום זעלבן ציל, הגם מיט באַזונדערע װעגן. אין אונדזער פֿאָלקלאָר איז פֿאַראַן אַן אויסטערלישע ליד װעגן אַ שנײַדערל, װאָס האָט געהאַט אַן אײנאַײנציק טעכטערל, װעלכע ער האָט שטאַרק געליבט. איז דאָס טעכטערל באַפֿאַלן געװאָרן פון צעהוליעטע קאָזאַקן, און דאָס שנײַדערל האָט אין פֿאַרצװײפלטן אויסברוך פון הילפלאָזן צאָרן אַרײַנגעשטאָכן זײַן שאַרפע שער אין ברוסט פון זײַן טאָכטער. „מערדער שמוציקע. נײן, איר קריגט זי נישט, ס'טאָר נישט זײַן גאָטס מתנה פֿאַרפלעקט, און אין פּעסעלעם יונגן הערצעלע, האָט ער די שער ביזן הענטל געשטעקט"... און אַזױ גײט דאָס משוגענע שנײַדערל מיט דער שער אין האַנט, און זוכט זײַן טעכטערל אויף אַלע װעגן...

אינעם מאָרד איז אָפּטמאָל פֿאַרבאָרגן די כּװנה פון זעלבסטמאָרד; און פֿאַרקערט: דער זעלבסטמערדער שטעכט אַרײַן דאָס מעסער אין דער אײגענער ברוסט און איז אויסן צו טרעפן דעם אָביעקט, װעלכן ער טראָגט אין האַרצן. אַ שװאַכע נאַטור ברעכט צוזאַמען בײַ אַ טראַגישער דערפֿאַרונג, און עס רײַסן זיך איבער אין איר נשמה אַלע פֿעדים װאָס דערהאַלטן זי בײַם לעבן. אין אַזאַ צושטאַנד קען די שטראָפֿנדיקע האַנט קעגן מערדער זיך אַראָפּלאָזן אויף זײַן קרבן.

דאָס שנײַדערל האָט צוזאַמען מיט דער טאָכטער אויך זיך גופא אויסגעשלאָסן פון לעבן.

פֿאַר דער קאַטאַסטראָפֿע, װען דער שפּעטערדיקער צלם־מענטש האָט נאָך געהאַט רײן און אומבאַפלעקט זײַן שטערן, איז ער נאָך אַ שמועס מיט מינאַן געגאַנגען צו זיך אַהײם, צו זײַן מוטער, און דערבײַ געטראַכט: „װי מאָדנע עס איז דאָס מזל פון

מענטשן, וועמענס לעבנסוועג ציט זיך פון איין פרוי, וועלכע ער האַסט כמעט, צו אַ צווייטער, וועלכע ער פאַנגט אָן צו ליבן".

און ווירקלעך הויבט אָן דער מענטש זײַן לעבנס־וועג מיט דער ליבע צו דער לײַבלעכער מוטער און טראָגט איבער נאָכדעם דאָס דאָזיקע געפיל אויף אַן אַנדער פרוי, אויף אַ צווייטער „מוטער". אָבער דאָס פאָרבילד פון די קינדער־יאָרן ווערט לײַכט נישט אויס־געלאָשן, עס בלײַבט אַ בענקשאַפט צו די ליבע, האַלב־פאַרגעסענע, שטריכן פון אַ מאַמעס געזיכט און צו דער צערטלעכקייט פון אַן אייגענער מוטער.

ער האָט געהאַט אַ „קאַלטע" מאַמע, האָט ער איר געצאָלט מיטן זעלבן געפיל, און האָט די וואַרעמקייט פון האַרצן איבערגעענטפערט, טראַנספערירט, אויף דער געליבטער. אָבער די מוטער־קאַלטקייט איז געווען נאָר אַ דינער, אויסערלעכער צודעק פון אַײַז, אונטער וועלכן עס האָט געברויזט אַ צערטלעכער קוואַל פון די האַרציקסטע מוטער־סענטימענטן. ווען די מערדער האָבן געריסן לעבעדיקע פּאַסן פון איר אויסגעצערטן לײַב, האָט זי נישט אַרויסגעלאָזן קיין קרעכץ, כדי נישט צו פאַרגרעסערן דעם פּײַן פון איר קינד; און ווען זי האָט צום סוף נישט געקענט אײַנהאַלטן דעם ווייַ און עס האָט פון מויל זיך אַרויסגעריסן דער הילפסלאָזער געבעט: — „אוי, מײַן זון!", האָבן דעם יונג די דרײַ ווערטער „אַרײַנגעדרונגען אין די אָדערן און אָנגעצונדן דאָרט אַ העליש פײַער" — אַ פײַער, וואָס וועט ברע־נען אַ גאַנץ לעבן.

אַ שטאַרקע נאַטור האָט הייסע בלוטן אין די אָדערן, און ווייס נישט פון קיין לעבלעכער און פאַרוועער גאָלדענער מיט; אין זײַן אַמביוואַלענץ פון פּאָזיטיווע און נעגאַטיווע געפילן, קען דערגיין זײַן ליבע ביז מסירת־נפש און זײַן שנאה ביזן טויט. און דאָרט ווו עס הויזן די דאָזיקע צוויי טענדענצן אין איינעם און דעם זעלבן האַרצן, קומט אויסערלעך אַ קאַלטער צודעק פון אײַז, וואָס זאָל דעם קאָכיקן שטראָם פון די בלוטן צוימען און אײַנהאַלטן אין די ברעגן.

ג. סאַפּאָזשניקאָוו

# צוריק צו דער לייבלעכער מוטער

ביים טויטן בעט פון זיין פּאַרפּייניקטער מוטער זײַנען אין אים מיטאַמאָל אָפּגעשטאָרבן אַלע נײַע, דעראָבערטע און „דערוואָקסענע" געפילן; עס האָבן זיך אויסגעלאָשן אין אים אַלע אויסגעלערנטע תורות, ס'איז פאַרשוווּנדן דער נײַער גלויבן אין מענטשן, עס האָבן אויסגערונען די פאַרשוועכטע און באַשפּיגענע אידעאַלן; ס'איז אויפגעריסן געוואָרן די בריק פון אַפעקטן און געפילן, וואָס פאַר־בינדן דעם מענטשן מיט דער אויסערלעכער וועלט און די „טראַנס־פערירטע" סענטימענטן, וועלכע האָבן זייערע ליבע־שטראַלן דורש־טיק געשטערקט צו מענטשן, זײַנען ווי אין אַ קראַמפּ אײַנגעשרומפּן געוואָרן און צוריקגעפאַלן צו זייער אור־קוואַל, צום אָנהויב, צום מקור: צו דער מוטער — און צוזאַמען מיטן פאַרצווייפלטן אויס־געשריי „אוי מײַן זון!", האָט דער געצלמטער ווי אַ קינד טיף אַרײַנ־גענומען דער מאַמען צו זיך אין האַרצן, זיך מיט איר אידענטיפי־צירט, אין איין נשמה מיט איר זיך צוזאַמענגעגאָסן.

אין אַ נאָרמאַלן צושטאַנד זײַנען די אַנטאַגאָנישע געפילן פון דער אַמביוואַלענץ, פון ליבע און שנאה, פון לעבן און טויט, פון גלויבן און צווייפל, האַרמאָניש צוזאַמענגעגאָסן אין דער נשמה פון מענטשן, ווי אין אַ זון־שטראַל די פאַרבן פון רעגנבויגן.

אין אַן אומנאָרמאַלן צושטאַנד ווערט צעפאַלן די פאַרבינדונג, און יעדער אינסטינקטיווער אימפּולס גיסט זיך אַריבער איבערן ראַנד, אָן אַ צוים, אָן אַ קאָנטראָל, אָן אַ נייטראַליזירנדיקער ווירקונג פון די אַלע אַנדערע נשמה־עלעמענטן. „יעדעס טראָפּן בלוט, וואָס זי פאַרלירט אַצינד — זאָגט דער געצלמטער — פליסט אַרײַן דורך אומבאַקאַנטע וועגן אין מײַנע אָדערן" און עס ווערן פאַר־

טריבן פון הארצן אַלע סענטימענטן, וואָס האָבן אים פאַרבונדן מיט וועלט און מיט מענטשן

**די מוטער איז אָפּגעגאַנגען אין בלוט, און דער זון האָט פּסיכיש דורכגעמאַכט דעם זעלבן פּראָצעס און איז אויסגעליידיקט געוואָרן פון אַלע לעבן־ און ליבע־אַפעקטן.**

דער געצלמטער האָט איבערגעלעבט ביי דער גסיסה־בעט פון זיין מוטער א מאָראַלישע קאטאסטראָפע, א וועלט־אונטערגאַנג, ווי אַן אויסדרוק פון צוזאַמענברוך פון זיין אייגענעם אינערלעכן און גייסטיקן לעבן. די שענדער האָבן אומגעבראַכט דעם „מענטש" אי־נעם מענטשן, איז געבליבן פאַר דער „צווייטער" מוטער און צוזאַמען מיט איר, פאַר דער אַרומיקער פיינטלעכער וועלט, בלויז דער נעגאַ־טיוו פון דער אַמביוואַלענץ, דער דורשט פון רויען אינסטינקט, די בלינדע שנאה, דער ברענענדיקער צאָרן...

## אונטערן טראַגישן צייכן
## פון פּאָגראָם - קאָשמאַר

דער הארצרייסנדיקער בלוטיקער וויי „אוי, מיין זון", וואָס האָט אַזוי טיף פאַרוווּנדעט דאָס האַרץ פון זיין העלד, ווערט דער רויטער פאָדעם, וואָס ציט זיך ווי א טראַגישער שאָטן איבער לאַמעד שאַפּיראָס גאַנץ קינסטלערישן שאַפן. ער קאָן פון דעם געשפּענסט זיך נישט באַפרייען און דער פּאָגראָם־קאָשמאַר האַלט איין אין א פינצטערן שלייער זיין גאַנץ וועזן. ווי אין א צושטאַנד פון צוואַנג־נעווראָז ווערט ער דאָמינירט און באַהערשט דורך דער איינציקער אידייע, און חזרט איבער, און קערט זיך אום ווידער, צו דער טעמע. די שווידער־וויזיע פון פּאָגראָם גייט אים נאָך טריט ביי טריט. „קיינ־מאָל — זאָגט דער צלם־מענטש — קיינמאָל נאָך איז א מענטשלע־

כער קערפּער פון מאַן און פרוי אַזוי נישט באַשפּיגן און דער־נידעריקט געוואָרן". ער פילט דעם שפּיי אין זיין נשמה, דער צער און צאָרן ברויזט אַרויס פון זיינע ווערק, ס'איז אַ האַרצרייסנדיקער פּאַטאָס וואָס מאָנט אַ משפּט, וואָס רופט צום געוויסן פון וועלט און מענטש...

אין אַ דערציילונג „דער קוש" האָט אַ פּאָגראָמשטשיק גע־שטעקט זיין שמוציקן פּוס אַ ייִדן אין מויל, און אים פאַרזיכערט צו שענקען דאָס לעבן אויב ער וועט אַ קוש געבן. און דער ייִד האָט אַ קוש געטאָן מיט די ציין אין פלייש אַריין, ביזן ביין, און ווען מען שפּאַלט דעם ייִדן דעם קאָפּ, פאַרשטשימעט ער דעם טויטן מויל, אין וועלכן דער מערדער גייט אויס אין פּיין און גרויל.

„שפוך המתך" איז אַ האַרצרייסנדיקער געשריי ווי פון אַ פאַר־וווּנדעטער חיה, וואָס בייסט איין דעם אייגענעם לייב אין הילפלאָזן צאָרן. פּאָגראָם־קרבנות האָבן זיך געראַטעוועט מיטן לעבן און פּראָווען די סדר־נאַכט אין דער פרייער אַמעריקע. אָבער זיי טראָגן דעם אומגליק אין זיך, עס דאַרף קומען די פרוכט פון אַ גוייִשן פאַר־ברעכן, וועלכן די ייִדישע פרוי טראָגט אונטער איר האַרצן; און דער שפוך המתך על ה־גוי־ים ברעכט אויס מיט אַ בלוטיקן געיאָמער, זוי אַ קללה דורך פאַרקריצטע ציין, ווי אַ פאַרביסענער כריפּען פון אַ האַלדז אונטערן מעסער פון שעכטער.

לאַמעד שאַפּיראָ האָט געפילט, אַז די פּאָגראָם־טעמע פאַר־פאָלגט אים, און פאַרצווייפלט געפּרוווּט זיך באַפרייען פון איר. „שאַפּיראָ — האָט ער אַליין איראָניזירט איבער זיך — מיינט, אַז ער איז דאָס געוויסן פון דער ייִדישער ליטעראַטור, און לעבט אין זכות פון זיין אַמאָליקן צלם" און ער וואָרנט — זיך נישט איבערחזרן, זוייל איבערחזרונג מיינט זיך אַליין נאָכמאַכן. און ער שרייבט אַ גאַנצע ריי דערציילונגען אויף אַנדערע, „געוויינלעכע", טעמעס, און כאָטש ער פאַרלירט נישט די מאָלערישע קראַפט פון זיין סטיל,

פעלט אָבער אין זיי זײַן ברויזנדיקער צאַפּל פון געפיל, דער פולסי־רנדיקער ציטער פון געמיט, וואָס קוועלט מיט עמאָטיווער קראַפט ווי אַ הייסער שטראָם, וואָס שלאָגט אַרויס פון דער נשמהדיקער טיף.

כאַראַקטעריסטיש פאַר דעם דאָזיקן זשאַנר איז די דערציילונג „רויך"; אַן אַרכיטעקטאָניש מײַסטערווערק, וואָס זאָגט עדות אויף דער קינסטלערישער ווירטואָזיטעט פון מחבר, וועלכער בויט אויף אַ פּרעכטיקן בנין אָבער אויף אַ גאַנץ שוואַכן אומזיכערן באָדן, אויף אַ מין ניהיליסטישער אידעע, וועלכע לאָזט זיך לײַכט אָפּפרעגן. דער הויפּט־געדאַנק פון דער דערציילונג איז, אַז אַלץ איז — רויך. דאָס לעבן איז נישט מער ווי רויך, טאַקע גוט; אָבער — רויך...

די דערציילונג פאַרמאָגט אַלע קינסטלערישע אַטריבוטן: שאַרפזיניקע מעטאַפאָרן, רייצנדיקע פאַרגלײַכן, שטאַרקע שילדע־רונג, אַ זאַפטיקע קלאָר־קערנדיקע שפּראַך און בולט־געצייכנטע טיפּן, און אַ סיפּור־המעשה וואָס וויקלט זיך לאָגיש און אָנציִענדיק; מיט איין וואָרט — אַן אימפּאָנענטע קינסטלערישע געבײַדע פון וועלכער עס ווייעט אָבער מיט צו פיל קאַלטן שכל, מיט צו פיל גע־מאָסטענעם סטיל, אָן דעם רוח־החיים פון אוממיטלבאַרן נאַטירלעכן לעבן, אָן אינטואיציע פאַר טיפערער פאַרבאָרגענער איבערלעבונג, אַזוי אַז די פּערסאָנאַזשן זענען צום סוף אויס ווי קינסטלעך צוגע־טראַכטע, אויף צו באַרעכטיקן די אידעע, אַז אַלץ איז — רויך.

די אַלע בילדער פון דעם זשאַנר האָט שאַפּיראָ געזען מיט די פיזישע אויגן, און זיי קינסטלעריש געפורעמט מיטן כוח פון זײַן פאָרשטעלונגס־קראַפט.

**די פּאָגראָם־געשעענישן האָט ער אויפגענומען מיט די אינער־לעכע אויגן פון זײַן אינטואיציע, האָט זיי געדיכט אָנגעלאָדן מיטן ברענשטאָף פון זײַנע אַפעקטן, און זיי באַזעלט מיטן אָטעם פון איי־גענעם האַרצן.**

די ערשטע, האָט ער געמאָלט מיט פאַרבן, די צווייטע — מיט

בלוט; אין די ערשטע, איז ער נאָך איין שרײַבער ביי ייִדן, אין די צווייטע — לאַמעד שאַפּיראָ!

אין די פּאָגראָם-דערציילונגען קומט צום פולן אויסדרוק די פּערזענלעכקייט פון מחבר, זײַן שעפערישער מהות, וואָס שעפּט זײַן טעמאַטיק פון די טיפערע ספערן, און אַנטפּלעקט ברייט און אומגעצוימט זײַנע געפילן, און עס באַקומען אין זיי אַ תיקון זײַנע פאַרבאָרגענע און אומבאַוווּסטזיניקע טענדענצן.

## ייִדישע פּיש און ייִדישע „פליייש"...

לאַמעד שאַפּיראָ ראַנגלט זיך פאַרצווייפלט מיטן פּאָגראָם-קאָשמאַר, וואָס גייט אים נאָך, ווי אַ קלעפּיקער שאָטן, ער וויל פון זיך אָפּטרייסלען די לאַסט, און אין מאָמענטן ווען עס באַקומט איבערוואָג זײַן שאַרף-שפּיציקער שכל מאַכט ער זיך פאַרוואָרפן, אַז ער איז אַרײַן אין דער ייִדישער ליטעראַטור „מיט אַ קוויטש", און וויל מער קיין קוויטשן נישט מאַכן. ער קען אָבער פון דער אייגענער נאַטור זיך נישט אויסשיילן, ער קען זיך נישט אויסטאָן פון דער טעמע, און ווערט מיטגעריסן מיט דעם גרויל פון פּאָגראָמען. ער איז מיט זײַן טעמע ווי געבוירן געוואָרן, האָט זיך אידענטיפיצירט מיטן קאָשמאַר, און לעבט קינסטלעריש זיך אויס אינעם שווידער.

ס'איז ייִדישער שווידער...

איינע פון שאַפּיראָס גרעסטע פּאָגראָם-דערציילונגען הייסט „ייִדישע מלוכה". סאַ'יז אַ מלוכה וואָס לעבט אונטערן חותם פון פּאָגראָם, אין אַ סביבה פון פּאַנישער שרעק, אונטער אַ הימל וואָס האָגלט מיט שפּאָט, פּײַן און שאַנד אויף ייִדן. אין איינעם דערוועקט זיך אַ שטורמישער פּראָטעסט, ער וויל מער נישט טראָגן דעם יאָך, און גיסט אויס דעם צאָרן אויף די שענדער צוגלײַך מיט זייערע קרבנות.

דעם רבס זון גייט אַוועק צו אַ פּאָגראָם־באַנדע, מיט אַ הינטער־געדאַנק, ווי עס שיינט, צו קענען שפּעטער אויך אויסראָטן די גוייִם. אין „צווישן פעלדער" ווערט אַראָפּגעלאָזן אַ צוג מיט סאָלדאַטן פון די רעלסן; און אין „רחל מבכה על בניה", געשריבן אין די לעצטע מאָנאַטן פון זיין לעבן, און געבליבן נישט פאַרענדיקט, האָט אַ ייִד געמאַכט פּאָגראָמען אויף גויים, ער ווערט אָבער געכאַפּט און פאַר־משפּט צום טויט. די מוטער באַוויינט אים, דער זון האָט „מיט בלוט אַ שאַנד געוואָלט אָפּוואַשן", און דערפאַר באַצאָלט מיט זיין לעבן...

מיט אַן אומפאַרגלייכלעכער קראַפט פון זיין קינסטלערישער וויזיע, ווייזט שאַפּיראָ ווי אין פינצטערע נשמות קלייבן זיך דראַענ־דיקע פלעקן, ווי זיי פאַרוואַנדלען זיך אין וואָלקנס גיפטיקער שנאה, פאַרגיסן די שוואַכזיניקע מוחות און ברעכן צום סוף אויס אין אַ שטורעם פון שגעון. אַזוי איז „ווייסע חלה" אַ מין קאָלעקטיווער דע־ליריום דערהויבן צו דער מדרגה פון אַ קינסטלערישער געשפּענסט־מצבה אויף די קברים פון פאַרפייניקטע און געשענדעטע קדושים. ווען וואַסיאַ איז געווען נאָך אַ קליין שגצל האָט ער געוויינט ווען אַ שכן האָט אַ הונט געשלאָגן. ער האָט אָבער זיך אָפּגעוווינט פון דער נאַרישער מידה, אין שטוב האָט דער באַטקאָ די מאַמען געשלאָגן, די קינדער האָבן זיך געשלאָגן פאַר אַ שטיקל ברויט, די שכנים פאַר אַ סנאָפּ זאַנגען. קיין ברויט איז נישט געווען צו דער זעט, און חלה האָט ער נאָר געזען אין שטעטל ביי ייִדן. און אָט איז וואַסיאַ אַ סאָל־דאַט, מען שלאָגט זיך און מען הונגערט ווידער, ווייל אַלץ, זאָגט מען, האָבן צוגענומען די זשידעס. די אַרמיי טרעט אָפּ, און לאָזט אויס איר צאָרן צום „שונא פון קיסר און פון פאָטערלאַנד", — צו ייִדן. רייסט זיך אַריין וואַסיאַ אין אַ ייִדישער שטוב, אַ פרוי באַווייזט זיך, מיט איין פליק רייסט ער פון איר אַראָפּ דאָס קלייד, און

„עס האָט געגעבן אַ פינקל אין זיינע אויגן צום בלינד ווערן. אַ ווייסע ברוסט, אַ געטאָקטע זייט, אַ פולע קיילעכיקע

היפּט — אַלץ בלענד־ווײַס און פּוכקע, ווי ווײַסע חלה. צום טײַוול — אַט די זשידעס זײַנען אין גאַנצן געמאַכט פון ווײַסער חלה!... וואַסיעס ציין האָבן זיך צונויפגעשטשימעט און גענומען זיך שאַרפן, און פּלוצים האָבן זיי זיך פאַנאַנדערגענומען, און זיך אײַנגעביסן טיף, טיף אין ווײַסן פלייש...״

די דאָזיקע שוידער־סצענע פון דער קאַניבאַלן־סעודה פאַרענדיקט זיך מיט פאָלגנדיקע ווערטער אָנגעפילט מיט גיפטיקן סאַרקאַזם און האַרצרײַסנדיקן צאָרן: „זײַלן רויך און זײַלן פלאַם האָבן געשטיגן צום הימל פון דער גאַנצער שטאָט. שיין האָט געברענט דאָס פײַער אויפן גרויסן מזבח. די געשרייען פון די קרבנות - לאַנגע, געצויגענע, ענדלאָזע — זײַנען געווען זיס אין די אויערן פון אַ גאָט אַזוי אײביק ווי דער אײביקער גאָט. און די צאַרטע טײלן, שענקל און ברוסט, האָט געקראָגן דער כהן״.

און דער צאָרן איז נישט בלויז צום הימל געווענדעט; שאַפּיראָס העלדן זײַנען פול מיט מענטשלעכער ווירדע, ווען דער פּחד באַהערשט זיי פאַרקריכן זיי טאָקע ווי מײַז אין די נאָרעס, אָבער ווען מען רירט אָן דאָרטן עפּעס אַ געהײמע סטרונע אין האַרצן, גייען זיי אויף קידוש השם, זײַנען זיי זיך מוסר נפש פאַר זייער ערע. דער העלד פון אויבנדערמאָנטן „קוש״ באַהאַלט זיך אונטערן בעט אין דער אַנוועזנהײַט פון די כוליגאַנעם, אָבער ווען אַ גוי הייסט אים קושן זײַן פּוס שלעפּט ער אים מיט מיט־זיך אין קבר. אַ שוחט נעמט פּחדנותדיק אויף די קלעפּ פון אַ פּאָר שקצים, אָבער ווען זיי זײַנען אים גראָב מבייש, דערשטיקט ער זיי מיט די אייגענע פינגער.

## ייִד און גוי...

ביילקע, אַ נײַן־יאָריקע מיידעלע, שפּילט זיך צווישן די קברים פון „דער טויטער שטאָט״, ווו איר זיידע איז שומר. איר קינדישער

געלעכטער פּאַריאָגט די שוואַרצע שאָטנס פון די מצבות און דער־פרייט די נשמות פון די מתים. איר פרייד האָט אַרײַנגעבראַכט אַ ווייכע, פרידלעכע שטילקייט אין דער טויטער שטאָט; אָבער גאַנץ אָפט ווערט דאָס קינדערשע פּנימל פאַרוואָלקנט, דאָס שטערנדל פאַרקנייטשט, זי וויל זיך עפּעס דערמאָנען, „עפּעס האָט געטראָפן... עפּעס געווען אַמאָל... אָבער וואָס געווען? ווען געווען?"...

אַ קינד — האָט פאַרגעסן!... נאָר איינמאָל האָט פּאַסירט אַזאַ געשיכטע: אַ שייגעצל אין אירע יאָרן איז אַרויף אויפן בית־עולם מיט איר זיך שפּילן. איז אַ זומער־פייגעלע פאַרבײַגעפלויגן, האָט יאַשקע עס געכאַפּט אין הענטל, און מיט פאַרגעניגן זיך צוגעקוקט ווי דאָס נפשל האָט אין זײַן האַנט געזשומעט און זיך געראַנגלט. דאָס מיידעלע איז פאַרציטערט געוואָרן — לאָז אָפּ, לאָז אָפּ, דאָס נשמהלע! האָט זי געשריען, אָבער יאַשקע האָט נישט אָפּגעלאָזן, דאָס פייגעלע צעקוועטשט און אַוועקגעוואָרפן.

„אין איין מאָמענט איז ביילקע אויפגעשפּרונגען פון אָרט.
איר געזיכט איז געוואָרן טויט־בלאַס, די בלויע אייגעלעך — פינצטער און טיף, און צווישן די האַלב־געעפנטע ליפּעלעך האָבן געפינקלט צוויי ציילן שאַרפע, ווײַסע, צוזאַמענגעדריקטע ציין. און באַלד האָבן די ציין טיף זיך אײַנגעשניטן יאַשקען אין האַנט".

. . . און זי האָט זיך דערמאָנט... מיט יאָרן צוריק איז עס גע־ווען... גויים זײַנען באַפאַלן די שטוב, דעם טאַטן געשפּאָלטן דעם קאָפּ, אַ גרויסער גוי וואַלגערט זיך אויף דער מאַמעס בעט, געשרייען פון דער מוטער, און זי, ביילקע, גנבעט זיך צו צום בעט און בײַסט זיך אײַן מיט די ציין אין גוייִשן לײַב „מיט פאַרמאַכטע אויגן און פאַרגייט זיך אין ווילדן שיכורן פאַרגעניגן".

זיך דערמאָנט... די קאָשמאַר־איבערלעבונג איז געווען אַרויס־געשטויסן פון באַוווסטזײַן, ווי אַ בייזער חלום וועלכן מען וויל פאַר־

געסן, ווי אַ געשפּענסט וועלכן מען וויל נישט זען פאַר די אויגן. אָבער דער אומגליק איז געווען נאָר פאַרגעסן, אָבער נישט פאַרטריבן; אין די טיפענישן פון אומבאַוווסטזיין האָט ער זיך פאַרטאַיעט און געוואַרט נאָר אויף אַ געלעגנהייט אַרויפצוקומען אויבן. און ער איז אַרויפגעקומען. דאָס צעקוועטשטע זומער־פייגעלע אין שגצלם האַנט האָט אויפגעוועקט אין זכרון דאָס בילד פון דער אומגליקלעכער מוטער. ס'איז געשען אין די ערשטע יאָרן פון איר קינדהייט; אָבער אויפן אָרט פון זומער־פייגעלע איז איר מאַמע געווען...

אָבער זי קען שוין מיט דעם שוידער־בילד אין האַרצן נישט לעבן — מאַמעלע! מאַמעלע! שרייַט זי פאַרצווייפלט, און עס צעטראָגט איר געשריי אַן עכאָ פון אָפּגרונט...

פּסיכאָלאָגיש איז „אין אַ טויטער שטאָט" טיפער און קינסטלעריש שלימותדיקער ווי די געשיכטע מיטן צלם־מאַן, נישט מער, דער געצלמטער האָט „פאַרגוואַלדיקט" אַן אידעע, און דערפאַר האָט עס אַרויסגערופן אַזאַ אויפברויז און שטורעם אין יידישן וועלטל. די דערציילונג איז געשריבן אין אַ האַרציק־לירישן טאָן, וואָס שטרייַכט אונטער און מאַכט נאָך שאַרפער די אינערלעכע טראַגיק. אַ וווּנדערבאַרע מעלאָדיע פון פרילינגדיקע פאַרבן און טענער — אויפן באָדן פון אַ טויטער שטאָט; אַ זאַרגלאָזע פרייד פון קינדערשן געלעכטער — און אַ האַרץ, וואָס איז דורכגעשטאָכן פון אַ שוידער־איבערלעבונג. און די דעראַינערונג האָט די וווּנד געעפנט און די פרייד אויסגעלאָשן, ווי אַ שטורעם לעשט אויס דעם שוואַכן שייַן פון אַ ליכט...

און בייַ שאַפּיראָ האָט די וווּנד אין האַרצן געבלוטיקט דאָס גאַנצע לעבן. ער האָט דעם ווייטיק און צאָרן אויסגעזיפּצט אין זייַנע שאַפונגען, אויסגעלאָדן אין זייַנע קינסטלערישע זעאונגען. ער איז אַרייַן אין דער יידישער ליטעראַטור ווי אַ „פּאָגראָמשטשיק", און דער פּאָגראָם־קאָשמאַר האָט אים באַגלייט פון וויג ביזן גרוב.

# אַ גואל - הדם מאַנער

מיר פֿאַרמאָגן ווייניק ביאָגראַפֿישע דאַטן וועגן שאַפּיראָן, אי־בערהויפּט פֿון די קינדער־יאָרן. און זיכער איז, אַז נאָר אַן איבערלע־בונג אין דער פֿריִער יוגנט קען איבערלאָזן אַזאַ טראַגישן שטעמפּל אין האַרצן, און אויפֿן גאַנצן לעבן זיך אײַנקריצן אין זכרון.

עפּעס האָט געטראָפֿן... עפּעס געווען אַמאָל... אָבער וואָס גע־ווען?... ווען געווען?... דאָס ווייסן מיר נישט.

אגב, איז אונדזער כוונה נישט צו מאַכן קיין דיאַגנאָז פֿון קינסטלער, נאָר פֿון קונסטווערק, און אונדז אינטערעסירט נאָר אויף אַזוי־פֿיל דער שרײַבער, אויף וויפֿל ער אַנטפּלעקט זיך אין זײַנע ווערק, אויף וויפֿל זײַן פּנים שײַנט אַרויס און באַווירקט זײַנע קינסט־לערישע סימבאָלן, אויף וויפֿל זײַן גײַסט שוועבט אַרום איבער די שורות. אויף דער באַזע פֿון שפּעטערדיקע ביאָגראַפֿישע ידיעות קע־נען מיר זיך אויפֿשטעלן אַ מער־ווייניקער קלאָר בילד פֿון דער רעט־זעלהאַפֿטער שאַפּיראָ־געשטאַלט, וואָס האָט נאָך אַלס יונג בחורל איבערגעלעבט אין זײַן געבורטס־שטאָט אַ פּאָגראָם־פּאַניק, כאָטש צו קיין בלוטיקע מעשׂים איז עס דאָרט נישט דערגאַנגען. מעגלעך, אַז די דאָזיקע איבערלעבונג האָט זיך שוין אָפּגעשפּילט אויף אַ צעטריי־סלטן פּסיכישן באָדן, וואָס איז געווען פֿאַרוווּנדעט דורך אַ וואָסערער נישט איז פֿײַנלעכער דערפֿאַרונג אין די ערשטע קינדער־יאָרן.

אַ פֿאַקט איז, אַז צו די 19 יאָר האָט ער שוין געפּרוּווט זיך נעמען דאָס לעבן איבער אַן אומגליקלעכער ליבע, און איז שפּעטער אויך קיינמאָל נישט בכוח געווען אונטערצוהאַלטן זײַן לעבן מיט די אייגענע קרעפֿטן. די פֿרוי איז יאָרן־לאַנג געווען די פּרנסה־געבערן אין הויז, און נאָך איר טויט איז ער ווי צום צווייטן מאָל אַ יתום געוואָרן, און פֿלעגט מיט טיפֿן צער זאָגן: „פֿריידל, פֿריידל, למה עזבתני?"

מעגלעך אַז אויף צו קאָמפּעניִרן זײַן קאָנסטיטוציאָנעלע שוואַכקייט און געבראָכן געמיט, האָט ער מיט אַזאַ אײַפער געקלאַ־מערט אין זײַן דמיון מוטיקע און שטאַרקע געשטאַלטן, און האָט אין די פּאָגראָם-דערציילונגען אַרויסגעבראַכט פעסטע און שטאָלצע העלדן. יאָרנלאַנג האָט ער זיך אַרומגעטראָגן מיט אַ געדאַנק צו איי־בערראַשן די וועלט מיט אַ דערפינדונג, און זיבן יאָר האָט ער געאַר־בעט אויף אַן אַפּאַראַט וואָס זאָל קענען פאָטאָגראַפירן קאָלירן. און ווען די דאָזיקע אונטערנעמונג איז דורכגעפאַלן, האָט ער זיך גענו־מען צום ביטערן טראָפּן.

די דאָזיקע פאַקטן דעקן אויף די פּערזענלעכקייט פון קינסטלער, און העלפן אונדז טיילווײַז אַרײַנדרינגען אין סוד פון זײַן שאַפונג.

אין דער יוגנט אַ פּרוּוו צו באַגיין זעלבסטמאָרד, אין רײַפן על־טער אַ „דערפינדונג", און צום סוף, דער פאַרצווייפלטער דראַנג צו געפינען רו און פאַרגעסונג אין בראָנפן. די דערפינדונג איז אַן אוני־ווערסאַלער סימפּטאָם, וואָס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר אַ באַ־שטימטן פּסיכישן צושטאַנד. דאָס איז אַ קאָמפּענסאַציע-מעכאַניזם קעגן געפיל פון פּחד און אַנגסט, וואָס שווענקט אונטער דעם גלויבן אין די אייגענע קרעפטן. ווען די פּערזענלעכקייט ווערט צוזאַמענגע־בראָכן אין די קראַמפּן פון מרה-שחורה און פאַרצווייפלונג, כאַפּט זיך אַן דער זינקענדיקער „איך" אין אַן אילוזאָרישן מיטל און שפּײַזט די זעלבסטליבע און זעלבסטווערדע מיט אַ דעלירייום פון „דערפינדונג". שאַפּיראָ האָט נישט געהאַט דעם נייטיקן טעכנישן וויסן, און נישט די טעכנישע מיטלען, אויף צו דערפינדן אַ מיטל צו פאָטאָגראַפירן קאָלירן. ער האָט אָבער נאָך אַלע אַנטוישונגען און דורכפאַלן פאַר־צווייפלט זיך געקלאַמערט אין דער אילוזיע, וואָס זאָל אים דערהאַלטן בײַם לעבן.

ער האָט זיך געפילט אָפּגענאַרט און איינזאַם אויף גאָטס וועלט, האָט ער זיך געשאַפן אַן אייגענע וועלט פון „גרויסע" אויפטוען און אידעאַלן.

און צום סוף — דאָס זוכן אַ טרייסט אין דער משקה אויף צו פֿאַרגעסן און פֿאַרגעסן דעם אָנגעטלעכן טרויער, וואָס האָט געצויגן די נשמה צום אָפּגרונט. נישט בלויז פֿון זײַנע פּאָגראָם־בילדער קוקט אַרויס די מאַסקע פֿון טויט מיט גלעזערנע אויגן; אויך פֿון זײַנע אַלע אַנדערע שאַפֿונגען ווייעט מיט אַ שווערן גערמיט. זײַן „אויפֿן ים" איז אַ מעכטיק געזאַנג צו דער נאַטור, אַ ווונדערבאַרע סימפֿאָניע וואָס איבעררעשט מיט דער טיפֿקייט פֿון געפֿיל און מיט דער קראַפֿט פֿון מענטשלעכן וואָרט, וואָס לאָזט אונדז הערן דעם גרויסן סוד פֿון דער נאַטור און דעם אייביקן רויש פֿון די וועלן. אָבער ס'איז אַ סימפֿאָניע געשריבן אין אַ שווערן מינאָר־טאָן, וואָס ווייעט אָן פּחד פֿאַר דער גרויזאַמער סטיכיע, וואָס שרעקט אָן מיט ימישן תהום, וואָס מאַכט אָפּהענטיק און אומבאַהאָלפֿן דעם מענטשן, ווי אַ שפּילצײַג אין די הענט פֿון בלינדן גורל.

די נשמה פֿון קינסטלער איז אײַנגעהילט אין אַ שווערן שאָטן פֿון אַנגסט, וואָס שטאַמט און וואָס שפּײַזט זיך מיט די גרוילן פֿון פּאָגראָמען, מיט די בילדער פֿון שאַנד, וואָס האָבן מיט טרויער פֿאַרגאָסן זײַן געמיט, אים פֿאַרפֿאָלגט מיט זייער געשפּענסטיקן שווי־דער, און ער איז געוואָרן אין דער ייִדישער ליטעראַטור דער גואל־הדם־מאָנער.

ר' נתן האַנאָווער, פֿון זאַסלאָוו, וועלכער האָט איבערגעלעבט די פּאָגראָמען אין אוקראַינע אין 17טן י"ה (גזרת ת"ח), בעת וועלכע כמעלניצקים באַנדעס האָבן אויף אַ שווידערלעכן אופֿן אומגעבראַכט אַריבער אַ האַלבן מיליאָן ייִדן, זאָגט פֿרום־צניעותדיק אין זײַן ספֿר „יון מצולה", אַז דאָס וואָס די קאָזאַקן האָבן געטאָן צו ייִדן, טאָר מען פֿון מויל נישט אַרויסברענגען, כּדי דעם נאָמען מענטש נישט פֿאַרשוועכן...

יאָ, ייִדן האָבן זיך געשעמט די שאַנד־מעשׂים אַרויסברענגען פֿון מויל, אָבער זיי זײַנען אין זכּרון פֿון פֿאָלק נישט פֿאַרגעסן געוואָרן.

די גזירות און פֿאַרפֿאָלגונגען פֿון יעדן טאָג, די שחיטות אין יעדן דור, האָבן אָן אויפֿהער די מעשים דערמאָנט, און די דראָענדיקע וואָלקנס איבערן ייִדישן קאָפּ האָבן אין לעצטן יאָרטויזנט נישט אויפֿגעהערט צו שרעקן מיט אַן אויסברוך.

## אַ „ספּעציפֿישע" סטרוקטור אין דער עקאָנאָמיק; אַ „גלות־קאָמפּלעקס" אין דער פּסיכיק

ייִדן האָבן זיך געשעמט וועגן די מעשים פֿון שאַנד און רשעות־הגויִים צו ריידן, זיי האָבן דעם נישט־אויסגעלאָדענעם פּחד און צער פֿון באַוווּסטזײַן פֿאַרטריבן, אָבער ער איז געבליבן שטעקן אין די אומבאַוווּסטזיניקע ספֿערן, און האָט פֿון דער באַהאַלטענער נשמה־טיף מיט טרויער אַרויסגעקוקט פֿון די ייִדישע אויגן.

ישׂראל אַשענדאָרף האָט אַ דערציילונג וועגן אַ ייִדישער קאַץ *) — אַ גילגול פֿון אַ ייִדן. אַ ייִד האָט אין נאַצישן לאַנד אויף זײַן ביטערן גורל געקלאָגט און זיך מתקנא געווען אין דער קעצישער משפּחה, וואָס האָט מער חשיבות בײַ גאָט און מער פֿרײַהייט בײַ לײַטן. און גאָט האָט פֿאַרנומען זײַן געבעט און אים אין אַ קאַץ פֿאַרוואַנדלט. אָבער הינט האָבן דערשמעקט, אַז עס קוקט אַרויס אַ ייִד אין די אויגן פֿון דער קאַץ, און אויף איר מיט געבייזער זיך געוואָרפֿן. די קעץ האָבן זי נישט אַרײַנגענומען אין געזינדל, זי האָט „ייִדישע אויגן". און די מענטשן האָבן אין די אויגן דערקענט דעם טרויער פֿון אַ ייִדן, און זי מיט שטעקנס פֿאַרטריבן. אַפֿילו די מײַז האָבן אויפֿגעהערט זיך צו שרעקן פֿאַר דער קאַץ און מיט חוזק אַרײַנ־

*) „די אויסטערלישע געשיכטע וועגן חיים־חייקל די קאַץ" — „די צוקונפֿט", פֿעברואַר 1952.

געקוקט אין אירע פּאַראומערטע ייִדישע אויגן. צום סוף, איז דער קאַץ נמאס געוואָרן אַזאַ קעציש לעבן, און זי האָט באַשלאָסן צו טיילן דעם גורל פון ייִדן . . .

יאָרהונדערטער פאַרפאַלגונגען, בלוטיקע רדיפות, שפּאָט און שאַנד; אומצייליקע דורות געברענטע אין די פייַערן פון פּאָגראָמען, האָבן געמוזט איבערלאָזן אַ פינצטערן פלעק אויף דער נשמה פון ייִדן, און כאָטש ער פאַרטרייַבט די בייזע מחשבות פון קאָפּ און וויל נישט פאַראומווירדיקן די ליפּן מיט מעשים פון רשעות, פלעמלט דאָך ציטעריק אַרוים דער שאָטנדיקער פלעק פון זייַנע אויגן, אַז אפילו אין אַ קעצישער פעל דערקענט מען דעם ייִדן.

אַ טיפער פּסיכאָלאָגישער אמת איז פאַרקערפּערט אין דער דאָזיקער אַלעגאָרישער דערציילונג.

סאָציאָלאָגן האָבן פעסטגעשטעלט, און מיט אומבאַשטרייַטבאַרע פאַקטן דערוויזן, אַז דער גלות האָט עקאָנאָמיש פאַרקריפּלט דעם ייִדן, און אים פאַרטריבן פון די באַזישע אינדוסטריעס און פון די וויכטיקסטע פּראָפעסיעס. דער גלות האָט אויך פּסיכיש פאַרקריפּלט דעם ייִדן און פאַרטריבן די פרייד פון זייַן בליק, אונטערדריקט זייַן גייַסט, אייַנגעהויקערט זייַן געמיט.

די ייִדישע עקאָנאָמיק האָט אין גלות אַ „ספּעציפישע" סטרוקטור און די ייִדישע פּסיכיק אַ גלות־קאָמפּלעקס*, ווי אַ הויקער אויסגעוואַקסן אויף אַן אומגעזונטן באָדן אין אַן אַטמאָספער אָנגעלאָדן מיט ביטול און שנאה, וואָס האָט אַזוי אָפט זיך אויסגעגאָסן אויף ייִדישע קעפּ מיט בלוטיקן שטורעם.

זייַט דעם ערשטן קרייצצוג פון עלפטן יאָרהונדערט (גזירות תתנ"ו), איז געוואָרן הפקר דאָס ייִדישע לעבן, עס האָבן זיך אָנגעהויבן מאַסן־שחיטות אויף ייִדן, דער ייִד איז געשטעלט געוואָרן אויסערן געזעץ אין דער קריסטלעכער וועלט. גאַנצע קהילות האָבן אין

*) קאָמפּלעקס — אַ געפיל, וואָס וואָרצלט אין אומבאַוווּסטזייַן.

פחד פאר די קרייץ-טרעגער זיך אומגעבראכט אויף קידוש-השם. נישט דער טויט האט געשראקן די יידן; ערגער פון טויט איז די שאנד, און ביטערער — דער פיין פון די פרויען און קינדער אין די הענט פון די „מערדער שמוציקע” . . .

אויפן טויט פארגיסט דער מענטש טרערן, פון שאנד פארלירט ער דעם זינען. א קבר ווערט פארוואקסן מיט גראז, טרערן ווערן אויסגעטריקנט דורך יארן. אזוי איז די טבע פון מענטשן. אבער דאס פייער וועלכן ס׳צינדט אן די בושה ווערט אזוי גיך נישט פאר־לאשן, די פאראומווירדיקונג שניידט טיפער אין לייב, דער שפיי אין דער נשמה ברענט שארפער.

די פאגראמען האבן מבזה און מבייש געמאכט דעם יידן, צע־טראטן מיט די שמוציקע פיס אלע זיינע הייליקייטן, דערנידעריקט און פארגאסן מיט צואה זיין מענטשלעכע ווערדע און גלויבן. דעם רבס זון פון „די יידישע מלוכה” קען נישט איבערטראגן די דערני־דערונג און פארשוועכונג פון אלץ וואס איז אים געווען הייליק, עס ברעכט מיט שטורעם צוזאמען זיין וועלט, און ער הייבט אויף א דרא־ענדיקע פויסט קעגן גאט, קעגן גוי און קעגן ייד. ער וויל בעסער זען זיין פרוי א טויטע איידער א געשענדעטע, בעסער דער טויט ווי לעבן מיט דער בושה.

דער העלד פון „שפוך חמתך” ווענדעט אפ מיט עקל און פיינ־לעכן ציטער די אויגן פון זיין פרוי, און זי רופט אוים צו אים מיט א יאמער „טויט מיך בעסער”...

דאס פאלק זינגט דאס ליד פון משוגענעם שניידערל, וואס האט געשטאכן זיין טאכטער כדי זי פון שענדונג פארהיטן. דער געצלמטער וואשט אפ מיט שאנד די פארשוועכונג פון זיין מוטער, און זאגט: „די נשמה פון מיין מוטער האט א תיקון באקומען”. עס

הייסט, דו האָסט פאַראומרייניקט מײַן הייליקייט, איך — דײַנע *) בין איך נישט מינדערוווערטיקער און נישט ערגער פון דיר...

מען מוז עס פאַרשטיין פריִער פון אַלץ, ריין־מענטשלעך, אינטים־האַרציק — פּסיכאָלאָגיש. לאַמעד שאַפּיראָ האָט איבערגעלעבט אַ שווערן אינערלעכן קאַמף, אַ קאַמף קעגן דער פּאָגראָם־טעמע וואָס האָט אים געלאָקט — קעגן גלות־קאָמפּלעקס — וואָס האָט אים פאַרפאָלגט. דאָס האָט געצוימט און באַגרענעצט זײַנע שעפערישע קרעפטן. פון איין זײַט, האָט דער „איך" פאַרצווייפלט זיך געווערט קעגן דעם שטורעם וואָס ברויזט אין האַרצן, און ער האָט קאַלט און קלוג רעזאָנירט: „דער סימבאָל פון צלם איז אַ געצוווּנגענער, אַ צוגעטראַכטער... באַשר עפּעס אַזוינס האָט זיך איינמאָל אײַנגעגעבן, איז עס נישט קיין גאָלדמינע אויף צו עקספּלואַטירן נאָכאַנאַנד. קונסט איז שעפעריש דערמיט, וואָס זי איז בטבע אינטים, פּערזענלעך, און — איינמאָליק". און פון דער אַנדערער זײַט, האָט אויף אים אָן אויפהער געקוקט „דער גרויסער גוי מיט די שטעכיקע וואָנצעס און פאַרלאָפענע גזלנישע אויגן", און ער האָט קעגן זײַן ווילן געווענדעט אויף אים זײַן קינסטלערישע אויפמערקזאַמקייט אין אימפּולסיוון דראַנג אויסצולאָדן פון זיך — פּראָיעקטירן — זײַן דראָענדיקן שאָטן.

*) אייניקע האַנדלונגען פון שאַפּיראָס העלדן רופן אַרויס אַן אַסאָציאַציע מיטן מעכאַניזם פון דער פאַרפאָלגונגס־מאַניע. פאַר דער דאָזיקער מחלה איז זייער כאַראַקטעריסטיש די פּ ר אָ י ע ק צ י ע, דאָס איבערטראָגן די אייגענע געפילן און געדאַנקען אויף אַ צווייטן. אַזוי, ווערט דער געדאַנק „איך ליב אים אָדער זי" — מיט וועלכן ס'הויבט זיך געוויינלעך אָן די קראַנקייט — פאַרביטן מיט דער אײַנרעדעניש „ער — אָדער זי — ליבט מיך".

דער „איך" ווערט זיך אָבער קעגן יעדן אוממעגלעכן אָדער אומנאָרמאַלן סענטימענט, און די פאָרמולע ווערט ווידער פאַרביטן: איך ליב אים נישט — איך האָס אים!

דער דאָזיקער באַגריף ווערט אימפּולסיוו פּראָיעקטירט, איבערגעענטפערט, אויפן אָביעקט: נישט איך האָס אים — ער האָסט מיך, ער פאַרפאָלגט מיך...

די פרוי וואָס איז פאַרן געצלמטן אין נאָרמאַלן צושטאַנד געווען ווי אַ „צווייטע" מוטער, איז אין מאָמענט פון גײַסטיקן צוזאַמענברוך געוואָרן: ס'איז נישט מײַן מוטער, — ס'איז „זײַן" מוטער...

אַט דאָס וואָס ר׳ נתן נטע האַנאָווער האָט נישט געוואָלט אַרויסברענגען פון מויל „כדי נישט צו פאַרשעמען דעם נאָמען מענטש״, דאָס איז געבליבן ליגן ווי אַ שטיין אויפן ייִדישן האַרצן. דאָס האָט געשאַפן דעם גלות־קאָמפּלעקס, און שפּײַזט דעם פּײַנלעכן געפיל, וואָס ליגט ערגעץ פאַררוקט אין די טיפענישן פון דער נשמה און ווערט אַזוי איבערגעגעבן בירושה פון עלטערן צו קינדער, פון קינדער צו קינדס־קינדער. קיין דור איז פון אים נישט פרײַ און ער איז נישט פרעמד קיין שום ייִדן. טראָגט אים איינער אין באַוווּסט־זײַן, אַ צווייטער אין אונטערבאַוווּסטזײַן, אַ דריטער פאַרשטויסט אים — אין צײַטן פון „ליבע און שלום״ — אין שאול תחתיה פון אומבאַוווּסטזײַן. אָבער ווען עס יאָגט אָן אַ שטורעם אויף ייִדישע קעפּ ציטערט אויף מיט שרעק די פאַרשטומטע ייִדישע סטרונע און דער גלות־קאָמפּלעקס זינגט זײַן טראַגישע שירה אין האַרצן...

## אַ פּסיכישער פּראָדוקט פון דער גלות־ווירקלעכקייט

דער גלות־קאָמפּלעקס איז אַ קאָלעקטיווער געפיל, וואָס האָט זיך אַנטוויקלט און זיך פאַרוואָרצלט אינעם פּסיכישן אָרגאַניזם פון ייִדישן פאָלק ווי אַ לאָגישע קאָנסעקווענץ פון זײַן שווערער גלות־דערפאַרונג. ס׳איז אַ קאָמפּלעקס וואָס איז דערוואָרבן געוואָרן ווי אַ רעזולטאַט פון די שוידער איבערלעבונגען און פּערמאַנענטער פאַרפאָלגונג, וואָס האָט אָן אויפהער געשפּײַזט דאָס גיפטיקע געוויקס און עס דערהאַלטן באַם לעבן. די אַטמאָספער פון גלות האָט באַמיסטיקט דעם באָדן אין וועלכן עס האָט געשלאָגן די וואָרצלען, און ווי אַ פּאַ־ראַזיטישע פלאַנץ וועט זי לעבן אַזוי לאַנג דער גלות וועט זי שפּײַזן מיט אירע זאַפטן. ס׳איז אַ פּראָדוקט פון דעם גיפט וועלכן דער גלות

גיסט אַן אויפֿהער אַרײַן, שוין אַ צײַט פֿון טויזנט יאָר, אין די ייִדישע בלוטן.

די פּערזענלעכע לעבנס־דערפֿאַרונג פֿון לאַמעד שאַפּיראַ, זײַנע אינערלעכע קאָנפֿליקטן, האָבן פֿאַרשאַרפֿט אין אים דאָס געפֿיל פֿון גלות־קאָמפּלעקס, וואָס האָט מיט זײַן שאָטן שווער אײַנגעהילט זײַן געמיט און זײַנע בלוטיקע נעגל פֿעסט אײַנגעגראָבן אין דעם קינסט־לערס געדאַנקען און אַפֿעקטן.

די שווערע אַנטוישונג אין דער ערשטער יוגנטלעכער ליבע, און נאָך פֿריִער — די דראַמאַטישע קלאַנגען וועגן אַ פּאָגראָם, וואָס האָבן אָנגעוואָרפֿן אַן אימה אויף ייִדן, האָבן זייער גוט זיך געקענט אַסאָצי־אירן און צונויפֿגיסן מיט די אונטערבאַוווּסטזיניקע און אומבאַוווּסט־זיניקע עלעמענטן פֿון גלות־קאָמפּלעקס, און לאָזן וויברירן די גאַנצע סיסטעם פֿון אונטן — אַרויף, און פֿון אויבן אַראָפּ — ביז די פּרי־מיטיווע און אינסטינקטיווע אימפּולסן, וואָס שפּײַזן מיט זייער אור־קראַפֿט די געפֿילן פֿון מענטשן.

די פֿײַנלעכע עמאָציעס פֿון פּערזענלעכן קאָמפּלעקס, וואָס האָבן טיף אויפֿגעשווידערט די נערוון־סיסטעם און אָנגעצונדן דאָס בלוט מיט געפֿילן פֿון אַנגסט און פֿאַרצווייפֿלונג, האָבן מיט זייערע פֿלאַ־מען אויך פֿאַרכאַפּט די נידעריקערע ספֿערן פֿונעם קאָלעקטיוון גלות־קאָמפּלעקס און אויפֿגעשטורעמט די אינסטינקטן, וואָס האָבן מיט אַ גיהנום קראַפֿט פֿאַרגאָסן דאָס האַרץ און דעם מאַרך, און דער מענטש האָט זיך דערפֿילט „ווי אַ שפּענדל געטראָגן פֿון שטורעם".

נאָר אין שײַן פֿון אַט די דינאַמישע טענדענצן, אין זייער פֿולן פּאַרנעס, וועלכע האָבן אַראָפּגעשווענקט די דעפּענסיווע קרעפֿטן פֿון „איך" און צוזאַמענגעבראָכן דעם גײַסטיקן גלײַכגעוויכט פֿון דער פּערזענלעכקייט, קענען אונדז טיילווײַז פֿאַרשטענדלעך ווערן די אויסערלעך־אומפֿאַרשטענדלעכע מעשים פֿונעם צלם־ מאַן און אויך די האַנדלונגען פֿון זײַן שעפֿער, וועלכער האָט דעם צלם נישט גע־

**האָט אויסגעשניטן אויפן שטערן ווי זײַן העלד, נאָר האָט אים דאָס גאַנצע לעבן געטראָגן ווי אַ ווונד, וואָס האָט געבלוטיקט אין האַרצן.**

## דער דעפּענסיווער מעכאַניזם קעגן גלות־קאָמפּלעקס

אין דער ייִדישער ליטעראַטור איז געקומען צום פולן אויסדרוק דער גלות־קאָמפּלעקס ווי אַ קינסטלערישע מאַניפעסטאַציע פון דער גלות־רעאַליטעט און פון איר אײַנפלוס אויף דער פּסיכיק פונעם ייִדישן מענטשן.

דער קלוגער זיידע מענדעלע האָט ערגעץ געזאָגט, אַז ווען אַ גוי זאָל פאַרצוימען מיט אַ שטריקל דעם וועג און הייסן זיך באַצאָלן פאַרן רעכט אַדורכצוגיין — וועלן ייִדעלעך צאָלן... ווי אַ מיטל קעגן דראָענדיקן אײַנפלוס פון דעם גלות־קאָמפּלעקס האָט דער ייִד זיך געשאַפן אַ דעפּענסיוון מעכאַניזם, וואָס האָט זיך געשפּײַזט מיט דער אילוזיע פון בטחון און מיט דער פרייד פון געלעכטער. ער האָט מיט אַ וויץ פאַרטריבן דעם צווייפל, מיט סאַרקאַזם צו־נישט געמאַכט דעם קעגנער, מיט איראָניע מבטל געמאַכט די פײַנטלעכע סביבה. דער „איך" האָט מאָביליזירט אַלע גײַסטיקע קרעפטן פון דער ייִדישער נשמה, און זיך שטיצנדיק אויף דער גרויסער קולטור־ירושה פון ייִדישן פאָלק, מיט טרייסט און גלויבן געקוקט אויף דער טרויעריקערווירקלעכקייט, און אַזוי אַרום, אין אַ גרויסער מאָס, נייטראַליזירט די דעגראַדירנדיקע גלות אײַנפלוסן. אונטער די וואַרעמע שטראַלן פון פרייד און בטחון איז זיך טיילווײַז צעגאַנגען דער קאַלטער אײַז־אָטעם פון די גלות־סענטימענטן.

דער קינסטלערישער אויסדרוק פון די צוויי פּאָלוסן אין דער ייִדישער ליטעראַטור, איז פון איין זײַט, שלום עליכם, דער גרויסער מײַסטער פון ייִדישן געלעכטער און פון דער צווייטער זײַט, לאַמעד

שאַפּיראָ, דער גרויסער קינסטלער פון גלות־געפיל אין דער ייִדי־שער פּסיכיק.

חיים נחמן ביאַליק האָט צוגלייַך מיט שאַפּיראָן, (אין זייַנע פּאָ־גראָם־לידער), אויסגעדריקט אַ פּאַרניכטנדיקן ביטול צום טרעגער פון גלות־קאָמפּלעקס — צום גלות־ייִדן — וואָס צאָלט פאַר זייַן נישטיקן לעבן מיט דער שאַנד פון אַלע זייַנע הייליקסטע ווערטן; די שכינה שעמט זיך מיט אַזעלכע ייִדן. האָט ער דעם גלות־קאָמפּלעקס פון זיך אָפּגעטרייסלט ווי שטויב פון די פיס, און האָט פאַרבונדן זייַן פּערזענלעכן און קינסטלערישן גורל מיט דער אידעע פון אַן אייגן לאַנד און מיט דער וויזיע פון אַ פאָלק, וואָס וועט זייַן פרייַ פון גלות־קיימן.

שלום אַש, דאַקעגן, האָט דעם גלות־קאָמפּלעקס סובלימירט, און האָט מיט דער אימפּולסיווער עמאָציע פון זייַן ייִדישן האַרצן אַנגע־צונדן די עטישע אידעע צוריק צו דערנענטערן און פאַרברידערן דעם גוי מיטן ייִדן. די טעמע איז נאָכגעגאַנגען שלום אַשן צוגלייַך ווי זי האָט באַגלייט שאַפּיראָן זייַן גאַנץ לעבן. אין זייַן יוגנט הייבט אָן שלום אַש מיט דער דערציילונג „די אַלטע לייַט”, אין וועל־כער אַ ייִדישע און אַ קריסטלעכע פּרוי לעבן בשלום, נאָר די געטער צעשיידן זיי; און אין זייַן רייפן עלטער האָט ער געפּרוּווט, מיט זייַנע קריסטוס ווערק, די מחיצה אָפּצעשאַפן און אויך די געטער פאַר־ברידערן *)

---

*) די דאָזיקע „פאַרברידערונג” וועט אָבער דאַרפן גובר זייַן אַ וויכטיקן פּסיכישן פאַקטאָר, און דאָס איז די סאַדיסטישע טענדענצן, וועל־כע דער לייַכטער ייִדישער קרבן האָט אויפגעוועקט בייַ אַ געוויסן טייל פון די נישט־ייִדישע מאַסן.

דער הונגער נאָך „ווייַסער חלה” — אָדער ווי שאַפּיראָ זאָגט: די ליבע צו ייִדישע פיש און פלייש — איז אַ ווירקנדיקער און רעאַלער פאַקטאָר, וואָס האָט נאָך הונדערטער יאָרן מאָרד און שאַנד, און נאָך דורות מער־דער און שענדער, פאַרזייט גיפטיקע קערנער אין אַ סך קריסטלעכע נשמות. דער דאָזיקער „סאַדיסטיש־אַנטיסעמיטישער קאָמפּלעקס האָט ווי אַ שניי־קויל זיך אָנגעהויבן קייקלען באַרג־אַראָפּ זייַט דער ערשטער מאַסן־שחיטה אויף ייִדן, בעתן קרייַצצוג פון 1096, און איז וואָס ווייַטער גע־

אין קעגנזאַץ צו די צוויי גרויסע קינסטלער פון ייִדישן וואָרט און געפיל, איז שאַפּיראָ דירעקט געווען אונטערן אײַנפלוס פון גלות־קאָמפּלעקס, וואָס האָט באַהערשט און באַצווונגען זײַן גאַנץ וועזן. ער האָט אים נישט געקענט פּראָיעקטירן, אויסטיילן פון זיך; ער האָט דעם פּאָגראָם־קאָשמאַר געטראָגן אין זיך און האָט דעם קאָמפּלעקס נישט געקענט לייזן — **און איז איך פּאָגראָם־שווידער אַליין אויסגעלייזט געוואָרן.**

לאָמעד שאַפּיראָ האָט דאָך אין זײַנע ווערק באַוויזן אויסצולאָדן אַ טייל פון זײַנע עמאָציעס, און אין קינסטלערישע סימבאָלן אויסדריקן דאָס אַממערסטן באַהאַלטענע און אומבאַוווּסטזיניקע אין אונדזער פּסיכישן וועזן. ער האָט מיטן פײַער פון זײַן האַרצן אָנגעצונדן אַ נר־תמיד צום אָנדענק פון די געשענדעטע מאַמעס, שוועסטער און טעכטער פון ייִדישן פאָלק, און איז אין דער ייִדישער **ליטעראַטור דער גרויסער קינסטלער פון גלות־קאָמפּלעקס, און איינציַיטיק אויך — זײַן טראַגישער קרבן...**

---

וואָרן אַלץ דראָענדיקער און גרעסער. אמאָל האָט דאָס הייליקע וואַסער פון שמד געמאַכט די „ווײַסע חלה” — טאַבו, הייליק, און אַ גאָטספאָרכטיקער קריסט האָט עס נישט געטאָרט עסן. בעתן לעצטן האַקנקרײַיצצוג פון די יאָרן 1933־1945, האָט היטלער אויך דעם טאַבו אָראָפּגענומען און ביזן פערטן דור געשטעלט דעם אָפּטריניקן ייִדן אויסערן געזעץ פון דער קריסטלעכער וועלט.

דער דערוואָרבענער גלות־קאָמפּלעקס קען לײַכט זיך אויסוועפּן אין דער ייִדישער פּסיכיק ווען די פאַרפאָלגונגען וועלן פאַרשווינדן, אָדער ווען דער ייִד וועט בײַטן די אַטמאָספערע, וואָס שפּײַזט די גלות־סענטימענטן. דער סאַדיסטיש־אַנטיסעמיטישער קאָמפּלעקס וואָרצלט פיל טיפער אין אומבאַוווּסטזײַן פון מענטשן, איז מער פאַרבונדן מיט די געירשנטע אינסטינקטיווע עלעמענטן, און אַזוי לאַנג אַ ייִד וועט זײַן אויף די אויגן, וועלן די סאַדיסטישע אימפּולסן שפּײַזן און באַפאַרבן די אַנטיסעמיטישע טענדענצן, און באַזונדערס אין מאָמענטן ווען די דאָזיקע טענדענצן וועלן פאַרשאַרפט ווערן דורך פערזענלעכע אַקטועלע קאָמפּלעקסן אַלס רעזולטאַט פון אומגינסטיקע סאָציאַל־עקאָנאָמישע פאַקטאָרן.

# אַ גאָון פון אינטואיציע

## יונה ראָזענפעלד
## און זיגמונד פרויד

גאָר װײניקע פון די שעפערישע גײַסטער אין דער ייִדישער ליטעראַטור, האָבן אַרײַנגעבליקט אַזוי טיף אין די פאַרבאָרגנסטע װינקלען פון דער מענטשלעכער נשמה, און אַנטפלעקט מיט אַזאַ איבערצײַגנדיקער קראַפט פון קינסטלערישע סימבאָלן, די פסיכישע קאָמפּלעקסן פון דער מענטשלעכער נאַטור, װי דאָס האָט געטאָן דער גרויסער מײַסטער פון ייִדישן װאָרט, יונה ראָזענפעלד.

כמעט װי אײנצײַטיק — אין אָנהײב פון אונדזער יאָרהונדערט — און ניט קענענדיק אײנער דעם אַנדערן, האָט אַ ייִדישער געלערנטער פון װין, אַ מעדיקער און װיסנשאַפטסמאַן, אַ פּראָפעסאָר מיט אַן אַלזײַטיקער און גרינטלעכער קולטור, אַנטדעקט די דינאַמישע פּראָצעסן פון דער מענטשלעכער פסיכיק, װעלכע האָבן אַרײַנגעבראַכט אַ נײַע װענדונג אין דער פסיכאָלאָגיע; און פון דער אַנדערער זײַט, אַ יונגערמאַן פון קלײנשטעטל טשאַרטאָריסק, אַן אַרבעטער, װאָס האָט נישט געהאַט קײן אַנדער שול װי דעם טאָקערװאַרשטאַט פון זײַן באַלעבאָס, און קײן אַנדער לעבנס־דערפאַרונג װי די ייִדישע אָרעמקײט, האָט דורכגעמאַכט דעם זעלבן װעג צו די טיפסטע געהײמענישן פון דער מענטשלעכער נאַטור, און זי באַלויכטן מיט דער שײַן פון זײַן מערקװירדיקער פסיכישער אינטואיציע.

פרויד אַליין גיט אַ באַשייד אויף דער דאָזיקער רעטעניש ווען ער זאָגט, אַז „די אמתע פאַרגייער פון פּסיכאָאַנאַליז זײַנען געווען די גאונים פון אינטואיציע, די פילאָזאָפן, שרײַבער און דיכטער; די ווייניקע, וועלכע ס׳איז דערלויבט, כמעט ווי אָן מי, אין געווירבל פון די אייגענע עמאָציעס זיך דערגרונטעווען צום טיפסטן אמת און לײַכטן זיך באַוועגן אינעם טונקעלן לאַבירינט פון דער מענטשלעכער נשמה; דאָרט ווו מיר, די וויסנשאַפטלײַט, דאַרפן זיך עפענען אַ וועג מיט שווערער ארבעט, און אָפט מיט פֿײַנלעכן צווייפל טאַפּן אין דער פינצטער".

מיר נעמען אָן מיט אַ באַוואָרעניש די דאָזיקע פרוידיאַנישע הנחה, וועלכע איז אגב אַזוי איבערצײַגנדיק שיין פאָרמולירט, און שטעלן אונטער אַ פרעג-צייכן די „לײַכטקייט" פונעם קינסטלערס באַוועגונג אינעם נשמה-לאַבירינט, וועלכע איז אין איר עצם אַ לאַנגער און פּײַנפולער פּראָצעס, אויב אַפילו נישט אינעם שאַפונגס-אַקט גופא, איז עס לפחות אין דער שווערער לעבנס-דערפאַרונג, אין די אינעווייניקסטע קאָנפליקטן און קאַמפן, וואָס האָבן פאָרמירט — און אין פאַל פון י. ראָזענפעלדן: דעפאָרמירט — די פערזענלעכקייט פון קינסטלער און „געעפנט" זײַן מוח, אויפגעריסן זײַנע חושים, געמאַכט ווײבּרירנדיק-סענסיטיוו זײַן געפיל, און באַוואָפנט זײַן ראיה מיט אַ שאַרפן אינערלעכן בליק, וואָס האָט דערזען ווי עס ריזלט דאָס בלוט אין די אָדערן, ווי דאָס האַרץ פולסירט, ווי עס כישופן זייער טרוימען-שפיל די חלומות, און ווי עס ברויזן די אומבאַוווסטזיניקע און פאַרבאָרגענע באַגערן, וואָס ריכטן די מעשים און דעם גורל פון מענטשן.

עס איז פאַראַן בײַ יונה ראָזענפעלדן אַ קליינע, אָבער מערקווירדיקע דערציילונג, וועלכע איז אַ יחידה במינה אין דער יידישער ליטעראַטור. ס׳איז אַ קליין מײַסטער-ווערק, אין וועלכן מענטשן דערשײַנען אויסגעטאָן פון אַלע שלייערן, פרימיטיוו נאַקעט, און דאָך

טיף־מענטשלעך, מיט זייערע טיפּסטע שפּירונגען און פֿאַרבאָרגנסטע באַגערן, וועלכע זיי זוכן אַזוי זאָרגעוודיק אויסבאַהאַלטן פון פרעמדע — און אויך פון די אייגענע — אויגן.

## אַ מוסטער פון יונה ראָזענפעלדס אַ דערציילונג

„ר׳ דוד״ הייסט די דערציילונג. ר׳ דוד לעבט זיך זײַנס „אַ פּאָר זיך״ לעבן. די פרעמדקייט און אָפּגעריסנקייט פון זײַן הויזגעזינד האָט זיך אָנגעהויבן פון יענער צײַט אָן, ווען די זין זײַנע זײַנען גע־וואָרן באַלמעלאָכעס. ס׳איז קעגן זײַן באַלעבאַטישן גײַסט, עס שטייט אים נישט אָן. דאַקעגן שעמען זיך די קינדער מיט דער פּראָפעסיע פון פּאָטער, וואָס זאָגט קדיש נאָך טויטע און לערנט משניות נאָך פֿאַר־שטאָרבענע. און אַזוי איז געוואָרן אַ שטענדיקער און אויף אייביק געשלאָסענער רוגז צווישן טאַטן מיט די זין; און דורך דער השפּעה פון די זין איז שוין אויך די מוטער און די שוועסטער, אַן עלטער פֿאַרזעסן מיידל, ברוגז געוואָרן.

הגם די מוטער איז דורכוים אויסן צו באַווײַזן פֿאַר די קינדער, — די פּרנסה־געבער, — אַז זי, קער זיך מיטן מאַן גאָרנישט אָן, האָט די טאָכטער אַ חשד, אַז דאָס איז נאָר לפּנים, און אַז די מאַמע מאַכט אים אַפילו וויזיטן בײַנאַכט, דאַרטן ווו ער שלאָפט באַזונדער...

און באַהערשט דורך אַ פֿײַנלעכן געפיל פון דערדריקנדיקער איינזאַמקייט און „אַלטמוידישער פאַרזעסנקייט״, וואָס ווערט צע־בלאָזן דורך אַ שטורמישן אומרו פון אומבאַפרידיקטע עראָטישע באַגערן, טראַכט זי אין פאַרביטערונג, אַז אויף איר איז אויסגעפאַלן דער ביטערסטער גורל, „די מאַמע ברענגט גאָר קיין קרבן נישט״... וואָס שײַך די יונגערע ברידער, וועלכע האָבן צוליב איר נישט חתונה

געהאַט, איז זי שטענדיק געווען אַ שטומער עדות פון זייער מאַנס־ביליש פריַי לעבן. „איז טאַקע איר ערגער פון אַלע אַנדערע"... און:

„אויף אַן אומפאַרשטענדלעכן אופן האָט זיך ביַי איר צו־נויפגעבונדן די ברידערס קומען שפּעט אין דער נאַכט מיטן פאָטערס ליגן אויף די וואַנט־ און וויַיך־געבעטע טישן אין דער וועשעריַי... עפּעס ווי ער מיט זיַין באַהאַלטענער און אין זיך פאַרהוילענער מאַנסבילשקייט וואָלט „זיך" אַנטפּלעקט דורך די זין און דורך זייער קומען שפּעט אין די נעכט".

און ווי זי איז אַזוי געזעסן נאָך דער אַרבעט „מיט אירע פאַרנאַכ־טיקע שטימונגען פון האָפענונגסלאָזער בענקשאַפט", האָט זיך ר' דוד באַוויזן, אַרויסגעשלעפּט אַ באַרנע פון דער קעשענע פון זיַין ייִדישער קאַפּאָטע, און בגנבה אַריַינגעשטופּט די באַרנע רבקהן אין האַנט אַריַין.

עס האָט זיך איר אויסגעדוכט, אַז זי איז פּלוצים אַריבערגע־שפּרונגען צוריק אויף צוואַנציק יאָר, ווען דער פאָטער פלעגט איר, דער בת־יחידה, זייער אָפט מזכה זיַין מיט אַזעלכע מתנות.

נעמען עסן די באַרנע האָט זי גאָרנישט געטראַכט.

„אפשר האָט זי דערפון אָפּגעהאַלטן דאָס, וואָס די באַרנע איז געווען אויסגעוואַרעמט אין פאָטערס קעשענע? זי האָט געפילט אָט די וואַרעמקייט... ווען די ברידער האָבן אויסגע־פּוצטע זיך באַוויזן אַרויסצוגיין, האָט זי זיי נאָכגעקוקט אַ שטיק וועג, ווי זיי גייען זיך באַנאַנד, אָט די צוויי ברידער זכרים, וואָס פאַר דער גאַנצער וועלט פרויען, קאָנען זיי זיַין זכרים, נאָר פאַר איר איינער נישט. און זי האָט געטראַכט וועגן דעם, ווי זי וועט קיינמאָל נישט וויסן, ווי די ברידער פאַרברענגען זייערע פריַיע אָוונט־שעהן און זיי וועגן איר וויסן, אַז זי זיצט אָפּ די ציַיט אין איר אַלטמוידישער פאַר־זעסנקייט. האָט זי אַ פאַרדראָס אַרומגעכאַפּט, אַ פאַרדראָס

מיט בושה פאַרמישט... און ס'האָט זיך עפּעם אַזוי צו־להכעיס־
דיק אַ טראַכט געטאָן וועגן סוף פון אָט דעם זיצן..."

און ווען זי האָט ווידער וועגן דער באַרנע געטראַכט, איז פאַר איר קלאָר געוואָרן איין זאַך, אַז עסן די באַרנע וועט זי שוין נישט. און ס'איז איר אײַנגעפאַלן אַ געדאַנק אויסצוגראָבן אַ גריבעלע אין גאָרטן און מקבר זײַן די באַרנע. און אַזוי האָט זי געטאָן. און נאָכ־דעם זיך געזעצט „מיט אַ שווערן געמיט, ווי זי וואָלט געקומען פון אַ לוויה פון אַ נאָענטן מענטשן... זי האָט אַ געפיל ווי זי וואָלט דאָרטן, אין דעם גריבעלע, אַ לעבעדיקע זאַך באַגראָבן, און ס'האָט זיך איר געגלוסט וויינען..."

און אַזוי אַראָפּקוקנדיק פון גאַניקל צו די פאַרלעך וואָס האָבן זיך געדרייט הין און צוריק, שטעלט זי זיך אַ פראַגע: איז זי קיין־מאָל מיט קיינעם אַזוי נישט געגאַנגען? — יאָ, געוויס, געגאַנגען, און באַזונדערס מיט איינעם. אָבער ווי דער איינער האָט אויסגעזען געדענקט זי נישט... דעמאָלט האָט עס בײַ איר קיין אָרט נישט פאַר־נומען... איז פאַרוואָס מיט דעם, ווי מיט אַלע אַנדערע יונגעלײַט, גאָרנישט געוואָרן? האָט זי אויף דעם אַן ענטפער: „ער האָט צופיל פאַרלאַנגט פון איר", האָט זי אים אָפּגעשטויסן פון זיך: און „טאַקע איבער דער זעלבער סיבה אַרויסגעוואָרפן פון איר געדעכעניש".

און פלוצים איז אין איר זכרון אַרויסגעשווומען אַ יינגעלע פון אַ יאָר נײַן, צען, וואָס איז צוריק מיט אַריבער צוואַנציק יאָר דער־טרונקען געוואָרן אין טײַך; בערעלע, דאַכט זיך, האָט ער געהייסן. און ס'איז איר אײַנגעפאַלן, אַז אָט דער בערעלע איז געווען דער זיווג אירער, און זי וועט שוין קיין אַנדערן קיינמאָל נישט האָבן... און ווי זי האָט זיך אַזוי געגריבלט אין אירע געדאַנקען, האָט זיך פון שטוב געלאָזט הערן אַ קרײַזלדיקער אל מלא רחמים, וואָס דער פאָ־טער אירער האָט פון ווילקייט געזונגען „און עס דאַכט זיך איר, אַז דער שטילער אָנזועטרעדיקער אל מלא רחמים איז פאַר דער נאָר־

וואָס צו קבורה־געבּרענגטער בּאַרנע, און פאַר דעם לאַנג־דערטרונ־
קענעם בּערעלע..."

און עס האָט זי אַ צי־געטאָן צום טײַך. „זי האָט נישט צוליב
וואָס און צו וועמען זיך אומקערן", האָט זי בײַ זיך אַנטשלאָסן
געטראַכט.

„און שטורעמדיק האָט זי זיך אַרײַנגעוואָרפן אין וואַסער
אַרײַן, און בּײַם ערשטן שלונג וואַסער וואָס זי האָט געגעבּן,
האָט זי זיך דערמאָנט אין דער בּאַגראָבענער בּאַרנע, און איז
עקשנותדיק געזונקען צום גרונט..."

## סימבּאָליזם

מיר האָבּן זיך לענגער אָפּגעשטעלט אויף דער דאָזיקער אייגנ־
אַרטיקער דערציילונג, וואָס איז רײַך מיט סימבּאָלן, וועלכע דער
פּסיכאָאַנאַליז בּאַנוצט אין דער אינטערפּרעטאַציע פון זײַנע פּסי־
כישע קאָמפּלעקסן, און וואָס איז גלײַכצײַטיק אויך זייער כאַראַק־
טעריסטיש פאַר יונה ראָזענפעלדס שרײַבּערישן סטיל, וואָס שיל־
דערט ווי די אינסטינקטיווע אימפּולסן קומען צום אויסדרוק אין די
מעשים פון מענטשן, און ווי די אומבּאַוווּסטזיניקע עמאָציעס דרינ־
גען אַרײַן און בּאַהערשן דאָס בּאַוווּסטזיניקע לעבּן.

די טיף דראַמאַטישע האַנדלונג פון דער דערציילונג, וואָס
שפּילט זיך אָפּ אויף דער אינעווייניקסטער אַרענע פון דער העלדין,
אין דער ספערע פון אירע עמאָציעס, אַנטוויקלט זיך מיט אַזאַ אי־
בּערצײַגנדיקער און לאָגישער קאָנסעקווענץ, וואָס מאַכט קלאָר און
פאַרשטענדלעך איר לעצטן פאַרצווייפלטן — און אויבּנאויפיק, אומ־
קלאָרן און אומלאָגישן — שריט.

עטאַפּנווײַז אַנטוויקלט זיך די האַנדלונג, אַן ווערטער און כמעט
ווי אָן בּאַוועגונג; ווי אַ שטומער טרויער־מאַרש, וואָס בּאַגלייט צום

אָפּגרונט זײַן קרבן; ווי אַ בליץ אַן אַ דונער, וואָס לעכערט דורך דאָס האַרץ פון אַ מענטשן.

דאָס מיידל זיצט אויפן גאַניקל און נעמט שטום אויף מיט אַלע אירע חושים די אויסערלעכע אײַנדרוקן פון דער אַרומיקער סביבה און די שפּירונגען פון דעם אייגענעם אינגעווייד. די פאַרבײַגייענדיקע פאַרלעך פאַרשאַרפן דעם פײַנלעכן געפיל פון איר „אַלטמוידישער איינזאַמקייט" און דער אומבאַפרידיקטער הונגער נאָך ליבע, די נאָגנדיקע בענקשאַפט נאָך מוטערשאַפט, צינדט אָן דאָס בלוט אין די אָדערן. מיט אַ ברענענדיקער שאַרפקייט פלאַמען אויף די געדאַנקען, וועלכע האָבן אין געהאַרכזאַמער קנעכטשאַפט זיך געשטעלט צו דינסט פונעם אָנגעצונדענעם אינסטינקט: „די מוטער ברענגט קיין קרבן נישט... די ברידער פירן אַ פרײַ מאַנסביליש לעבן... דער פאָטער אַנטפּלעקט „זיך" דורך די זין און דורך זייער קומען שפּעט אין די נעכט... איז איר ערגער פון אַלעמען... און עס האָט זי באַהערשט אַ שטימונג פון האָפענונגסלאָזער בענקשאַפט..."

דעם פאָטערס מתּנה, די באַרנע, האָט געמאַכט נאָך טיפער און פײַנלעכער די שווערע פסיכישע דעפּרעסיע, און האָט דעם אינערלעכן קאָנפליקט געגעבן אַ טראַגישע ווענדונג.

די באַרנע דערשײַנט אין דעם פאַל ווי אַ סימבאָל פון טאַטנס „באַהאַלטענער און אין זיך פאַרהוילענער מאַנסבילישקייט" און פון איר אייגענעם נישט־פאַרווירקלעכטן לעבן. זי קען נישט עסן די באַרנע, ווײַל עס שלאָגט פון איר „די וואַרעמקייט פון טאַטנס לײַב". פאַר איר באַוווּסטזײַן איז עס אַ באַרנע, אַ פרוכט צום עסן; פאַר איר אומבאַוווּסטזײַן איז עס עפּעס אַנדערש... אַזוי שפּירט זי אין איר אינערלעכן וועזן, אָבער זי קען עס זיך נישט מודה זײַן. אַזאַ טומאה־געדאַנק וועט אַ ייִדישע טאָכטער צום באַוווּסטזײַן נישט דערלאָזן, און זי טראַנספערירט אים אויף די ברידער: „פאַר דער גאַנצער וועלט פרויען קענען זיי זײַן זכרים — טראַכט זי פאַרבײַ־

טערט — נאָר פאַר מיר איינער נישט".

אָבער הינטער די ברידער שטייט אין שאָטן אויך די געשטאַלט פון דעם פאָטער.

מיט זײַן שאַרפער פסיכישער אינטואיציע דערזעט דער מחבר די כישוף־שפּיל פון יענע עלעמענטן, וועלכע ליגן אין תהום פון אומ־באַוווּסטזײַן, און ער פירט זיי אַרויס אויף דער אַרענע פון דער האַנדלונג.

אין מאָמענט פון דראַמאַטישן געראַנגל און האָפענונגסלאָזער פאַרצווייפלונג, וואָס ברעכט און אַנולירט אַלע שוץ־מיטלען פון דעם אָפּגעשוואַכטן, פאַרשעמטן און צעטראָטענעם „איך", קריכן אַרויס פון זייער באַהעלטעניש די פאַרשטויסענע און פאַרגעסענע באַגערן און דערהויבן זיך צום אונטערבאַוווּסטזײַן: און פון דאָרט קלאַפּן זיי אין די טירן וואָס פירן צום באַוווּסטזײַן פון מענטשן.

אַזוי אַז די האַנדלונג מיט דער באַרנע, וואָס זעט אויס צו זײַן אין ווידערשפּרוך מיטן שכל־הישר, באַקומט אַ טיפן זין און אַ לאָגישע פאַרבינדונג אין שײַן פון אַנאַליז, וואָס שיילט אויס געדולדיק דעם פאַרבאָרגענעם קערן, וואָס „דערגרונטעוועט" זיך צו די באַהאַלטענע באַגערן, צו די אינטימע פאַנטאַזיעס, און נעמט אויף אייניקע דער־שײַנונגען און מעשים ווי סימבאָלן, וואָס דריקן אויס אין אַ פאַר־שטעלטער פאָרמע די אינסטינקטיווע אימפּולסן פון די ווײַטסטע קינדער־יאָרן, וועלכע ליגן דאָרט ערגעץ פאַרטאַיעט אין די קעלערן פון דער נשמה: אינעם אומבאַוווּסטזײַן פון מענטשן.

## דער אומבאַוווּסטזיניקער
## ד ע ט ע ר מ י נ י ז ם

אין שײַן פון דער אַנאַליטישער טעאָריע איז דער דינאַמיזם פון די גײַסטיקע פּראָצעסן — אַזוי די וועלכע ווערן אויפגענומען מיטן

באַוווּסטזיניִן ווי אויך די וואָס שפּילן זיך אָפּ אין די אונטערבאַוווּסט־זיניקע שיכטן — אונטערגעוואָרפן געוויסע פעסטגעשטעלטע נאַטיר־לעכע געזעצן, וועלכע באַשטימען און ריכטן: דעטערמינירן, די מעשים פון מענטשן.

אין ליכט פון אָט דעם אומבאַוווּסטזיניקן דעטערמיניזם, זעען מיר קלאָרער דעם עמאָציאָנעלן אינהאַלט פון דער העלדין, אירע עיקרדיקע כאַראַקטער־שטריכן, די באַהאַלטענע טענדענצן וואָס זיינען געקומען צום אויסדרוק אין איר לעבן. אין דער־אַ שייַן באַ־קומט די פראַגע „פאַרוואָס זי האָט נישט חתונה געהאַט?" אַ גאַנץ קלאָרן ענטפער: זי איז געבליבן טיף־אינערלעך און אומבאַוווּסטזיניק צוגעבונדן אַפעקטיוו צו איר פאָטער, און דעריבער נישט באַוויזן איבערצוטראָגן איר ליבע אויף אַנדערע אָביעקטן. דערפאַר האָט זי עס אַזוי עקשנותדיק „אָפּגעשטויסן" פון זיך יעדן איינעם, וואָס האָט פון איר, ווי עס האָט זיך איר געדוכט, „פאַרלאַנגט צו פיל". אין פּסיכאָאַנאַליטישע טערמינען הייסט עס, אַז זי האָט נישט געלייזט איר עדיפּ־קאָמפּלעקס און איז געבליבן צוגענאַפּלט צו אירע על־טערן, און דעריבער געהאַט גרויסע שוועריקייטן זיך צו שאַפן אַ נאָרמאַלע עמאָציאָנעלע פאַרבינדונג מיט דער אויסערלעכער וועלט.

און ווען דער דורכפאַל אין דער שטרעבונג צו אַ נאָרמאַל און פול לעבן איז קלאָר געוואָרן, איז דער נישט־אויסגעלאָדענער ליבע־געפיל צוריקגעפאַלן צו זייַן לכתחילהדיקן אויסגאַנג־פונקט, און נאָך מיט מער קראַפט און בענקשאַפט זיך אָנגעהויבן קלאַמערן אין די ליבע־אָביעקטן פון אירע קינדער־יאָרן, ווען די בת־יחידה איז אַזוי גליקלעך געווען אין דער צערטלעכער אַטמאָספערע פון אירע עלטערן.

דער פּסיכאָאַנאַליז וואַרפט אַזוי אַרום אַ בריק צווישן די גע־שעענישן און העלפט אונדז צו פאַרשטיין, די אויבנאויפיק אומ־פאַרשטענדלעכע, מעשים פון מענטשן, אַזוי אין רעאַלן לעבן ווי אויך

אין דער קינסטלערישער ליטעראַטור. די באַרנע, דער סימבאָל פֿון דער אומדערגרייכבאַרער, אומעגלעכער — און פֿאַרן באַוווּסטזיַין אָפּשטויסנדיקער — פֿאָטער־ליבע, האָט דעריבער נישט גע־קענט האָבן קיין אַנדער סוף ווי נאָר געבראַכט ווערן צו קבורה. צו־זאַמען מיט דעם איז אויך אָפּגעשטאָרבן איר אייגן ווערן, און עס האָט מער נישט געהאַט קיין זין דאָס וויַיטערדיקע לעבן.

ס׳איז אַ האַנדלונג אינספּירירט דורך די אונטערבאַוווּסטזיניקע קרעפֿטן, וואָס האָט דעריבער אַ סימבאָלישע באַדיַיטונג. די מעשׂים דיקטירטע דורכן באַוווּסטזיַין קענען זיַין ראַציאָנעל און לאָגיש, די יעניקע אָבער וואָס קומען אַלס רעזולטאַט פֿון די עמאָציעס, וועלכע שפּילן זיך אָפּ אין אומבאַוווּסטזיַין זיַינען סימפּטאָמאַטיש און סים־באָליש. עס הייסט, אַז די אימפּולסיווע באַגערן, וועלכע דער באַ־וווּסטזיַין וואַרפֿט אָפּ צוליב זייער אָפּשטויסנדיקן און אוממאָראַלישן כאַראַקטער, קענען אַנדערש נישט קומען צום אויסדרוק ווי נאָר פֿאַרשטעלט, אין שלאָף אין דער פֿאָרמע פֿון חלומות, און אויף דער וואָך — אין לבוש פֿון סימפּטאָמען און סימבאָלן.

די „גאונים פֿון דער אינטואיציע", ווי מיר האָבן אויבן ציטירט פֿרוידן, דרינגען אַריַין אינעם טונקעלן לאַבירינט פֿון דער מענטש־לעכער נאַטור; אָבער ווי עס האָט געזאָגט ערנסט קריס, זיַינער אַ באַגאַבטער תּלמיד, „קאָפּירן זיי נישט די נאַטור"; און מיר וועלן צוגעבן: זיי טיַיטשן אויך נישט אויס און אילוסטרירן נישט קיין וויסנשאַפֿטלעכע טעאָריעס. נאָכמאַכונג איז נישט קיין קונסט; און אויסטיַיטשונג, איז אין בעסטן פֿאַל פּרוש, פּשט, אויפֿקלערונג, אָבער נישט קיין קינסטלערישע שאַפֿונג.

די אַנטיק־מיַיסטער, אויך די שעפֿערישע גיַיסטער פֿון דער רע־נעסאַנץ־עפּאָכע, האָבן נישט געהאַט, לויט אונדזערע היַינטיקע באַ־גריפֿן, קיין גרינטלעכע וויסנשאַפֿטלעכע צוגרייטונג, און דאָך האָבן זיי געשאַפֿן קינסטלערישע ווערק פֿון אומפֿאַרגליַיכלעכן ווערט.

יונה ראָזענפעלד, אַ „גאון פון אינטואיציע", האָט טיף אַרײַנגעבליקט אין דער אומבאַוווסטזיניקער וועלט פון מענטשן, און דעם סימבאָליזם פון די טענדענצן וועלכע לויערן אין די טונקעלע טיפענישן פון אומבאַוווסטזײַן אַרײַנגעבראַכט אין דער ייִדישער ליטעראַטור.

„עס איז אַ גרויסער אויפטו פון י. ראָזענפעלדן, זאָגט שמואל ניגער, וואָס ער איז מיט זײַנע אייגענע כוחות, און אויף זײַן אייגענעם פּאַרוואָקסענעם וועג, דערגאַנגען צו יענע ווינקעלעך אין אונדזער פּסיכיק... אין וועלכע מענטשן האָבן פּײַנט אַרײַנצוקוקן".

אויב דער קינסטלער מאַכט נישט נאָך די ווירקלעכקייט — „קאָפּירט נישט די נאַטור", — שאַפט ער זײַן אייגענע ווירקלעכקייט. ער שאַפט אַ רעאַליטעט וואָס איז אַזוי נאַטירלעך ווי יעדע אַנדערע נאַטור-דערשײַנונג; ווײַל ער קערט נישט אום אין דער זעלבער פאָרמע דעם מאָדעל, וועלכן ער נעמט פון דער אויסערלעכער וועלט, נאָר ער קאָכט אין זיך איבער דעם אײַנדרוק, און פּראָיעקטירט אין זײַן ווערק די וויזיע פון מאָדעל, וועלכן ער האָט זיך געשאַפן אין זײַן פאָרשטעלונגס-קראַפט.

## די קינסטלערישע אַרביטע

דאָס קינסטלערישע ווערק איז ווי אַ גײַסטיק קינד, וואָס טראָגט אויף זיך דעם חותם פון זײַן שעפער, ירשנט זײַנע כאַראַקטערים-טישע אייגנשאַפטן, ברענגט צום אויסדרוק זײַנע עמאָציאָנעלע טענדענצן, מאַניפעסטירט זײַן וועלט-אַנשויאונג, און באַוועגט זיך אין זײַן גײַסטיקער ספערע ווי אַ פּלאַנעטע אין דער אַרביטע פון איר זון, וואָס גיט איר ליכט און לעבן.

ס'איז אפשר צו געוואַגט און מהלך-ווײַט דער פאַרגלײַך, אָבער ס'איז פאַראַן אַ נאָענטע שײַכות מיט דער אַרביטע פון די קאָסמי-

שע קערפּערס, די באַוועגונג און די אינערלעכע קאָמפּאָזיציע פון וועלכע איז שטרענג דעטערמינירט דורך דער ספּעציפישער וואָג, מאָס און נאַטור פון דעם צענטראַלן קערפּער, וואָס האָט זיי אין פּראָצעס פון עקספּלאָדירנדיקן שאַפונגס-אויפברויז פון זיך געשליידערט אין צייט און רוים, ווו זיי פירן אַ זעלבסטשטענדיקע עקזיסטענץ, אָבער אין ענגער קאָנסטעלאַציע-פאַרבינדונג און אָפּהענגיקייט פונעם צענטראַלן קערפּער, מיטן אָפּשיין און אין זכות פון וועלכן זיי לעבן.

אויך דער אינערלעכער צוזאַמענשטעל און די דינאַמיק פון קינסטלערישע ווערק זיינען באַשטימט דורך דער נאַטור און כאַראַקטער פון דעם שעפערישן גייסט, וואָס האָט זיי זיין רוח-החיים געגעבן. אויך קינסטלערישע ווערק צירקולירן, און אַזוי לאַנג עס דויערט זייער אומקרייז דורך דורות, לעבט דער נאָמען און גייסט פון זייער שעפער.

ווען עס לעשט זיך אוים אַ זון, ווערט צוזאַמען מיט איר איינגעהילט אין קאַלטן גליווער פון טויט די גאַנצע סיסטעם, וואָס זי האָט ביים לעבן דערהאַלטן. ווען עס שטאַרבט אַ מייסטער, לעבט ער און ווירקט דורך זיינע ווערק, ווי אַן אומשטערבלעכער מקור און צענטער פון דער אַרביטע אין וועלכער עס באַוועגן זיך זיינע קינסטלערישע שטערן...

אויף טיפער צו באַנעמען דעם קינסטלערישן תמצית פון יונה ראָזענפעלדס ווערק, מוזן מיר באַטראַכטן זיינע שאַפונגען דורך דער פּריזמע פון זיין לעבנסדערפאַרונג און דורך דעם „געווירבל פון זיינע אייגענע עמאָציעס פון וועלכע ער האָט געשעפּט דעם טיפסטן אמת" און די העכסטע שיינקייט. עס הערשט אַן ענגע קאָנסטעלאַציע-פאַרבינדונג צווישן דער לעבנס-געשיכטע פון דעם מחבר און דעם גורל פון זיינע העלדן. עס פאַרבינדן זיי פיל אומזעבאַרע פעדים און אונטערערדישע שטראָמען, און עס ריכטעט זייערע מעשים אַ

שטורעם פֿון פֿאַרבאַרגענע און אומבאַוווּסטזיניקע פּסיכישע קרעפֿטן.

אין זײַן אויטאָביאָגראַפֿישן ראָמאַן „איינער אַליין” דערציילט יונה ראָזענפֿעלד די געשיכטע פֿון זײַנע יוגנט־יאָרן, וואָס זײַנען פֿאַרבײַ אין דער שטיקנדיקער אַטמאָספֿערע פֿון אַ טאָקער־וואַר־שטאַט, ווי ער האָט דורכגעמאַכט זײַן לערע. די פֿיזישע און מאָראַלישע לײַדן, וועלכע ער האָט איבערגעלעבט האָבן איבערגעלאָזט טיפֿע שפּורן אין זײַן נשמה און אויך אין אַ גאַר גרויסער מאָס דעטערמינירט דעם גרונד־טאָן פֿון זײַן שפּעטערדיקער קינסטלערישער שאַפֿונג. צו צוועלף, דרײַצן יאָר, איז ער אָנגעקומען ווי אַ לערן־יינגל צו אַ באַלעבאָס „אַ מערדער” און צו אַ באַלעבאָסטע, וואָס האָט אים צוגעטיילט דעם ביסן. פֿיר יאָר האָט ער געליטן הונגער און קעלט, האָט געטאָן כל עבֿודת פּרך; אָבער פֿיל ערגער פֿון פֿיזישן פּײַן איז געווען פֿאַר אים די שפֿיכת־דמים, וואָס ס׳האָט אים פֿאַר־שאַפֿט דעם באַלעבאָס׳ טעכטערל, אַ מיידל אין זײַנע יאָרן.

„אויטאָביאָגראַפֿישער ראָמאַן”, זאָגט דער סובטיטל פֿון בוך; און ס׳איז אַ ראָמאַן, וואָס נעמט אַרום אַ גאַנצע עפּאָכע, וואָס מאָלט אין געדיכטע רעאַליסטישע פֿאַרבן די טרויעריקע סאָציאַלע ווירקלעכקייט פֿון דער יידישער אָרעמקייט אין צאַרישן רוסלאַנד אין אָנהייב פֿון אונדזער יאָרהונדערט. דורך זײַנע אייגענע איבערלעבונגען און געפֿילן, וואָס ווערן קינסטלעריש געשטאַלטיקט מיט דער קראַפֿט פֿון אַ וואָרט־מײַסטער, מיט חוש פֿאַר איראָניע, מיט אַ שטאַרקן סאָציאַלן באַוווּסטזײַן, מיט אַן אויג פֿאַר פּסיכאָלאָגישער פּאָרטיפֿונג, שרײַט אַרויס יונה ראָזענפֿעלד זײַן שאַרפֿן פּראָטעסט קעגן דעם מוראדיקן סאָציאַלן אומרעכט, וואָס האָט געהערשט אין יענער צײַט.

ג. סאַפּאָזשניקאָוו

# אַן „אומבאַוווּסטזיניקע" ליבע

אָבער דער דראַמאַטיש־פּסיכאָלאָגישער קערן פון דעם דאָזיקן „אויטאָביאָגראַפישן ראָמאַן", וואָס שפּילט זיך אָפּ אויף דער סאָציאַלער פּאַנאָראַמע פון יִידישער נויט, איז אַ ליבע־געפיל, וואָס האָט שטורמיש באַהערשט אַן איינזאַם קינדיש האַרץ, און איז דורכן יונגן העלד פאַרמשפּט געוואָרן צו זײַן מוח און באַוווּסטזײַן נישט גרייכן. ס'איז אַ „שטומע" ליבע צום באַלעבאָס' טעכטערל, וועלכע טראָגט זיך דורך ווי אַ וויכער איבער די בלעטער פון בוך און מאַכט דאָרט אַן אַן אמתן חורבן.

דאָס אָרעמע און דערשלאָגענע לערנייִנגל „פאַרשטייט", אַז דעם באַלעבאָס טאָכטער איז נישט זײַנס גלײַכן: און זי טוט אים אַן אַ שיעור רשעות, צאָלט ער איר מיט דער זעלבער מטבע און ענטפערט מיט שנאה אויף שנאה. אָבער אויסער דעם פאַרשטאַנד, וואָס דערווײַזט מיט אַן איבערצײַגנדיקער קראַפט פון לאָגישע אַרגומענטן, אַז דאָס מיידל איז „נישט פאַר אים"; זײַנען פאַראַן ערגעץ טיפערע געפילן, וואָס פאַרנעמען נישט די שׂטימע פון גראָדן שכל — און ער חלומט וועגן מיידל. קומט פאַר אַ שווערער אינערלעכער קאַמף צווישן האַרץ און מוח, אַ געראַנגל וואָס שפּילט זיך אָפּ אין די פאַרבאָרגענע נשמה־טיפענישן, און צו דער אויבערפלאַך דערגייט בלויז אַ רמז פון סימבאָלישע צייכנס, ווי בלעזלעך אויפן וואַסער, וואָס זאָגן עדות אויף אַ צוזאַמענשטויס אונטער זײַן שפּיגל. אַרום דעם קאַמף מיטן מיידל, און מיטן געפיל צו איר, וואָס לאָזט איבער אַ שווערן חותם אויפן כאַראַקטער פון העלד, באַקומט אַ טיפן פּסיכאָלאָגישן זין די גאַנצע האַנדלונג.

„...דעם באַלעבאָס' טעכטערל האָט צוגעלייגט דאָס נעזל פון איר שוך צו מײַן נאָז, און מיר געוויזן, אַז דאָ האָב איך נישט גוט אויסגעוואָשן די פּאָדלאָגע, און אַז דאָרטן האָב איך

נישט גוט אויסגעווישט... איך האָב מאָמענטנווײַז געפּילט, אַז נישט נאָר דערנידעריקט זי מיך גײַסטיק, נאָר אַפילו פיזיש; און איך האָב דאָס געפיל, אַז אַ מין אײַנשרומפּעניש איז אויף מיר געקומען. ווײַל דאָ האָב איך שוין „דערפילט" דעם אייגענעם יחוס אירן, דעם מיידלשן, וואָס האָט זיך מיר געגעבן אַ טראָג אין נאָז אַרײַן פון אונטערן קליידל... און דערשנאַפּט אָט דעם „יחוס" האָב איך ערשט דאָ דערפילט די גאַנצע נישטיקייט מײַנע"...

אַזוי האָבן עס אויסגעזען די באַציִונגען צווישן דעם פּאָרל. פיזיש אַ קנאַפּ־אָנזעעוודיקער און קליינוויקסיקער, איז געווען דער יונגער העלד פון „ראָמאַן", און דער ביטערער חוזק פון מיידל האָט נאָך מער פאַרשאַרפט דעם אײַנגעגעסענעם מינדערווערטיקייט־געפיל פון די קינדער־יאָרן, האָט ער אָנגעהויבן זיך צו באַטראַכטן מיט צער און פאַרדראָס. אַ רעקל האָט ער געטראָגן פון אַ דערוואַקסענעם מענטשן, האָט ער זיך אין דעם בגד אינגאַנצן פאַרלאָרן, און מיט אַן אָפנהאַרציקייט וואָס איז אַזוי כאַראַקטעריסטיש פאַר גרויסע מײַסטער, זאָגט ער באַטראַכטנדיק זיך אין שפּיגל: „אין לאַנגן רעקל איז מײַן קליינינקייט נאָך גרעסער געוואָרן, ס'האָבן פון אונטן אַרויסגעקוקט בלויז שטיקלעך פיסעלעך, און פון אויבן דאָס גערגעלע מײַנס, מיטן צעשויבערטן קעפּל מײַנעם..."

איז נישט אומזיסט, וואָס ער האָט נישט איינמאָל געטראַכט, אַז **„ס'איז נאָך אַ גליק וואָס איך בין אין דער מויד נישט פאַרליבט"**, ווײַל וואָס קען נאָך זײַן אַ גרעסערע שטראָף, ווי זײַן פאַרליבט אין אַ מיידל און דאַרפן איר נאָכטראָגן אַ קויש אין מאַרק, וואַשן אויף איר באַפעל די דילן, אַרויסטראָגן פּאָמוניצעס, דרייען פאַר איר פּאַטער דאָס ראָד פון וואַרשטאַט, עסן ווי אַ הונט אין אַ ווינקל, שלאָפן אין אַ קעמערל בײַם בית־הכסא, ווו־הין זיי גייען בײַנאַכט טאָן זייערע באַדערפעניש, פּונקט ווי ער זאָל נישט זײַן קיין מענטשלעך באַשעפעניש פאַר וועלכן מען דאַרף חרפּה האָבן.

ג. סאַפּאָזשניקאָוו

# דעפּענסיווע מיטלען

דער איך האָט צו זײַן דינסט דעם שכל הישר, און אַזוי לאַנג די פּערזענלעכקייט איז נישט געבראָכן, געפינט ער געניג שוצמיטלען אויף זיך צו באַוואָרענען קעגן די דראָענדיקע געפאַרן, וואָס שטראָמען אומבאַוווסטזיניק אַרויס פונעם האַרצן, און ריידן מיט אַ שטום־שפּראַך פון עמאָציעס און געפילן. און אַזוי לאַנג דער איך וועט אויף די ליבע־געפילן זײַן הכשר און הסכמה נישט געבן, וועלן זיי צום באַוווסטזײַן נישט גרייכן און דער קרבן וועט „נישט וויסן" צו וועמען זײַן האַרץ איז געבונדן.

און פּלוצים גיט ער זיך אַ פרעג:

„ווי אַזוי האָט עס מיר גאָר געקענט אײַנפאַלן זיך צו טרייסטן מיט דעם גליק, וואָס איך בין אין דעם מיידל נישט פאַרליבט?".

און ער עקבערט ווײַטער די פראַגע:

„דאָס מיינט דאָך, איך האָב געוווּסט, אַז מ'קען זיך אין איר יאָ פאַרליבן; טאָ וויאַזוי־זשע האָב איך עס געקענט וויסן נישט זײַענדיק פאַרליבט אין איר? בין איך אפשר געווען נישט גלײַכגילטיק צו איר, און איך האָב עס אַליין נישט געוווּסט?"

און ער טרייסלט פון זיך אָפּ דעם געדאַנק ווי אַ מין בייזע אָנשיקעניש. ניין, ענטפערט ער קאַטעגאָריש, דאָס קען נישט זײַן! און אויף צו דערווײַזן, אַז דאָס קען נישט זײַן, אַנטוויקלט ער אַ שאַרפזיניקע טעאָריע און רעזאָנירט מיט איבערצײַגנדיקע באַווײַזן, אין וועלכע ער לייגט אַרײַן אַ סך פּיקחות און נאָך מער געפיל, אַז די ליבע איז גאָרנישט אַזוי „בלינד" ווי מען מיינט; פאַרקערט, זי זעט אָן אויגן אין וועמען מען קען זיך פאַרליבן און אין וועמען נישט. אַ סאָלדאַט, זאָגט ער אין איינער פון זײַנע דערציילונגען, קען נאָר באַוווּנדערן זײַן קעניגן, אָבער זיך נישט פאַרליבן אין איר, ווײַל זײַן ליבע האָט נישט די מינדסטע האָפענונג צו געפינען אַן אָפּקלאַנג אין איר האַרצן.

„מײַן טיפֿסטע איבערצײַגונג איז, אַז װעגן אַבסאָלוטע אוממעגלעכקייטן טראַכט מען גאָרנישט. טראַכט װער װעגן זיך אַרױפֿדראַפּען אױפֿן הימל? און במילא קומט שױן אױס, אַז אין יעדער אוממעגלעכקייט — אױב נאָר מען טראַכט װעגן איר — איז שױן פֿאַראַן אַ שטיקל, אַ ברעקל אױסזיכט אױף אַ מעגלעכקייט... אָבער איך האָב װעגן דער מױד, װעגן װעל־כער דאָ רעדט זיך, אַפֿילו װעגן דעם נישט געטראַכט!"

און אָט די דאָזיקע חריפֿותדיקע אַרגומענטאַציע, װאָס װערט פֿאַרטײדיקט מיט אַזױ פֿיל היץ; און די הנחות גופֿא, װעלכע זעען אױס אױבנאױפֿיק צו זײַן זײער לאָגיש, סאָליד און באַרעכטיקט — הגם צו קונציק און װי קינסטלעך צוגעטראַכט — רופֿן אַרױס אַ חשד, אַז אױסער דעם באַװוּסטזיניקן מאָטיװ: צו דערװײַזן, אַז ער איז אין דעם מײדל נישט געװען פֿאַרליבט; האָט ער נאָך געהאַט עפּעס אַן אומבאַװוּסטזיניקע און באַהאַלטענע כּװנה: צו פֿאַרדעקן אַן אומאַנגענעמען געפֿיל, װעלכן ער האָט נישט געװאָלט מודה זײַן אַפֿילו זיך אַלײן.

דער פֿאַקט גופֿא, װאָס יונה ראָזענפֿעלד קערט זיך אום צו דער דאָזיקער טעמע אױך אין אַנדערע דערצײלונגען, און זוכט מיט אותות ומופֿתים דערװײַזן, אַז „די ליבע האָט אױגן", אַז זי קומט נישט דאָרט װוּ עס זײַנען נישט פֿאַראַן קײן אױסזיכטן אױף קעגנ־זײַטיקײט, באַשטעטיקן אונדזער חשד, אַז ער איז אין דעם מײדל דװקא יאָ געװען פֿאַרליבט! אונטערדריקטע אײַנדרוקן און עמאָ־ציעס האָבן אַ טבֿע זיך צו רעפּעטירן, אַרױסקריכן בײַ יעדער געלע־גנהײַט װי „אַן אָל פֿון אַ זאַק"; און אױב אײנער לײגט אַרײַן צו פֿיל אַפֿעקטיװע ענערגיע אין אַן ענין, צו פֿיל טעמפּעראַמענט, איז דער בעסטער סימן, אַז די זאַך האָט פֿאַר אים אַ דאָפּלטע באַדײַטונג, און אַז אונטער דער אױסערלעכער שאָלעכץ מוז זיך באַהאַלטן עפּעס אַ פֿאַרבאָרגענער קערן, אַ באַהאַלטענע כּװנה.

אונדזער סברא האָט אַ גאַנץ ממשותדיקן גרונד. מיט דער תמימותדיקער אָפּנהאַרציקייט, וועלכע איז אַזוי כאַראַקטעריסטיש פאַר יונה ראָזענפעלדן בעת ער רעדט וועגן זיך, דערציילט ער, אַז דאָס מיידל מיט איר באָבען זײַנען אים אָפּטמאָל געקומען צו חלום; אַ מאָל באַזונדער און אַ מאָל צוזאַמען, קאָמבינירט אין איין פּערזאָן. „איך האָב געוווּסט, אַז די איינע זײַנען צוויי, און ס'האָט מיר פאַרדראָסן אויפן אייניקל, וואָס זי קומט אַ צונויפגעקנאַטענע מיט דער באָבען"... איין מאָל איז דאָס אייניקל געקומען אַליין, זיך געטוליעט צו אים.

„און ס'וועדט מיר אַזוי גוט, איך בין ממש גליקלעך... און
אויסגעלאָזט האָט זיך דאָס גליק מיט אַ פּאַסקודנעם אומגליק,
און איך האָב מיך גלײַך אויפגעכאַפּט פון שלאָף".

## דער באַשייד פון חלום

דאָס אומגליקלעכע לערנייִנגל איז, ווי געזאָגט, אויסגעשטאַנען אין שטוב פון זײַנע באַלעבאַטים, די שווידערלעכסטע נגישות; און באַזונדערס האָט אים פאַרפאָלגט, דערנידעריקט און געפּײַניקט דאָס מיידל. האָט ער אויף דער וואָר, און על פּי שכל, זי פּײַנט געהאַט תכלית שנאה און האָט אויף איר פאַראַכטונג געענטפערט מיט פּראָטעסט און פאַרביסענעם צאָרן, אין פולן הסכם מיט דער לאָגיק פון באַוווּסטזײַן און אין אײַנקלאַנג מיט דער רעאַקציע פון יעדן נאָרמאַלן מענטשן, וואָס קען די רוט וואָס שמײַסט נישט קושן און דעם תליון מיט קיין ליבע נישט צאָלן.

דערפאַר איז עס דאָס אייניקל געקומען אין חלום „אַן אײַנגעקנאַטענע" אין דער באָבען, וועלכע ער האָט נישט געקאָנט פאַרטראָגן. ס'איז אַ סימבאָלישער אויסדרוק פון דער **אַמביוואַלענץ**, פון

דעם דאָפּלטן אַפעקט ליבע־און־שנאה, וואָס ער האָט געפּילט צום באַלעבאָס טעכטערל. עס הייסט, אַז דער חלום האָט פּלאַסטיש אויסגעדריקט דעם געדאַנק: זי איז נישט בעסער פון דער באָבען... זי וועט זײַן ווי די אַלטע מכשפה... זיי זײַנען ביידע פון איין טייג געקנאָטן...

אָבער דער אינסטינקט לאָזט זיך פון באַוווּסטזײַן נישט פירן, און באַהאַלטן פון פּרעמדע — און אויך פון די אייגענע אויגן — האָט זײַן האַרץ געלעכצט נאָכן מיידל, און זי איז אים געקומען צו חלום אויך אַן דער באָבעס באַגלייטונג...

אַ פּרוי, וועלכע מען האָט ווירקלעך פּײַנט, אָדער צו וועלכער מען איז גלײַכגילטיק, וועט אין חלום נישט דערוועקן קיין עראָטישע געפילן.

אין חלום, אָן דעם קאָנטראָל פון די העכערע מאָראַלישע געפילן, און אָן דעם וואַכן אויג פון שכל־הישר, קומען צום אויסדרוק די אינסטינקטיווע אימפּולסן, די תאוות פון מענטשן, וועלכע זוכן אַן אויסלאָדונג און באַפרידיקונג. זיי קענען אָבער נישט דערשײַנען אין זייער פולער און אָפּשטויסנדיקער נאַקעטקייט, פאַרשטעלן זיי זיך אין פאַרשידענע שלייערן. פאַרן אײַנגעשלעפערטן באַוווּסטזײַן דערשײַנט דעריבער אַ פאַנטאַסטישע שפּיל פון חלום־געשטאַלטן.

אָבער די חלומות פון אונדזער יונגן העלד האָבן זיך אַנטפּלעקט אויף אַ דירעקטן אופן און עס בלײַבט נישט קיין צווייפל וועגן ליבע־געפילן, וואָס האָט אים שטורמיש באַהערשט. די עמאָציעס, וועלכע האָבן נישט געקענט באַקומען קיין אויסדרוק אויף דער וואָר, האָבן בלויז אין חלום געקענט דערגרייכן זייער פאַרווירקלעכונג; און אין אָנגעזיכט פון דער ווירקלעכקייט וואָס זיי האָבן אַנטפּלעקט, צעפאַלט זיך ווי אַ קאָרטן־שטיבל דער קונציק־אויפגעבויטער לופטשלאָס, אַז „ליבע האָט אויגן".

יונה ראָזענפעלד האָט זײַן „איינער אַליין" געשריבן אין זײַנע

ריַיפע יאָרן, און וואָלט ער געהאַט אַן אַנונג אין פרוידם טעאָריע וועגן חלומות, וואָלט ער נישט געקענט מיט אַזאַ אַנטשלאָסנקייט פאַרזיכערן, אַז ער איז געווען גליַיכגילטיק צום מיידל, און זיַין אויטאָביאָגראַפיש ווערק וואָלט וואַרשיַינלעך אויך באַקומען אַ גאַנץ אַנדער ווענדונג.

אָבער דער יונגער העלד, דער פערצן־אָדער פופצן־יאָריקער בחורל, האָט אַוודאי פרוידן נישט געקענט, און עס האָט אים דערייִבער גאָרנישט געשטערט אין וואַכן צושטאַנד זיך צו טרייסטן מיטן געדאַנק, און זיך איַינריידן, אַז ער איז „נישט פאַרליאַפּעט" אין דעם מיידל.

און די דאָזיקע טרייסט האָט געהאַט איר פּסיכישע נויטווענדיקייט און איר פּולשטענדיק־לאָגישע באַרעכטיקונג. ס'איז אַ מעכטיק שוצווערק, וועלכע דער איך האָט געשאַפן און מיט שכלדיקע רעיות דערוויזן שוואַרץ אויף וויַיס, אַז מ'קען זיך נישט פאַרליבן אין איינער, וואָס גיט נישט קיין אויסזיכטן צו געפינען אַן אָפּקלאַנג אין איר האַרצן. אָן דעם דאָזיקן דעפענסיוון באַריער, וואָלט דער אינסטינקטיווער אימפּולס זיך דורכגעריסן צו באַוווסטזיַין און וואָלט דאָרטן געמאַכט אַ שרעקלעכן חורבן. דאָס ייִנגל וואָלט געמוזט מודה זיַין, אַז ער איז האָפענונגסלאָז אַריַינגעפאַלן אין דער כישוף־נעץ פון איינער, וואָס שיקט אים מיט ליבע־בריוועלעך צו „אַ פריצל מיט וואָנצעלעך", און וואָס האָט פאַרן לערנייִנגל נישט מער ווי חוזק און פאַראַכטונג.

אַזאַ אויסזיכטלאָזע און אוממעגלעכע ליבע, וואָלט געמאַכט נאָך פיַינלעכער זיַין עקזיסטענץ, וואָלט נאָך מער געבראַכן זיַין פּערזענלעכקייט און פאַרגרעסערט זיַינע ליַידן.

## דער משוגענער בטלן

און אָט דאָס דאָזיקע מאריך־זײַן און טײַטשן דעם ענין, כּדי זיך אַליין אײַנצורעדן, אַז ער איז נישט געווען פאַרליבט אין דעם מיידל, דערמאָנט אונדז — ווי אַ ווײַטע אַנאַלאָגיע — אַ צווייטן העלד פון דער יידישער ליטעראַטור, וואָס האָט מיט אַן ענלעכער חריפות און אַפילו לומדות, געוואָלט פאַרשפּרעכן און היילן די ווונד פון זײַן הארצן, וועלכעס איז געוואָרן געפאַנגען אינעם צאַרט־מוטערלעכן צויבער פון אַן אשת־איש. און דאָס איז נישט קיין אַנדערער ווי דער העלד פון י. ל. פּרצעס דערציילונג „דער משוגענער בטלן", בערל חנהשעס איז אויך געווען „געכאַפּט אין דער מעשׂה" און האָט מיט פּלפּול און לומדישע דריידלעך זײַן זינדיקן געפיל צום באַוווסטזײַן נישט דערלאָזן.

זײַן צניעותדיקער און פרומער איך, וואָס רעפּרעזענטירט דעם באַוווסטזיניקן טייל פון דער פּערזענלעכקייט, און וועלכער איז דערצויגן געוואָרן אין דער גאָטספאַרכטיקער אַטמאָספערע פון בית־מדרש, האָט אַזאַ אומריינעם באַגער, וואָס האָט זיך געריסן פון די שערי־טומאה, גאָר אויפן זינען נישט געקענט ברענגען און דאָס געפיל איז קיין געדאַנק נישט געוואָרן, כאָטש צווישן די שורות און אין מיטן די חקירות ודרישות, שײַנט אַרויס דאָס ליבע געשטאַלט פון זײַן „טויבעלע" און ער הייבט אויף אַ מעסער אויף וואָלף סוחר, נישט דערפאַר וואָס ער באַשווינדלט גאָט און לײַט, נאָר ווײַל ער שלאָגט טויבעלען...

אָבער עס איז פאַראַן אַ וועזנטלעכער אונטערשייד אינעם גורל פון די צוויי העלדן. די שוואַכע פּערזענלעכקייט פון משוגענעם בטלן איז אינגאַנצן געבראָכן געוואָרן אין דעם אומגלײַכן קאַמף מיט דער סיטרא־אחרא און מיט די שווערע באַדינגונגען פון לעבן, און ער איז געוואָרן משוגע ווײַל אַ בטלן איז ער געבוירן געוואָרן; בעת דער

יונגער העלד פון „איינער אליין" האָט מיט אַן עודף קאָמפּענסירט די בלויזן, וועלכע דאָס שווערע לעבן האָט פּאַראורזאַכט אין זײַן פּסי־כישן וועזן, און האָט דעריבער, נישט קוקנדיק אויף אַלע אומגינ־סטיקע פּאַקטאָרן, פעסט זיך אײַנגעהאַלטן אין זאָטל פון גײַסטיקן גלײַכגעוויכט, נישט אַריבער „די גרענעץ", קיינמאָל נישט פאַרלאָרן די ריכטיקע פּערספּעקטיוו פון זאַכן, און אַזוי אַרום אויפגעהאַלטן גאַנץ און אומבאַרירט זײַן גײַסטיקן קערן.

די דיאַלעקטישע נאַטור פון די גײַסטיקע פּראָצעסן, איז געבויט אויף אַ ווונדערבאַרן געזעץ פון קאָמפּענסאַציע; עס הייסט, אַז אויב די שלעכטע ירושה אָדער די אומגינסטיקע לעבנס־באַדינגונגען, זײַ־נען מקצר אָדער פּאַרדאַרבן איין טייל פון מענטשלעכן אָרגאַניזם, איז די נאַטור אַליין ממלא און דערגאַנצט דעם מאַנגל אין אַ צווייטן טייל, און אָפּטמאָל אַפילו כפל־כפלים.

אַזוי האָט אַ בלינדער אַ פײַנערן געהער און אַ טויב־שטומער — אַ שאַרפערע ראיה. און דאָס זעלבע אויך אין די עמאָציאָנעלע ספערן. דער וואָס שליסט אויס פון באַוווסטזײַן אַ געפיל און פאַר־שטאָפּט די אויערן פאַר דער מאָנונג פון אייגענעם הארצן, מאַכט דורך אַ פּסיכישן פּראָצעס, וואָס איז ענלעך צום מעכאַניזם פון אַנטפּערזענלעכונג — פון אַנטוואָפּענען און אויסליידיקן די פּערזענ־לעכקייט פון איר עמאָציאָנעל־עראָטישער אָנלאָדונג — און זוכט דעריבער ממלא צו זײַן דעם בלויז מיט אַ היפּער־אַקטיוויטעט פון די אַלע איבעריקע טיילן פון זײַן פּסיכישן וועזן: ער זוכט צו געווינען מיטן שכל, וואָס ער האָט נישט דעראָבערט מיט די געפילן, און שטרעבט זיך אויסצולעבן וואָס טיפער און פולער מיטן אינטעלעקט, ווי אַ קאָמפּענסאַציע פאַר די נישט־אויסגעלעבטע אינסטינקטן.

# אַ קאָמפּענסאַציע אין שכל, פּאַר אַ פאַרלוסט אין די געפילן

די אַנטפּערזענלעכונג אַקטיווירט די גײַסטיקע טעטיקייט; די אינסטינקטיווע און סעקסועלע ענערגיע ווערט אין דעם דאָזיקן פּראָצעס אָפּגענויגט פון איר נאַטירלעכן וועג און ספּעציפישן ציל, און דער עראָטישער ברענשטאָף שטעקט אָן דעם געדאַנק און צעגיסט זיך איבער אַלע צעלן; און די דערגרייכונגען פון אייגענעם שכל, די פּאַטענץ פון די גײַסטיקע קרעפטן, פאַרשאַפן אַ פאַרגעניגן און גיבן אַזאַ באַפרידיקונג, וואָס שטילט און זעטיקט די פּערזענלעכקייט אין גרעסטן טייל פון אירע באַגערן.

דער העלד פון „איינער אליין" איז אַרויס פון זײַן שווערן נסיון מיט אַ פאַרגרעסערטן שכל, און זײַן פּיקחות און תפיסה, זײַן כאַראַקטעריסטישער שאַרפזין, זײַן טיפע אָבסערוואַציע־קראַפט, זײַן פאַרשפּיצטע אויפמערקזאַמקייט, האָבן אין אַ גרויסער מאָס קאָמפּענסירט, און זײַנען געקומען אַלס רעזולטאַט, פון זײַנע דורכפאַלן אינעם עמאָציאָנעלן לעבן.

די אינטעלעקטועלע פּאַטענץ שעפּט אָפטמאָל איר קראַפט אין די קוואַלן פון די אינסטינקטיווע עלעמענטן, און איז דאָס רוב אַ רעזולטאַט פון אַ שווערן אינערלעכן קאַמף וואָס האָט זיך אָפּגעשפּילט אין די טיפענישן פון דער נשמה און זיך פאַרענדיקט מיט אַ זיג איבער די אינסטינקטיווע באַגערן, וועלכע ווערן טיילווײַז סובלימירט, אײַנגעשפּאַנט אין דינסט פון די העכערע גײַסטיקע און שעפערישע קרעפטן.

„די נקמה פון אַ קינסטלער" באַשטעטיקט די הנחה, אַז די מאַכט פון אינטעלעקט און דער באַוווּסטזײַן פון דער אייגענער גײַסטיקער קראַפט, גיבן אַ באַפרידיקונג, וואָס קאָמפּענסירן, אין אַ גרויסער מאָס, די דורכפאַלן אינעם עמאָציאָנעלן לעבן. די דערציילונג אַנט־

פּלעקט אַ רײַכע פֿאַרשטעלונגס-קראַפֿט, אַ שטאַרק אַנטוויקלטן אַני-טעלעקט מיט אַ ברייטער אַסאָציאַציע-מאַכט, וואָס בליצט מיט אַ פּילפּאַרביקן פֿײַערווערק פֿון זייער טרעפֿלעכן און אָפּטמאָל טיף-בײַ-סיקן, שאַרפֿזין.

„זי" האָט אים איגנאָרירט ווען ער איז געווען אָרעם און אומ-באַוווּסט, און ווי אַ באַרימטער קינסטלער נעמט ער ראַפֿינירט פֿון איר נקמה; לאָדט אוים אויף אַזאַ מין אופֿן די אָנגעזאַמלטע פֿאַרבי-טערונג און אָטעמט מיט דער פֿולער ברוסט די פֿרייד פֿון באַפֿרידי-קונג, אַ קאָמפּענסאַציע-געפֿיל, וועלכעס צעוואַרעמט מיט דער גדולה פֿון זיג דאָס אײַז פֿון מינדערווערטיקייט, וואָס האָט אים געהאַלטן האַרט-אײַנגעקאָוועט אין פֿאַרלויף פֿון יאָרן. ער געניסט דאָס גליק מיט אַזאַ ווילד-לײַדנשאַפֿטלעכער הנאה, וואָס פֿילט אָן מיט אַ טיפֿן געטנום זײַן גאַנץ וועזן.

ער האָט געקוקט אויף אירע אויסגעלאָשענע אויגן, און אויף די קליינע בײַטעלעך אונטער זיי, און האָט זיך געפֿלייסט איר בענקשאַפֿט פֿאַרטיפֿן און ווייטיקדיקער מאַכן. זי איז נאָך שיין, זייער שיין, האָט ער געטראַכט, אָבער געזאָגט האָט ער:

„אײַער שיינקייט פֿעלט נשמה, וואָס האָט געהייסן יוגנט...
זי איז אַמאָל געווען באַלויכטן מיט יוגנט-פֿלאַם... קוקט אויף אַ זאַך בײַ דער שײַן פֿון דער זון און קוקט אויף דער זעלבער זאַך נאָכדעם, ווי די זון פֿאַרגייט, די זאַך איז די זעלבע, אָבער בײַ דער שײַן פֿון דער זון האָט עס דאָך געהאַט עפּעס אַן אַנ-דערשקייט... איר זעט אויס יונג, אַפֿילו מיידלש, אָבער דאָס איז בלויז פֿאַרמאַרינירטע יוגנט, פֿאַרמאַרינירטע מיידלשע שיינקייט. אָט דאָס איז דער אונטערשייד פֿון גײַסט ביז קער-פּער, איך האַלט ערשט אין מיטן רעכטן בליִען... איך בין נאָך פֿול מיט לעבן, פֿול מיט ענערגיע, איך גיי נאָך ווײַטער, איך קלעטער נאָך העכער, און איר וואָס? איר האָט שוין אָפּגע-לעבט!..."

דער אומקלאָרער געפיל פון דער אומגליקלעכער ליבע אין די יינגלישע יאָרן, און וואַרשיינלעך אויך די פיינלעכע דערפאַרונג אויף דעם געביט אין די שפּעטערדיקע יאָרן, האָבן איבערגעלאָזן אַ קאַל־טע פוסטקייט אין האַרצן, האָט ער אַלע קרעפטן פון דער נשמה קאָנ־צענטרירט אין דער סופּער־סטרוקטור פון אינטעלעקט, און האָט זיך געוואַרעמט אין ליכט פון ריינעם שכל.

די טעמע האָט יונה ראָזענפעלד נישט איין מאָל איבערגעחזרט. נישט אומזיסט פלעגט ער זאָגן, אַז „מיין אומגליק איז געווען מיין גליק", ווייל זיינע „אומגליקן" זיינען פאַר אים געווען ווי אָפּפרישנ־דיקע ווינטן, וואָס האָבן צעבלאָזן די זעגלען פון זיין שעפערישער נאַ־טור, אים אָנגעלאָדן מיט גייסטיקן אומרו, פאַרשאַרפט זיין בליק, געגעבן פליגלען זיין פאַרשטעלונגס־קראַפט, וואָס האָט אַלץ לייכ־טער און „וויטער" געפירט די שיף פון זיין שאַפונגס־גייסט.

## אַ פּסיכישע אָפּעראַציע

צו דער סעריע פון יונה ראָזענפעלדס אויטאָביאָגראַפישע ווערק געהער אויך די גרעסערע דערציילונג „איך". זי דערגאַנצט דעם ראָמאַן „איינער אַליין" און מאַכט דעם איינדרוק ווי דער מחבר זאָל איבער זיך דורכפירן אַ מין פּסיכישע אָפּעראַציע. זיין ביסטורי איז זיין שאַרף אינערלעך אויג און דער אומדערשראָקענער געדאַנק, וואָס שניידט אויף ביז בלוט דעם אייגענעם אינגעווייד, און פּרוּווט דערגיין דעם סוד פון זיין פּסיכישן וועזן.

זיגמונד פרוידס תלמידים ווייזן אָן מיט שטאָלץ, אַז דער גרינ־דער פון פּסיכאָאַנאַליז איז געווען דער ערשטער און איינציקער מענטש אויף דער וועלט, וואָס האָט באַוויזן זיך אַליין צו פּסיכאָ־אַנאַליזירן. „איינער אַליין", און באַזונדערס „איך", זיינען אויך

טיף־מענטשלעכע און אויך קינסטלערישע דאָקומענטן פון זעלבסט־אַנאַליז, (און וואַרשײַנלעך אויך מיט טעראַפּעווטישער ווירקונג), פון אַ דראַנג זיך אַליין צו דערקענען, פון אַן אימפּולסיוון באַגער אויס־צולאָדן פון זיך דעם „טראַומאַטישן מאַטעריאַל" — די האַלב־ און גאַנץ־אומבאַוווּסטע פּײַנלעכע אײַנדרוקן — וועלכע האָבן דאָרט ער־געץ ווי שליים זיך אָפּגעזעצט אויפן דעק פון דער נשמה און ווי שימל באַדעקט דעם געמיט.

יונה ראָזענפעלד האָט אין זײַנע אויטאָביאָגראַפישע ווערק גע־געבן אַ באַשייד פון זײַנע, פאַר אים אַליין, לכתחילה אומפאַר־שטענדלעכע און אומבאַוווּסטע האַנדלונגען. ער האָט נישט בלויז „דערציילט" זײַן אייגן לעבן, ווי מען טוט עס געוויינלעך אין אויטאָביאָגראַפיעס; און נישט בלויז געאַרבעט מיטן זכרון (וועלכן ער האָט דאַכט זיך, צום גליק, געהאַט נישט זייער קיין שטאַרקן) און איז דעריבער געגאַנגען אין דער טיף, און האָט דער עיקר געזוכט אַרויסצוברענגען אויף דער „ליכטיקער שײַן" און באַנעמען מיטן שכל, (אינטערפּרעטירן, לויטן פּסיכאָאַנאַליז), די איבערלעבונגען וואָס האָבן איבערגעלאָזט אין אים אַן אומקלאָרן אומרו און אַ פּײַנ־לעכן אײַנדרוק.

ווי אין אַ טראַנס פון אַנאַליז האָט ער זיך געלאָזט פירן דורך דער אַסאָציאַציע פון אידעען, ווען איין געשעעניש דערמאָנט די צווייטע, איין דערשײַנונג רופט אַרויס די אַנדערע, און אַזוי האָט ער אַרויסגעבראַכט אויף דער אויבערפלאַך די פאַרגעסענע איבערלע־בונגען, די אומפאַרשטענדלעכע האַנדלונגען, די פאַרבאָרגענע רעגונ־גען, און אויף זיי אָנגעשטעלט אַ פאָר שאַרפע, קלוגע אויגן און זיי גענומען אויף דער וואָגשאָל פון דער לאָגיק.

די דערציילונג טראָגט דעם ריכטיקן נאָמען: „איך", און שיל־דערט ווי ער איז פאַרפאָרן צו אַ ווײַטן קרוב ערגעץ אין אַ קליין שטעטל, ווו ער האָט זיך געדאַרפט שטעלן צום פּריזיוו. אַ מיידל

אין זײַן עלטער, וואָס האָט „אויסגעזען ווי אַ יינגל, וואָס איז ענלעך אויף אַ מיידל" האָט צו אים אַרויסגעוויזן אַ וואַרעמע אויפמערקזאַמקייט. צוליב איר האָט ער זיך געלאָזט אָפּגאָלן, „ווי עס שײַנט האָב איך איר געוואָלט געפעלן ווערן". ער האָט זיך מוראדיק געשעמט וואָס ער איז אַ באַלמעלאָכע, און זיך געפילט דערשלאָגן פאַר דעם מיידל, וואָס איר חתן קען העברעיש און רוסיש, און ער קען רעכט קיין איין שפּראַך נישט.

דאָס מיידל האָט אים פאַרטרויט, אַז איר געפעלט נישט דער חתן, און דאָס איז פאַר אים געווען אַ באַווײַז, אַז זי איז נישט גלײַכגילטיק צו אים. שפּעטער לאַנג פּלעגט ער אָפּזיצן מיטן מיידל און האָט „זיך געלאָזט הערן מיט אַזעלכע דיבורים, וועלכע ער האָט פון קיינעם נישט געהערט רײדן". דער ליבע־געפיל פונעם מיידל האָט אין אים געעפנט אַלע פאַרבאָרגענע קוואַלן, די אויגן, וואָס האָבן אים אָנגעקוקט מיט ליבשאַפט האָבן דערוועקט אין האַרצן אַ וואַרעמקייט, און די ווערטער זײַנען געפלאָסן אָן אויפהער.

„און פון יעדן נײַעם וואָרט, וואָס איך האָב אויסגערעדט, האָב איך אַזוי אָנגעקוואָלן, ווי אַמאָל קינדערווײַז פון די נײַע כלים, וואָס מען האָט אַרײַנגעבראַכט אין שטוב אויף פּסח".

## זיך פאַרליבט... אין זיך אַליין

דאָס בחורל האָט געפילט, אַז ער פאַרליבט זיך... און דאָס וואָלט געווען זייער נאַטירלעך, געזונט און פאַרשטענדלעך. און וואָלט עס אַזוי ווירקלעך געווען, וואָלטן מיר שוין דאָ געקענט אָוועקשטעלן אַ פּינטל, און זאָגן אַ מזל־טוב אויף נאָך אַ חתונה בײַ ייִדן.

אָבער ס'איז אַזוי נישט געשען. דאָס בחורל, וואָס שפּירט נאָך מיט אַזאַ אײַפער דעם ברויז פון די אייגענע געפילן, און גיט זיך רעכענונג, אַז ער „קוועלט־אָן פון זײַנע אייגענע רייד", און אַז זײַנע

אייגענע ווערטער פֿאַרשאַפֿן אים עפּעס אַ ווילדן פֿאַרגעניגן; — אַט דאָס דאַזיקע בחורל, מאַכט אין קלימאַקס פֿון ראָמאַנטישן אויסברוך אַן עכט־ראַזיענפּעלדישן אָפּנויג, ער גיט זיך אַ טונק־אָפּ אין די טיפֿענישן פֿון אייגענעם האַרצן, און אַזוי זיך אַ זאָג:

„איך האָב געפֿילט, אַז איך פֿאַרליב זיך, אָבער נישט געוווסט אין וועמען, צי אין דעם מיידל, **צי אין זיך אַליין**".
(אונטערגעשטראָכן ג. ס.)

און מיט אַ מערקווירדיקער ניכטערקייט און אָביעקטיוויטעט, קלײַבט ער זיך פֿונאַנדער אינעם געוווירבל פֿון די אייגענע סענטימענטן, אַנאַליזירט די געפֿילן, שאַצט אָפּ און וועגט אָפּ די עמאָציעס, און קומט צום פֿאָלגנדיקן כאַראַקטעריסטישן אויספֿיר:

„...כדי איך זאָל קאָנען זיך אַליין ליב האָבן, האָב איך געמוזט האָבן עמעלען לעבן זיך. אין איר אָנוועזנהײַט האָט מײַן מוט ממש געבליצט, מײַן גאַנץ וועזן האָט זיך ווי צעעפֿנט און אַרײַן אין באַוועגונג ווי אַ ווינטמיל, וועלכער איז יאָרןלאַנג געשטאַנען „פֿאַרשטעלט" און מען האָט פֿון אים אַרויסגענומען די „זאַסטאַוועס".

אַזאַ מיושבדיק אָלימפּישע „אָביעקטיוויטעט" שײַנט צו זײַן זייער כאַראַקטעריסטיש פֿאַרן פּראָצעס פֿון דער אַנטפּערזענלעכונג, ווען צווישן די אינטעלעקטועל־גײַסטיקע עלעמענטן, פֿון איין זײַט, און די אינסטינקטיוו־עראָטישע, פֿון דער צווייטער, ווערט געשאַפֿן אַ מין מחיצה, און זיי פֿליסן ווי צוויי פּאַראַלעלע שטראָמען וואָס גיסן זיך נישט צונויף, אָבער וואָס מאַגנעטיזירן זיך קעגנזײַטיק, און איינער פֿאָלגט נאָך מיט אייפֿעריקן נייגער די באַוועגונג פֿון צווייטן.

בײַ געוויסע באַדינגונגען, ווי מיר האָבן אויבן דערמאָנט, קען דער דאָזיקער צושטאַנד זײַן גינסטיק פֿאַר דער גײַסטיקער טעטיקייט. ווען די אונטערדריקטע אינסטינקטיווע באַגערן, וועלכע געפֿינען ניט קיין אויסלאָדונג און באַפֿרידיקונג אין אָביעקטן פֿון דער אויסער־

לעכער וועלט, צינדן אָן מיט זייער הייסן אָטעם און באַלייכטן די אינערלעכע וועלט פון דער פּערזענלעכקייט, — „עראָטיזירן״ דעם געדאַנק — וואָס זוכט צו באַפרידיקן דעם עגאָ מיטן לײַדנשאַפטלעכן רייץ פון זײַן מאַכט און ציט אַראָפּ דעם בליק פון די פיזישע אויגן צו די טיפענישן פון אינערלעכן לעבן, כדי פון דאָרט צו שעפּן קראַפט, און אין זיך גופא אַנטפּלעקן קוואַלן פון געגוס, וועלכע ער האָט נישט געפונען אינעם אַרומיקן אויסערלעכן לעבן.

## נ אַ ר צ י ס י ז ם

די דאָזיקע עקזאַלטאַציע פון איך, די התפּעלות פאַר דער אייגע-נער פּערזענלעכקייט, די זעלבסטפאַרליבטקייט, וואָס דערמאָנט דעם מיטאָלאָגישן העלד נאַרציס, וועלכן עס האָט באַצויבערט די שיינ-קייט פון זײַן אייגן געזיכט, איז נישט מער ווי אַ ווײַטערדיקער און לאָגישער שריט אין דער דיאַלעקטיק פון דער פּסיכישער אַנטוויק-לונג, וואָס האָט זיך שוין קלאָר מאַניפעסטירט בײַם לערנייִנגל פון „איינער אַליין״ און האָט צו זײַן קולמינאַציע-פּונקט דערגרייכט בײַם פּריזיוּוניק פון „איך״.

מיר האָבן נישט קיין גענויע ידיעות פון יונה ראָזענפעלדס קינ-דער-יאָרן. פון אויטאָביאָגראַפישן מאַטעריאַל נעמען מיר אַרויס, אַז אין זײַן טאַטנס הויז האָט געהערשט אַן עקאָנאָמישע נויט. דאַקעגן קיין אַפעקטיווע נויט האָט ער, ווי עס ווײַזט אויס, דאָרט נישט גע-ליטן. „געווען דער יִינגסטער,*) דער מיזיניק, פון צוועלף קינדער אין דער פאַמיליע, פון וועלכע די ערשטע פינף זײַנען געשטאָרבן זייער יונג. דער פאָטער האָט שטאַרק געהאַלטן פון יונהס פעאיקייטן,

*) די ביאָגראַפישע דאַטן האָט אונדז פרײַנדלעך אָנגעגעבן די אַלמנה פון פאַרשטאָרבענעם קינסטלער, די פרוי חיה ראָזענפעלד.

און אים געשיקט לערנען אין אַ ישיבה. צו עלף יאָר איז אים געשטאָרבן די מוטער, אין אַ קורצער צײַט אַרום אויך דער פֿאָטער, און ער האָט צום יאָר געמוזט פֿאַרלאָזן די ישיבה".

געוויינלעך געניסן די ייִנגערע קינדער אַן איבערפֿלוס פֿון מוטערלעכער צערטלעכקייט. די נײַ־געבוירענע, מאָנאָפּאָליזירן דאָס רוב אַ גרויסן טייל פֿון דער ליבע מיט וועלכע די מוטער האָט פֿריִער איינגעהילט אירע עלטערע קינדער. דער פֿאַקט, וואָס יונה איז געווען דער ייִנגסטער פֿון צוועלף, אַ בן־זקונים, און צו דעם נאָך זייער אַ פֿעאיק און עמפּינדלעך קינד, באַשטעטיקט די השערה אַז, כאָטש אין אַן אָרעמער שטוב, איז עס דאָך געווען אַרומגערינגלט מיט אַ ליבלעכער אויפֿמערקזאַמקייט.

אַזאַ קינדהײַט לאָזט אויף לאַנג איבער אַן אומקלאָרע בענקשאַפֿט צו דער וואַרעמקייט פֿון מוטער־שויס, וואָס קאָן זיך אויסדריקן, אין די שפּעטערדיקע יאָרן, אין אַ טיפֿער באַדערפֿעניש נאָך פֿרײַנדשאַפֿט, אין אַ דראַנג נאָך פֿאָטערלעכער שוץ, אין אַן אַפֿעקטיווער אָפּהענגיקייט פֿון די אַרומיקע מענטשן.

דערפֿאַר האָט עס דער יונגער העלד פֿון „איינער אַליין" אַזוי שווער פֿאַרטראָגן זײַן אַליינקייט, און אַזוי פֿאַרצווייפֿלט געקעמפֿט קעגן עלנט און איינזאַמקייט. און ווען ער האָט דעם קאַמף פֿאַרלאָרן, און נישט דורכגעריסן דאָס קאַלטע אײַז פֿון דעם אַרומיקן ביטול צו אים, איז זײַן „ליבידאָ" דורשטיק צוריקגעפֿאַלן צו די ליבע־קוואַלן פֿון דער קינדהײַט, ווען ער איז געווען דער ליבלינג און צענטער, דער „מיזיניק", אין דער אומפֿאַרגעסלעכער און ליבער היים. מיט אַנדערע ווערטער:

דער וואָס שטרעקט אויס זײַן האַרץ צו אַן אָביעקט פֿון דער אויסערלעכער וועלט, און ווערט דורך אים קאַלט אָפּגעשטויסן, — און געפֿינט אויך נישט קיין אַנדערן, וואָס זאָל אים אויפֿן פֿאַרלוסט טרייסטן — ציט צוריק אַרײַן ווי אַ שנעק, זײַן קעפּל אונטערן איי־

גענעם פּאַנצער, די נישט־אויסגעלאָדענע עמאָציע הילט־איַין זיַין אייגענעם איך, און ער זוכט אין זיך גופא אַ שטיצפּונקט, אַ זין און אַן אינהאַלט פאַרן וויַיטערדיקן לעבן.

אין „איינער אַליין" ליַידט דער העלד שווערע דערנידעריקונגען און דורכפאַלן, ער ברעכט אָבער נישט צוזאַמען אונטער דער לאַסט; אדרבא, ער געפינט אין זיך איבערגעגוג קראַפט צו שטעלן אַ ווידער־שטאַנד, ער גיט נישט אויף דעם קאַמף, ער צאָלט מדה כנגד מדה, און וויַיזט דערביַי אַרויס אַן איַיזערנע עקשנות, וואָס דריקט זיך אויס אין אומצייליקע שפּיצלעך און שאַרפזיניק־ביַיסיקע איַינפאַלן.

אַזוי צום ביַישפּיל, צווינגט ער דעם באַלעבאָס צו געבן אים דעם טלית אין שול צום דוכנען; יענער בליַיבט אין פאַרלעגנהייַט און טוט עס אָן חשק. „גיט ער זיך אַ שייל־אויס פון טלית און בליַיבט שטיין אַ בחוריש פאַרשמעלטער". דאָס לערניַינגל צווינגט דעם באַלעבאָס אַריַינצונעמען די אַלטע קראַנקע מוטער אין שטוב; ער שרעקט אָן די באַלעבאַטים און פאַרשעמט זיי, און זיי וואַגן נישט זי אָפּצושיקן צוריק. ער זוכט אויס יעדע געלעגנהיַיט צו שטעלן בחרפה זיַין מיַיסטער, וועלכער איז געווען שטאַרק שטומפּיק אין דער עברי, און שאַנעוועט אויך נישט די אַלע איבעריקע מיטגלידער פון דער משפחה.

קורץ, ער פאַרשוויַיגט נישט די עוולות, און שטראָפט פאַר די ליַידן וואָס מ'האָט אים פאַרשאַפט. און דאָס האָט געמוזט שאַפן אַ געפיל פון אינטימער סאַטיספאַקציע, וואָס האָט פאַרשטאַרקט זיַין גלויבן אין די אייגענע כוחות, דערהויבן זיַין זעלבסט־חשיבות, און געהאָלפן טראַנספערירן די ליבע־ענערגיע פונעם מיידל, וועלכע האָט אים אָפּגעשטויסן, אויף דער אייגענער פערזענלעכקייט, וואָס האָט אים אָנגעהויבן אַלץ מער צו געפעלן און צוציען מיטן צויבער פון אירע ניַי־אַנטפּלעקטע מעגלעכקייטן.

דאָס איז דער וועג וואָס פירט צום נאַרציסיזם. אָט די טענדענץ

האָט שוין געלעבט — און אפשר אויך געגעבן קראַפּט צום לעבן — דעם יונגן העלד פון „איינער אַליין", און דערפאַר איז עס די מאַני־פעסטאַציע פון עטלם ליבע צו אים, אויפגענומען געוואָרן ווי אַ באַ־רעכטיקונג פון זײַנע נאַרציסיטישע געפילן, וואָס האָט פאַרשטאַרקט זײַן ליבע צו זיך. — דו ביסט אַ „קראַסאַוויעץ" האָט אים איינמאָל געזאָגט ס׳מיידל, און ער האָט זי אַרומגעכאַפּט, און זיי האָבן זיך אָנגעהויבן באַשיטן איינס דאָס אַנדערע מיט קושן, און:

„איך האָב נישט געוווּסט, צי קוש איך זיך מיט מײַנע קושן וואָס איך קוש זי, צי קוש איך זיך מיט אירע קושן וואָס זי קושט מיך..."

ער האָט נישט געקענט ענטפערן דעם מיידל מיט די זעלבע גע־פילן; איבערזעצט אויף דער אַנאַליטישער שפּראַך וועט עס הייסן, אַז ער האָט נישט געקענט טראַנספּערירן זײַן ליבידאָ אויף קיין אוי־סערלעכן אָביעקט — ווײַל זײַן האַרץ איז געווען צו פיל פאַרנו־מען מיט זיך גופא. עטלם ליבע האָט אין אים באַפעסטיקט דעם זעלבסט-גלויבן און איז געווען ווי אייל, וואָס האָט צעפלאַקערט דאָס פײַער פון זײַנע נאַרציסטישע טענדענצן:

„...איך האָב מיך אַלץ אָפּטער און אָפּטער געוואָרפן צום
שפּיגל — זאָגט ער — און זיך זאַט נישט געקענט אָנקוקן.
ס׳איז געווען אַזאַ לײַכטער העלער גלאַנץ אין מײַנע אויגן,
ווי עס טרעפט אַמאָל בײַ אַ קינד ווען עס האַלט דער מוטערס
ברוסט אין מויל און ס׳קוקט אַרויף צו דער מוטער אין פּנים
אַרײַן מיט אַזוי פיל חכמה, ווי ס׳וואָלט געוואָלט זאָגן, אַז
ס׳באַדאַרף שוין נישט זויגן, נאָר ווײַל ס׳קען נישט ריידן,
זויגט עס..."

# די לאָגיק פון אַן
# „אומלאָגישער" האַנדלונג

אויך בער חנהשעס האָט זיך געוואָרפן צום שפּיגל, אָבער יענער האָט אין שפּיגל פון קופערנעם כיור געזוכט אַ באַשטעטיקונג אויפן פאַרצווייפלטן געדאַנק, אַז ער איז אַ משוגענער און אַ בטלן, ווייל אין אים — ווי אין דעם מיידל פון „ר' דוד" — האָבן זיך שוין אויסגעשעפּט אַלע לעבנס-זאַפטן, און דער געבראָכענער איך איז נישט געווען בכוח צוציען אויף זיך די וואַרעמקייט פון אייגענעם האַרצן, אין דאָס האַרץ איז געבליבן ווי אַן אויסגעלאָשענער אויוון. דאַקעגן דער פּריזיוווניק פון „איך" איז פול מיט אינערלעכער לעבנס-קראַפט; און יונה ראָזענפעלד כאַפּט אויף די וויבראַציע פון די פאַרבאָרגנסטע טענער אין זיך, דריקט זיי אויס אין קינסטלערישע סימבאָלן, און מאַכט אויף אַזאַ מין אופן גאַנץ־ אָדער האַלב־באַוווּסטזיניק דעם אומבאַוווּסטזיניקן נאַרציסטישן דראַנג „זיך אויסלעבן אָן אַ מוטער"; עס הייסט, אָן אַ ליבע־אָביעקט פון דער אויסערלעכער וועלט, און געפינען ליבע און פאַרגעניגן אינעם אייגענעם אויפגעשיינטן אינערלעכן לעבן.

אַז „יעדער דיכטער איז אַ נאַרציס" האָט נאָך געזאָגט פ. שלעגעל, און אַ געוויסע דאָזע פון נאַרציסיזם, — אויף וויפל די דאָזיקע טענדענץ פאַרטיפט דעם אייגענעם בליק און באַרייכערט דאָס אינערלעכע לעבן, — קען אויך זיין אַ סטימולירנדיקע קראַפט פאַר דער שעפערישער נאַטור, און שליסט דערביי נישט אויס אַ טיילווייזע טראַנספערענץ פון ליבע־געפיל אויף אויסערלעכע אָביעקטן, און באַזונדערס אויף צאַרט־מוטערלעכע טיפּן, וועלכע באַהאַנדלען ווי אַ קינד זייער געליבטן; און דער געליבטער, דאָס רוב, רעאַגירט אין אַזאַ פאַל ווי אַ קינד: ער לאָזט זיך ליבן...

עטל, אָבער, „וואָס האָט אויסגעזען ווי אַ יינגל, וואָס איז ענ־

לעך אויף אַ מיידל", איז נישט געווען פון דעם טיף פרויען, און דאָס האָט געשאַפן ביַים פּריזיוו-בחורל אַ גאַנץ שווערן אינערלעכן קאָנ־פליקט: פון איין זיַיט, דער מאַנגל אין אַ פולער באַפרידיקונג, וועלכע איז אוממעגלעך ביַי אַן אָפּנויג פון ליבידאָ פון איר נאַטירלעכן און דירעקטן ציל; און פון דער צווייטער זיַיט, דאָס שולד־געפיל, וואָס קומט אונטערן איַינפלוס פון די העכערע מאָראַלישע געפילן, פאַר־נעם סופּער־איך, וואָס פאַראורטיילט אַזאַ „ליבע־שפּיל", און דער העלד פון „איך" זאָגט דעריבער:

„...איז מיר דאָס מיידל געפעלן געווען? מאָמענטנווייַז יאָ, מאָמענטנווייַז נישט. אָבער הערט! הערט: אַ כלב שבכלבים! (זיך אַליין מיין איך) אַפילו דעמאָלט ווען איך בין צו איר גע־ווען גלייַכגילטיק, אַפילו דעמאָלט, האָב איך אויך נישט אָפּ־געשטעלט די אַרבעט מיַינע פון צוציִען זי צו זיך".

דאָס מיידל האָט אים באַגלייט אין „פּריסוטססטוויע" און דאָס האָט אים אָנגעפילט מיט שטאָלץ און גליק, ער האָט געפילט, אַז אין דעם מאָמענט איז ער מער נישט „איינער אַליין" אויף גאָטס גרויסער וועלט. ער „שטעלט זיך צו" און איבער עפּעס אַ באַהאַלטענעם פע־לער באַפריַיט מען אים פון מיליטער־דינסט. און אויפן צווייטן טאָג זיצט ער שוין אויף דער פור גרייט אָפּצופאָרן אַהין פון וואַנען ער איז געקומען, און:

„עטעלע האָט מיר געקוקט אין די אויגן אַריַין, און ס'איז ממש געווען צו זען, ווי דאָס מיידל בעט זיך נעבעך רחמים: גיב איין „פּיפּס" און איך פאָר מיט דיר. כ'האָב אָבער דעם פּיפּס" נישט געגעבן... מיט מיַינע שטומע בליקן האָב איך זיך געבעטן ביַי איר און געזאָגט צו איר: איך וויל פונקט אַזוי ווי דו דאָס, וואָס דו ווילסט, נאָר איך קאָן נישט..."

מיט דעם ווערט פאַרענדיקט דער דאָזיקער אויסטערלישער מענטשלעכער דאָקומענט. פאַרוואָס ער „קאָן נישט" ווערט נישט

געזאָגט. שווער צו געבן זיך אַליין אַן ענטפער אויף אַזאַ מין פראַגע. אָבער דער ענטפער קומט דאָך קלאָר אַרויס אין פאַרלויף פון די געשעענישן, אין זעלבסט־אַנאַליז פון די געפילן, אין דער ניכטערער „אינטערפּרעטאַציע" פון די אימפּולסן, ווען ער כאַפּט זיך ווי אַ גנב ביי דער האַנט און זאָגט, אַז ער האָט מיט זיינע — אָדער אירע קושן — „געקושט זיך אַליין". דאָס מיידל, ווי געזאָגט, האָט בלויז צעפלאַקערט דעם פאַרשטיקטן פלאַם פון זיינע נאַרציסטישע טענדענצן, פון זיין זעלבסט־פאַרליבטקייט, און אַזוי לאַנג ער וועט קענען אַנקוועלן פון די אייגענע רייד און מיט ליבע זיך אַריינקוקן אין די אייגענע אויגן, וועט אים איבעריק זיין יעדע עטל...

זיין ליבעס־ענערגיע איז געווען צו פיל פאַרנומען מיט זיך, זיינען געבליבן פאַר דער וועלט ווייניק אַפעקטן, ווייניק האַרציקע וואַרעמקייט צו מענטשן; זיינע האַנדלונגען זיינען געווען צו פיל דעטערמינירט, צו שטרענג־פאַראויסבאַשטימט, דורך די עיקרדיקע כאַראַקטער־שטריכן פון זיין פּסיכישער נאַטור, וואָס האָט זיך פאַרמירט אונטער די קלעפּ פון אַ ביטערן לעבן.

## דער אויטאָמאַטיזם

נאָו ציסיזם שליסט נישט אויס דאָס געפיל פון מינדערווערטיקייט. גאָר פאַרקערט: טאַקע דערפאַר ווייל ער האָט זיך געהאַלטן פאַר דאָס אויבערשטע פון שטויסל, שעמט ער זיך מיט זיין מלאכה, ליידט פון זיין קבצנישער הלבשה, פון זיין אָרעמער בילדונג. די זעלבסט־ליבע קען קיין דערנידעריקונג נישט פאַרטראָגן. דערפאַר קעמפט עס דער העלד פון „איינער אַליין" מיט אַזאַ פאַרצווייפלטער פאַרביטערונג קעגן זיינע באַלעבאַטים, וועלכע ער איז קיין זאַך נישט מוחל. מיט אַ מין עקשנותדיקער **אויטאָמאַטישקייט**, צאָלט ער אויג פאַר אויג, און צאָן פאַר צאָן. אויסער די אומצייליקע שפּיצלעך,

וואָס ער טוט אָפּ, סמט ער דאָס הינטל, דעם ליבלינג פון באַלע־באָס טאָכטער, שרעקט איבער די אַלטע און פאַרקירצט איר דאָס לעבן; און צום סוף, טוט ער אָפּ אַ שפּיצל, וואָס האָט שיעור נישט געקאָסט דעם מיידל דאָס לעבן, און מוז דערפאַר איבעררייסן די לערע און פאַרלאָזן די שטוב.

דאָס זיינען געווען נישט קיין בלויזע נקמה־אַקטן, נאָר דער עיקר דעפּענסיווע מיטלען אויף אויפצוהאַלטן דעם איינציקן אָנ־שפּאַר אין לעבן: דעם זעלבסט־גלויבן, וואָס האָט באַפעסטיקט די וואַקלדיקע גאַנצקייט פון זיין פּסיכישן וועזן און איז פאַר אים גע־ווען ווי אַ רעטונגס־גאַרטל אויף די צעשטורעמטע כוואַליעס פון לעבן.

די נקמה־אויסברוכן ווי אַן אויטאָמאַטישע רעאַקציע צו קאָמ־פּענסירן דעם דערנידעריקטן איך, די אימפּולסיווע אויסלאָדונג פון דער פאַרביטערונג, דאָס זיך־לאָזן־ברעכן, אָבער נישט בייגן, איז גע־וואָרן די הויפּט־כאַראַקטעריסטיק פון אַ גאַנצער ריי יונה ראָזענ־פעלדס העלדן. שלמהקע איז איינער פון דער דאָזיקער אייגנאַרטיקער גאַלעריע טיפּן. די דערציילונג, וואָס טראָגט דעם נאָמען פון הויפּט־העלד, האָט אַן אונטערקעפּל: „וואָס מען האָט פון אים געמאַכט”, און יונה ראָזענפעלד מאָלט איבערצייגנדיק און עכט, ווי אַזוי מען האָט שלמהקען „געמאַכט” משוגע. ער וויקלט־אויף פאַר די אויגן אין איינדרוקספולע בילדער אַ טראַגישן גראַנגל פון אַ מענטשלע־כער נשמה, און ווייזט די אַלע עטאַפּן, דעם גאַנצן פּראָצעס פון פּסי־כישער יווירונג און אומוואַנדלונג, וואָס דערפירט אַ נאָרמאַל, געזונט און לעבעדיק קינד צו אַ צושטאַנד פון אַ מין קאַטאַטאָניע, פון פּסי־כישער פאַרגליווערונג, ביי וועלכער די נשמה שטאַרבט אָפּ און דער קערפּער בלייבט ווי אַ חרובער זייגער־קאַסטן מיט שטייענדיקע ווייזערס, וואָס גלאָצן בלינד ווי אַ מצבה אויף אַ פאַרשניטן לעבן.

קיין שום קלינישע געשיכטע פון פּסיכיאַטריע קען נישט אַנט־

פּלעקן אַזוי אַלזײַטיק און טיף די פּסיכישע פּראָצעסן, וואָס שפּילן זיך אָפּ אינעם אונטערגרונט פֿון דער מענטשלעכער נשמה. דאָס איז די פּריווילעגיע פֿון דער קונסט, וואָס דרינגט אַרײַן אין די טיפֿסטע סודות פֿון דער נאַטור, און אַנטפּלעקט די געהיימניש־פֿולע וועלטן. די וויסנשאַפֿט, און באַזונדערס דער פּסיכאָאַנאַליז, האָט זייער פֿיל געלערנט בײַ דער קונסט, וועלכע אָפּערירט דער עיקר מיט עמאָציאָ־נעלע עלעמענטן; און די עמאָציעס פֿאַרלויפֿן דעם וועג פֿון געדאַנק, זיי זײַנען זיך מקדים אין דער השגה פֿון זאַכן, ווײַל דער מענטש נעמט אויף די ווירקלעכקייט קודם מיטן געפֿיל, און ערשט נאָכדעם קומט דער אורטייל פֿון שכל. די שעפֿערישע פֿאָרשטעלונגס־קראַפֿט פֿון יונה ראָזענפֿעלד האָט געגעבן זייער אַ רײַכן מאַטעריאַל פֿאַר דער דערקענטעניש פֿונעם פּסיכישן דינאַמיזם, אַזוי אין זײַן נאָר־מאַלן צושטאַנד, ווי אויך אין זײַנע פּילצאָליקע און פֿאַרשיידנאַרטיקע אָפּנויגן.

## „וואָס מען האָט פֿון אים געמאַכט"

שלמהקע איז נאָך קיין יאָר נישט אַלט געווען ווען דער טאַטע זײַנער האָט אים אָנגעהויבן צו „לערנען" מיט אַ געשריי, מיט אַ טופּ מיטן פֿוס, מיט אַ פּעטשעלע און שפּעטער מיט אַ ריטעלע. ווען שלמהקע איז דרײַ יאָר אַלט געווען, האָט אים דער טאַטע דרײַ שמיצעלעך אין אונטערהלקל געגעבן — אַן אָדערויף הייסט עס — און אים אַוועקגעשיקט אין חדר אַרײַן; און ווײַל ער האָט געוואָלט, אַז פֿון בן־יחידל זאָל אויסוואַקסן אַ „כּלי", האָט ער אים אָפּגעגעבן צו אַ שטרענגן מלמד, בײַ וועמען דער קאַנטשיק איז תּמיד געלעגן אויפֿן טיש און געהאַלטן אין שטענדיקער מורא די קליינע עופֿהלעך. און וואָס מער מען האָט אים געשלאָגן אַלץ עקשנותדיקער און טיפֿער איז געוואָרן זײַן שנאה צו מענטשן. די שמיץ האָבן אים אויפֿגע־

הערט צו שרעקן, האָט ער אויף יעדן קלאַפּ געענטפערט — אויף זײַן שטייגער — מיט אַ קלאַפּ. דער טאַטע איז אַן עקשן און כעסן געווען, האָט דער זון, ווי עס שײַנט, געירשנט זײַנע אייגנשאַפטן. זײַן רעאַקציע אויף די קלעפּ איז ווי אויטאָמאַטיזירט געוואָרן, און ער האָט אומבויגזאַם און אומפאַרמײַדלעך געענטפערט מיט פּײַניקן זײַנע פּײַניקער, מיט צעריסן און צעברעכן זיי פון די כלים, מיט דערפירן זיי ביז טירוף־הדעת.

ווען דער טאַטע שרײַט שמײַסנדיק אים: „דו וועסט נאָך? דו וועסט נאָך?" ענטפערט ער מיט שוים אויף די ליפּן און מיט בלוט־פאַרלאָפענע אויגן: „איך וועל נאָך! איך וועל נאָך!"

ער קריכט אַרויף אויפן שפּיץ פון אַ דאַך גרייט יעדע מינוט אַראָפּצופאַלן, און האָט ווילד הנאה ווען ער זעט ווי דער פאָטער פּאַדעט אַרום דער שטוב ווי אַ משוגענער. אויף דער מאַמען האָט ער טאַקע רחמנות, אָבער די פאַרצווייפלונג פון טאַטן פאַרשאַפט אים אַ ווילדן פאַרגעניגן, און ווען דער פאָטער גיט אים אַפּ, אַלס שטראָף, צו אַ שוסטער, וועלכער טוט אים אָן געצברענטע לייד, צינדט ער אונ־טער די שטוב און בלײַבט ליגן מיט דער כוונה אומצוקומען אין די פלאַמען, תמות נפשי עם פּלשתים. די גאַנצע סביבה ווערט אַרײַנ־געצויגן אין דער פאַרפאָלגונג פון אומגליקלעכן קינד, די שכנים האַלטן מיטן טאַטן, די קינדער העלפן דעם רבין צו כאַפּן אים און שמײַסן, שפּרייט ער אוים זײַן שנאה אויפן גאַנצן אַרום און וואַרפט אַרײַן אַ קאַץ אין שטאָטישן ברונעם; און ווען ער באַקומט דערפאַר אַ ביטערן פּסק, בינדט ער אָן אַ שטיין אויפן האַלדז פון אַ לעבעדי־קער קאַץ און וואַרפט זי אַרײַן אין טײַך.

„און אַ שווידער האָט דורכגענומען דאָס גאַנצע וועזן זײַנס, ווען ער האָט דערזען ווי די קאַץ האָט פון וואַסער דאָס קעפּל אויפגעהויבן, און אַ קוק געגעבן אויף אים מיט צוויי ווילדע קעצישע אויגן". און ווידער האָט דער פאָטער געשלאָגן מכת רצח, די מאַמע האָט גע־

גאַסן מיט טרערן, און פרומע שכנות האָבן געשראָקן, אַז „די טויטע קאַץ וועט ביינאַכט אים קומען ווערגן"...

און אָט די פײַנלעכע דערפאַרונג האָט אויך באַשטימט זײַן ווײַטערדיקן גורל. זײַן פאַרגעניגן צו פּײַניקן דעם פאָטער איז ווי טראַנספערירט געוואָרן אויף דעם אייגענעם איך, ווײַל אין זײַן אייגענעם פּײַן האָט ער אומבאַוווּסטזיניק געפילט דעם טאַטנס שטראָף און אומגליק.

די ליבע צו דער מוטער איז צו שוואַך געווען אים צו דערהאַלטן בײַם לעבן, און די שנאה צום פאָטער געווען שטאַרק, אויף טרײַבן צום טויט. און ווען דער זעלבסטמאָרד־פּרווו אינעם שומערס שטיבל האָט זיך נישט אײַנגעגעבן, פאַלט ער אַרײַן אין אַ טיפער דעפּרעסיע און לויפט צום טײַך, זעצט זיך אַרײַן אין אַ שיפל, ווי עס שײַנט, מיט דער אונטערבאַוווּסטזיניקער כוונה צו מאַכן אַ סוף מיטן לעבן.

דער רבי מיטן פאָטער זוכן אים אָפּ, און געראַטעוועט פון פּסק האָט אים עפּעס אַן אָרעמע קינדערלאָזע אלמנה, וואָס האָט אים אַרויסגעריסן פון די שטראָפנדיקע הענט. און ווען די פרוי האָט צו אים אַרויסגעוויזן אַ מוטערלעכע אויפמערקזאַמקייט, האָט די לאַנגדערשטיקטע בענקשאַפט נאָך מענטשלעכער וואַרעמקייט אַרויסגעריסן בײַ אים אַ קוואַל פון דערלײַכטערנדיקע טרערן.

אָבער ס׳איז שוין געווען צו שפּעט. דער גײַסטיקער צוזאַמענברוך איז געקומען, און דער ביז־צום־טויט־פאַרשעמטער און צעטראָטענער איך, האָט איין מאָל פאַר אַלע מאָל איבערגעריסן אַלע פעדים, וואָס האָבן אים פאַרבונדן מיט דער גיהנומדיקער ווירקלעכקייט: מיטן טאַטן, מיטן רבין, מיט די קלעפּ און שמיץ, מיט די פּײַנלעכע דערנידעריקונגען פון זײַן קורץ, אָבער שווידערלעך־שווער, לעבן.

שלמהלע איז אַנטלאָפן פון דער רעאַלער וועלט, וואָס האָט אים פאַרשאַפט אַזוי פיל יסורים און שרעק, און האָט זיך באַהאַלטן אין

אַ פינצטערן גליווער פון נישט־זײַן, אין אַ וועלט פון האַלוציִנאַציעס, אין אַ וועלט פון שגעון.

דער אַקטועל־לעצטער גורם פון אויסברוך, וואָס איז געפאַלן ווי אַ פונק אויפן יאָרנלאַנג אָנגעזאַמלטן אויפרײַס־שטאָף, זײַנען געווען די שפּיזיקע אויגן פון דער דערטרונקענער קאַץ... עס איז געווען אין אַ גרויען פרימאָרגן, די אַלמנה איז אַרויס און דאָס יינגל איז געלעגן פאַרטראָגן אויף זײַן געלעגער אין דעם שטילן הויז בײַם טײַך.

„פלוצים האָט פון אונטערן טיש עפּעס אַ בליאַסק געטאָן: עס האָבן אַ גלאַנץ געטאָן אַ פּאָר אויגן, אַזוי לעבעדיק, און שטיל, שטיל... און ערגעץ טיף בײַ אים, אין אַ פאַרוואָרפן פינצטער ווינקל, האָט דער גלאַנץ געקריגן אַן אָפּשײַן, ווי ערגעץ בײַ אים וואָלט שוין לאַנג עפּעס ענלעכעס געלעגן באַהאַלטן, ווי דאָס וואָלט עפּעס אַ מין ווײַטע בולט־שאַרפע דערינערונג געווען...”

די פאָר אויגן פון אונטערן טיש, האָבן אַרויסגערופן דעם שווידער־בליק פון דער דערטרונקענער קאַץ. דער טראַומאַטישער אײַנדרוק פון דער גרויל־סצענע בײַם טײַך, וועלכער איז פאַרטריבן געוואָרן אין תהום פון פאַרגעסונג, איז אין מאָמענט פון פאַרצווייפלונג און שוואַכקייט, אַרויסגעשווומען אויף דער אויבערפלאַך און מיט זײַן שווידער־בילד פאַראַליזירט, פאַרגליווערט, זײַן גאַנץ וועזן, וואָס האָט אויפגעהערט צו זען, צו הערן, צו פילן...

„אַרום איז געווען שוואַרץ און שטיל, און פון דער שוואַרצער שטילקייט האָבן געגלאַנצט אַ פּאָר אויגן... האָבן אַרײַנגעקוקט אין אים, און האָבן פּאַמעלעך, שטיל, ווי די שטילקייט אַליין, זיך דערנעענטערט צו אים; און געדאַכט האָט זיך אים, אַז צוזאַמען מיט די אויגן רוקט זיך אַלץ אָן אויף אים. די גאַנצע שטוב רוקט זיך צונויף, ווערט קירצער און שמעלער,

און טיף באַהאַלטן אונטער דער שטילקייט, טוט זיך עפּעס... טוט זיך עפּעס... אַ טײַך!... גלאַט און דורכזיכטיק... די זון... אַ פּאָר אויגן... שווימען צו אים... שווימען... שטיל... שטיל, שטיל...

„— מיאַ־או־או...

„די קאַץ וועט דיך קומען ווערגן בײַנאַכט!... וועט דיך קומען ווערגן!...

„דער געדאַנק איז עפּעס פון ווײַט־ווײַט אָנגעקומען... האָט זיך שאַרף אַרײַנגעשניטן אין מוח און געדאַכט האָט זיך אים, אַז עמעצער האָט עס אים נאָרוואָס אײַנגערוימט אין אויער אַרײַן. און די פּאָר אויגן האָבן שטום־רעדעוודיק עס באַשטעטיקט:

„איך בין געקומען דיך ווערגן!״...

„ווען די מוטער איז געקומען האָט זי שוין דאָס קינד נישט דערקענט. דאָס פּנים איז געווען פאַרקרימט, די אויגן זײַנען געשטאַנען שטאַר, ווי פאַרגליווערט, און געקוקט אין איין פּינטל... ער האָט אַ לאַך געטאָן... נישט שלמהלע, עפּעס אַ פרעמדער האָט פון אים אַרויסגעלאַכט... אַ פּאָר אומפאַר־שטענדלעכע ווערטער האָבן זיך אַרויסגעריסן... אָבער סײַ דאָס לאַכן און סײַ זאָגנדיק די ווערטער, האָט זיך דאָס פּנים זײַנס נישט געענדערט, און די אויגן זײַנען שטאַר געשטאַנען און געקוקט אין איין פּינטל...״

## דער לעבנס - גורל פון י. ראָזענפעלדס ליטעראַרישע העלדן

פון אויטאָביאָגראַפישע ראָמאַן „איינער אַליין״ ציִען זיך ווי שטראַלן די עיקרדיקע כאַראַקטער־שטריכן, די שטימונגען, פאַרבן

און געפילן, וואָס פאַרבינדן מיט אַן ענלעכן לעבנס-גורל דעם יונגן העלד פון אויבנדערמאָנטן ראָמאַן מיט אייניקע פון יונה ראָזענ־פעלדס ליטעראַרישע טיפּן. עס איז פאַראַן אַ פאַרבאָרגענע ענלעכ־קייט אינעם עצם פון זייער וועזן, אַן ענלעכקייט אין דער אימאַזשי־נערער אַקס, אַרום וועלכער עס באַוועגן זיך די געשעענישן און וואָס באַשטימט זייער לעבנס-גורל.

דער העלד פון „איינער אַליין" האָט אויך נאָך אַ פּסק, וועלכן ער האָט געכאַפּט פון זיין באַלעבאָס, פּעסט באַשלאָסן אונטערצינדן די שטוב. און ער וואָלט זי אונטערגעצונדן, פּונקט ווי דאָס האָט גע־טאָן שלמהקע מיטן שוסטערס הייזל. ווייל אַ גרויסער טייל פון ראָ־זענפעלדס העלדן זיינען ווי אויסגעגאָסן פון שטאָל, הכנעה איז זיי דערווידער און מיט אַן אויטאָמאַטישן געבייזער בייסן זיי דעם שטעקן, כאָטש עס פאַלן די ציינער, ווי שלמהקע איז געפאַלן. זיי ענטפערן מיט בייז אויף בייז, אָבער אויך מיט גוטס אויף גוטס; און אויב דער העלד פון „איינער אַליין" האָט דאָך מיטן פייער די שטוב נישט געלאָזן, איז עס נאָר דערפאַר, ווייל ער האָט אין דער פרי געפונען ביי זיך אויפן וואַרשטאַט אַ גלאָז טיי מיט ברויט. אָט דער דאָזיקער אין פלוג אומבאַדייטנדיקער מענטשלעכער זשעסט, האָט נייטראַליזירט דעם אָנגעזאַמלטן גיפט און האָט אויסגעלאָדן דעם וויטיק פון האַרצן, וואָס האָט בלויז געלעכצט נאָך אַ פריינד־לעכן בליק, נאָך אַ שטראַל האַרציקייט פון מענטשן.

ראָזענפעלדס העלדן, ווי זייער שעפער, זיינען נישט „פון דער נאַטור אויס" שלעכט; זיי פאַרמאָגן אַ געזונטן מאָראַלישן קערן, וואָס ווערט אָבער גאַנץ אָפט צעריבן אין די מילשטיינער פון אַ ביטערן לעבן.

דער דעטערמיניזם פון די סאָציאַל-עקאָנאָמישע און פּסיכישע פאַקטאָרן, ריכטעט אין אַ גרויסער מאָס דעם גורל פון ראָזענפעלדס פּערסאָנאַזשן, אַ טייל פון וועלכע באַוועגן זיך, ווי געזאָגט, אין דער

אַרביטע פון זײַן אייגענער לעבנס־דערפאַרונג, און זײַנען אַן אויס־שטראַלונג פון זײַנע טענדענצן, אַ ווידערקול פון זײַנע פריידן און לײַדן, אַ פאַרקערפּערונג פון זײַנע אידעאַלן...

## אַ „ווילדע בריאה"

מנשה, דער העלד פון „אַ ווילדע בריאה", באַשטעטיקט מיט זײַנע מעשים דעם נאָמען פון דער דאָזיקער טיפּיש ראָזענפעלדישער דערציילונג, און דערשײַנט נישט בלויז אין די ווילדע אויסברוכן פון זײַן פאַרצווייפלטן צאָרן, נאָר אויך אין די פאַרשיידנאַרטיקע מאַני־פעסטאַציעס פון זײַן עמאָציאָנעלן אינערלעכן לעבן.

מנשה איז אַן אַלטער בחור, אַ שוסטער־געזעל, וואָס „האָט שטענדיק געשוויגן, שטענדיק טרויעריק געווען, ווי ער וואָלט כסדר פון פײַנלעכע זאַכן געטראַכט... ווען מען רעדט צו אים קוקט ער קיינמאָל אין די אויגן נישט, נאָר אַן אַ זײַט, פאַרטראַכט, אין איין פּינטל".

קורץ — לכתחילה אַ פּאַטאָלאָגישע נאַטור; אָבער אין דער דאָ־זיקער פּאַטאָלאָגיע איז פאַראַן אַן אייגנאַרטיקער שטריך, וואָס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר דער קינסטלערישער קאָנסטעלאַציע פון אַ גאַנצער ריי פון יונה ראָזענפעלדס העלדן; און דאָס איז די עמאָציאָ־נעלע אָפּהענגיקייט, די נאָגנדיקע בענקשאַפט נאָך מענטשלעכער וואַ־רעמקייט און שוץ, ווי אַן אויסדרוק פון נישט־גענוגנדיקער פּסיכישער רייפקייט און זעלבסטשטענדיקייט.

און ווי אַ רעאַקציע קעגן דער דאָזיקער גרונד־שטימונג פון פאַר־ביטערונג און עלנטקייט, ווערן מאָביליזירט אַלע גײַסטיקע קרעפטן, אין דער נאַרציסיסטישער שטרעבונג צו געפינען אַן אָנשפּאַר אין די אייגענע כוחות, כדי לײַכטער און פרײַער זיך קענען אויסלעבן אין די ד׳ אמות פון דער אייגענער פּערזענלעכקייט.

אויפן קרענקלעכן פּסיכישן באָדן פון דער „ווילדער בריאה" האָט דער נאַרציסיזם, — דער פאַרצווייפלטער פּרוּוו צו פאַרזיסן דעם ביטערן טעם פון איינזאַמקייט, צו דעקן דעם געפיל פון שוצלאָזי־קייט, און געפינען פרייד און שוץ אינעם אייגענעם וועזן — דערגענע־רירט און זיך צעוואַקסן אין פּוסטער גאווה, אין אויפגעבלאָזענער אייגן־ליבע, וואָס גרענעצט מיט גרויסקייט־מאַניע.

מנשה איז איינגעשפּאַנט אין יאָך פון אַ שווערן לעבן; עס שיטן זיך אַ סך קלעפּ אויף זיין קאָפּ, און עקשנותדיק צאָלט ער שטום זיינע פּייניקער פאַר יעדן קלאַפּ מיט עפּעס אַ שאָדן. אָבער ער איז טריי ווי אַ הונט יעדן איינעם, וואָס ווייזט צו אים אַרויס אַ מענטשלעכע באַנעמונג, און טוליעט זיך צו ווי אַ קליין קינד צו די, וואָס וואַרפן אים צו אַ גוט וואָרט אָדער שענקען אַ פריינדלעכן שמייכל.

צו איינעם פון די אַרבעטער האָט מנשה באַזונדערס זיך צוגע־קלעפּט, ווייל ווען ער איז קראַנק געווען, האָט אים יענער געבראַכט אַ פּאָר עפּל. און ווען דער אַרבעטער האָט חתונה, ווערט אַ באַלע־באָס און נעמט מנשהן צו זיך, איז ער טריי דער שטוב מיט לייב און לעבן; ער גיט־זיך־אַוועק אין גאַנצן, פריידט זיך מיט די פריידן פון זיינע באַלעבאָטים און ליידט מיט זייערע ליידן. ווערט עפּעס פאַרפאַלן אין שטוב, גייט ער אַרום אַ צעקאָכטער און אומגליקלע־כער, און אַרבעט אָן אויפהער. „אַ ברוגזער גיט ער אַרויס צוויי מאָל אַזוי פיל אַרבעט".

ווען אין שטוב איז אַלץ בשלום, איז מנשה שטיל און צופרידן. ס׳איז אַ פרייד וואָס שלאָגט זיך נישט אַרויס אין דרויסן, נאָר דריקט זיך אויס אין אַ טעמפּער גלייכגילטיקייט, אין שטומער זאַט־קייט פון אַ קינד אונטער דער שוץ פון גוטע עלטערן. און פיל מער, ווי עס שיינט, האָט מנשה נישט געדאַרפט האָבן; זיין ליבע־דורשט איז געבליבן שטעקן אויפן שטאַפּל פון די פּרימיטיווע קינדער־יאָרן, ווען דאָס נפשל איז נאָך פאַרנומען מיט זיך אַליין, האָט פאַרגעניגן אינעם

נאָגן דאָס אייגענע פינגערל, און אויסער דער מוטער פילט עס נישט קיין באַדערפעניש אָנצוקניפּן אַ קאָנטאַקט מיט אַנדערע אויסערלעכע אָביעקטן. מער ווי אַ מאַמען דאַרף עס נישט האָבן.

„מנשה איז געווען זייער גרוים ביי זיך", און ווען דאָס דינסט־מיידל האָט זיך דערלויבט מיט אים עפּעס צו שאַפן, האָט ער איר אַפילו נישט געענטפערט, נאָר געכאַפּט אַ שטיק האָלץ און געוואָרפן אין קאָפּ אַריין. „פאַרענטפערן זיך האָט ער פיינט געהאַט. ער איז געווען איבערצייגט, אַז ער איז שטענדיק גערעכט".

און די גרויסע חשיבות פון זיין פּערזענלעכקייט האָט מנשה אויפגעבלאָזן און אונטערגעהאַלטן מיט דער איבערצייגונג, אַז ער איז אַ גוטער און נייטיקער געזעלן; דערפאַר האָט ער עס אין די אַנפאַלן פון רוגז געזוכט אַ סאַטיספאַקציע און קאָמפּענסאַציע אין דער אַרבעט, און ווי אַ באַנומענער טאָג און נאַכט געזעסן ביים שוסטערישן טישל. וואָס טיפער ס'איז געווען זיין אומגליק, אַלץ גרע־סער דער דראַנג צו געפינען אַ טרייסט אין דער אַרבעט, וואָס זאָל דערהייבן זיין מוט און באַפעסטיקן דעם גלויבן אין דער אייגענער פולווערטיקייט, מענלעכקייט און זעלבסטשטענדיקייט.

די אַרבעט איז זייער אָפט אַן עיר־מיקלט אויף זיך אויסצובאַ־האַלטן פון דער שווערער ווירקלעכקייט, אויף צו אַנטלויפן פון זיך און זיך פאַרבאַרגן פון אַנדערע; און מיטן קאָפּ אַריינגעטאָן אין דער אַרבעט, ווי אַ שטרוים־פויגל אין זאַמד, נישט זען די לויערנדיקע גע־פאַרן, נישט פילן דעם פּיין וואָס בייסט זיך אַריין אין האַרצן, נישט הערן די גרילצנדיקע געשרייען פון די איינגעגעסענע ליידן און זאָרגן.

און דעם באַלעבאָס זיינען שטאַרק געפעלן געוואָרן מנשהס אַנ־פאַלן פון אַרבעטסזאַמקייט, פלעגט ער זיך אַליין באַגנבענען כדי אונ־טערצוהאַלטן מנשהס צאָרן און זיין ווילדן חשק צו קלאַפּן שטיפטן. אָבער ער האָט צו פיל אָנגעצויגן דאָס שטריקל; דער וואָכנלאַנגער

אומרו און רוגז האָט אים פאַרסמט דאָס בלוט, דערשטיקט די גע־
פילן אין הארצן; די שנאה האָט פאַרשאָטנט דעם בלאָסן שײַן פון
באַוווסטזײַן אין זײַן שוואַכן מוח, און אין אַן אימפּולסיוון אויסברוך
פון צאָרן האָט ער מיט אַ מעסער זיך געוואָרפן אויף די שטוביקע
מענטשן...

## אַפעקטיווער הונגער

אַן ענלעכער פּסיכישער מעכאַניזם בילדעט אויך דעם רוקנביין
פון דער האַנדלונג אין „אויף דער עלטער". אָבער אויב מנשהן האָט
געפעלט „אַ קליעפּקע", זײַנען שוין דווקא די העלדן פון דער דאָזי־
קער דערציילונג בײַ די פולע געדאַנקען און מיט אַ סך גראָדן שכל.
ייִדן סוחרים, אַמאָל קאָנקורענטן געווען, איינער בײַם אַנדערן די
קונים אויסגעכאַפּט, צרות אָנגעטאָן. אָבער דאָס איז געווען מיט אַ
סך יאָרן צוריק, הײַנט פירן שוין די געשעפטן די קינדער, דער קאַמף
האָט זיך שוין לאַנג אײַנגעשטילט, די שנאה אויסגעלאָשן, מען
דאַוונט אין איין שיל, מען וווינט אויף איין גאַס, און מען לעבט אַזוי
לאַנג איינער לעבן אַנדערן.

זיי זײַנען די צוויי עלטסטע ייִדן אין שטעטל, מ'זעט ממש בחוש,
אַז דער גורל פון איינעם איז פאַרבונדן מיטן גורל פון צווייטן, זיי
חלשן זיך איבערבעטן — און בלײַבן ברוגז. ווען איינער פעלט אַ טאָג
אין שיל, פרעגט אויף זײַן געזונט דער צווייטער, און ווען מען
טרעפט זיך, קוקט מען זיך שטום אָן מיט טרערנדיקע אויגן, און
— מען שווײַגט פאַרעקשנט. בײַ די הקפות זוכט איינער דעם אַנ־
דערן כאָטש מיטן טלית אָנצורירן, פאַר יום־כיפור וואַרט יעדער איי־
נער אויף אַ נס... אפשר? אפשר וועט דער צווייטער מאַכן דעם ער־
שטן טריט און צוגיין... און ריידן...

און אַזוי האָבן זיי אָפּגעוואַרט פּופּציק לאַנגע יאָר, ביז... ביז

איינער איז געשטאָרבן — און דער צווייטער איז גאָר גיך אים נאָכ־געגאַנגען.

אפשר וועלן זיי דאָרט, אויפן עולם האמת, זיך איבערבעטן; דאָ, אויף דער זינדיקער ערד, האָבן זיי עס געוואָלט און נישט געקענט טאָן. אַזאַ גורל, נישט באַשערט געווען; עפּעס אַ געהיימע קראַפט, נישט צו באַנעמען מיטן שכל הישר, האָט צו דעם שלום נישט דער־לאָזן.

און אָט די דאָזיקע געהיימע קרעפטן, די אויפן ערשטן אויסזען אומפאַרשטענדלעכע און אומלאָגישע האַנדלונגען פון מענטשן, האָבן געלאָקט יונה ראָזענפעלדס אויפמערקזאַמקייט, האָבן אָנגעצונדן זײַן פאַרשטעלונגס־קראַפט און געגעבן דעם רוימאַטעריאַל פון וועלכן ער האָט געפורעמט זײַנע קינסטלערישע געשטאַלטן, אַזוי גוט פערוווער־זע נאַטורן, ווי דורכוים נאָרמאַלע מענטשן.

וואָלט ער געגעבן בלויז פּסיכישע קריפּלען, וואָלט זײַן שאַפונג געווען איינזײַטיק, קלינישער מאַטעריאַל פאַר ספּעציאַליסטן. זײַן קרעפטיקער טאַלאַנט האָט אָבער אַרומגעכאַפּט פיל ברייטערע האָ־ריזאָנטן, און זײַן „קליניש” אויג האָט דערזען און באַלויכטן מיט אַ העלער שײַן פיל פאַרבאָרגענע ווינקלען אין דער נשמה פון מענטשן.

דער אַנאַליז פון זײַנע ווערק אַנטפּלעקט אונדז דעם דעטערמי־ניזם אויך פון זײַן קינסטלערישער טעמאַטיק, וויקלט אויף דעם סו־דותפולן קנויל פון מענטשלעכע טאַטן, קלערט אויף די לאָגיק פון די געשעענישן, און העלפט אונדז טיפער אַרײַנצוקוקן און בעסער פאַרשטיין די אינערלעכע באַוועג־קרעפטן, די פאַרבאָרגענע און עיקרדיקע טענדענצן, וועלכע באַשטימען דעם כאַראַקטער, דעם טעמפּעראַמענט, דעם בשותפותדיקן גורל פון זײַנע העלדן.

יונה ראָזענפעלד האָט פאַרמאָגט אַ שאַרפן פּסיכישן אינסטינקט, וואָס האָט אים אָריענטירט אינעם „טונקעלן לאַבירינט פון דער

מענטשלעכער נשמה"; און ווי אַ גרויסער מײַסטער האָט ער אויסגעשפּילט אויף די אײדעלע סטרונעס פון מענטשלעכן האַרצן אַ סימפאָניע פון זעלטענער שײנקײַט און קראַפט.

אַ גרויסער טייל פון זײַן ליטעראַרישן טיפּאַזש איז פּרימיטיוו און גרוי, אַרויסגענומען פון די נידעריקסטע סאָציאַלע שיכטן, דאָך האָט אַ גרויסער טייל פון די דאָזיקע מענטשן, דאָס האַרץ גאַנץ הויך איבערן גאַרטל. זיי ווערן נישט בלינד באַווירקט דורך די עלעמענטאַרע אינסטינקטן, נאָר פאַרמאָגן אויך העכערע גײַסטיקע קרעפטן, און שטעלן אַ ווידערשטאַנד די פּרימיטיווע אימפּולסן, קעמפן קעגן זיך און קעגן דעם אָרום; און אָט דער דראַמאַטישער קאַמף באַשײַנט זיי מיט אַ באַזונדערן חן, און מאַכט זייער ביטערן גורל אַזוי נאָענט און אַלמענטשלעך.

מנשה, דער העלד פון „אַ ווילדע בריאה", איז אַ פּראָסטער חיוקים, אַ רויע, און צו דעם נאָך פּסיכאָפּאַטישע נאַטור, אין וועלכער ראָזענפעלד געפינט אויס אײדעלע טיף-מענטשלעכע שטריכן, און ווײַזט אַ שטומע נשמה, וואָס ווערט פאַרצערט אין פלאַמען פון טיפער בענקשאַפט נאָך פרײַנדשאַפט, פון אויפריכטיקער געטרײַשאַפט און איבערגעגעבנקייט צו מענטשן.

יונה ראָזענפעלד האָט זײַן אינספּיראַציע געשעפּט פון דער מענטשלעכער טיף, פון יסוד אויף וועלכן ס'איז אויפגעבויט די מענטשלעכע פּערזענלעכקייט, און זײַן קונסט האָט דעריבער איבערגעשפּאַנט זײַן דור און די סאָצאַלע גרענעצן פון זײַנע העלדן.

יונה ראָזענפעלדס העלדן — ווי זייער שעפער — קענען נישט זײַן „אײנער אַליין", זיי קענען קיין אײנזאַמקייט און עלנט נישט פאַרטראָגן. זיי פילן זיך גוט נאָר אין דער געזעלשאַפט פון מענטשן. דער מענטש איז אַ געזעלשאַפטלעכע „בריאה" און ווערט „ווילד" אין אַ סביבה פון קאַלטער אוממענטשלעכקייט. אָן דער אַפעקטיווער וואַרעמקייט פון זײַנע מיטמענטשן קאָן ער נישט לעבן ווי אָן לופט.

ער דאַרף עמיצן ליבן, און געליבט ווערן, ס'איז אַן עלעמענטאַר גע־זעץ פון דער מענטשלעכער נאַטור, אַן אור־קראַפט וואָס ליגט אין יסוד פון מענטשלעכן וועזן.

אָט די דאָזיקע שטומע בענקעניש פון האַרצן, דער נאָגנדיקער דראַנג נאָך אַפעקטן, וואָס מאַכט אַזוי מענטשלעך דעם מענטשן, וואָס צינדט אָן אין אים אַ פונק פון נשמה־יתירה, האָט אין מנשהן מער זיך אָנגעשטויסן אויף אויסערלעכע שטערונגען. די העלדן פון „אויף דער עלטער" טראָגן די צוימען, וואָס פּענטען זייערע געפילן, אין זייער אייגענעם אינערלעכן וועזן. יעדן איינעם פון דעם אַלטן פּאָרל האָט שווער געפּרעסט דער עלנט, און וואָס עלטער מען איז געוואָרן אַלץ פּיַינלעכער איז געווען די בענקשאַפט נאָך אַ חבר אין לעבן. און דאָך האָט די עקשנותדיקע זעלבסטליבע, דער אומבייגזאַ־מער אינערלעכער שטאָלץ, וואָס איז אַזוי כאַראַקטעריסטיש פאַר ראָזענפעלדס העלדן, אויף קיין פּשרות נישט דערלאָזן.

זיי האָבן זייער גורל אויסגעטראָגן ביזן סוף.

אין דער קליינער דערציילונג „אַ גנב" שילדערט יונה ראָזענפעלד אַ פאַרצײַטיקן סטאָליער־וואַרשטאַט. אַ שטיק לעבנסשטייגער ווערט גענומען ווי אונטער אַ פאַרגרעסער־גלאָז, און מיר ווערן טיף־גערירט פון אַ קינדישער טראַגעדיע, פון אָפּגענאַרטע האָפענונגען, פון פאַרשוועכטע תמימותדיקע טרוימען. עס רירט אונדז דער גורל פון יונגן העלד, און עס טוט וויי די געפּיללאָזיקייט און רשעות פון די אַרומיקע מענטשן. די סביבה איז שוין אָפּגעלעבט, אָבער עס לעבן און געפינען אַן אָפּקלאַנג אין האַרצן די לײַדן און פריידן פון דעם מענטשן, וועלכער איז דורך אַלע דורות אונטערגעוואָרפן די גע־זעצן פון זײַן אייגענער נאַטור, אין יסוד פון וועלכער עס ליגט דער דראַנג זיך אויסצולעבן אין אינטימער, האַרציקער פאַרבינדונג מיט מענטשן.

זייער זעלטן הערט יאָסל אַ ווייך וואָרט פון זײַן באַלעבאָס; און ווען ער הערט עס וואָלט ער פאַרן באַלעבאָס אין פײַער אַרײַן גע־

לאָפּן. „און עס מוטשעט אים דאָס געוויסן פֿאַרוואָס ער קאָן נישט אַרבעטן, פֿאַרוואָס דער באַלעבאָס דאַרף זיך מיט אים דאָס האַרץ אָפּעסן".

דער באַלעבאָס שיקט אים עפּעס קויפֿן, און עס דאַכט זיך אים, אַז דער קרעמער האָט ווייניק געגעבן; ווען ער האָט ביי זיך אַ פּאָר קאָפּיקעס וואָלט ער דערלייגט און געקויפֿט אַ סך, „דער באַלעבאָס זאָל אים זאָגן מאַלאַדיעץ, און אפֿשר נאָך אַ גלעט טאָן אין בעקל..."

און אָט רופֿט אים די באַלעבאָסטע זיך שפּילן מיטן קינד. אַלע לאַכן פֿון יאָסלס קונצן, און „דאָס האַרץ איז אים צעבראָכן פֿון ליב־שאַפֿט". דער באַלעבאָס האָט אים געשלעפּט פֿאַר די אויערן... זיך געשפּילט מיט אים הייסט עס. ער איז גליקלעך. מיט וואָס זאָל ער אים אָפּצאָלן? ווי זאָל ער אים אָפּדאַנקען? און נאָך לאַנגן טראַכטן באַשליסט ער אויפֿצושטיין פֿריער פֿון אַלעמען צו דער אַרבעט.

און ווען ער גייט אין דער פֿינצטער צו דער אַרבעט, פֿאַלט עפּעס אַראָפּ, די באַלעבאַטים כאַפּן זיך אויף, זיינען חושד אַז ער האָט געוואָלט גנבענען, און ער כאַפּט אַריין אַ ביטערן פּסק, ווי עס קומט פֿאַר אַזאַ פֿאַרברעכן...

און נישט בלויז קינדער טוליען זיך צו דער וואַרעמער שוים פֿון דער מוטער, אויך דערוואַקסענע קאָנען אָן פֿריינדשאַפֿט און ליבע נישט לעבן. ס'איז דער נאַטירלעכער דראַנג פֿונעם איינגעבוירענעם ליבע־געפֿיל — פֿון ליבידאָ — און וואָס פֿעסטער און געזינטער עס איז די פּסיכישע סטרוקטור פֿון מענטשן, וואָס גרעסער זיין ליבידאָ־דראַנג, אַלץ מער קאָן ער געבן און נעמען פֿון לעבן.

## ראָזענפֿעלדס סטיל

די אַרכיטעקטאָנישע קאָנסטרוקציע פֿון יונה ראָזענפֿעלדס דער־ציילונג איז אונטערוואַרפֿן אַ זעלטענער איינהייטלעכקייט, שפּאָר־

זאַמקייט און פלאַנמעסיקייט; אָן איבעריקע דעטאַלן און איבערפלי־
סיקע באַפוצונגען, אָן פוסטע רעטאָרישע פיגורן און קינסטלעכע מע־
טאַפאָרן, אָן קאָמפּליקאַציעס און סתם ריידערייַ. ער איז דורכאויס
פּרעציז, געמאָסטן און געצוימט אין זייַן שפּראַך־אויסדרוק. דאָס
וואָרט קומט ווי אַ קריסטאַליזירטע פאַרוואַנדלונג פון געפיל און גע־
דאַנק, ווי אַן אויסערלעכע מאַניפעסטאַציע פון אינערלעכער איבער־
לעבונג. די שילדערונג פון דער סביבה, די האַנדלונג פון די מענטשן,
דער אָטעם פון דער שטימונג, זייַנען האַרמאָניש אַרייַנגעפּאַסט און
באַהערשט דורך איין עיקרדיקן גרונדטאָן, וואָס פירט צום הויכ־
פּונקט, צום קלימאַקס, וועלכער איז געדיכט באַפאַרבט מיט עמאָציאָ־
נעלער איבערלעבונג.

זייַן יעדע דערציילונג איז געבויט אין סטיל פון אַ מין שטרענ־
גער פּיראַמידן־סטרוקטור: אַ ברייטע באַזע וואָס זיצט טיף פאַר־
וואָרצלט אין די אונטערערדישע שיכטן, מיט פאַרבאָרגענע קאַזאַ־
מעטן און קאָרידאָרן, אין וועלכע עס ליגט פאַרמויערט אַן אייביקער
סוד; און צום הימל שפּיזט לופטיק און ריין אַ גראַציעזער מאַסיוו,
וואָס באַהערשט אַ ווייַטע פּערספּעקטיוו, און סימבאָליזירט דעם
גורל פון מענטשן, וואָס האָט זייַן סוד פאַרוואָרצלט אין דער פינצטע־
רער טיף און אַ גייַסט, וואָס שטרעבט פאַרבענקט צו די אומענד־
לעכע הייכן.

פון אונטערן קאַלטן אַש פון גרויער וואָכעדיקייט און טריוויאַ־
ליטעט, שאַרט אַרויס ראָזענפעלד הייסע פונקען פון טיפער מענטש־
לעכער עמאָציע און אין די נידעריקסטע סאָציאַלע שיכטן, אונטער
דער פאַרגרעבטער הויט פון אויסגעגנסלאָזער נויט, געפינט ער
הערצער וואָס שלאָגן מיט אַ וואַרעמען אָטעם פון ליבשאַפט צו
מענטשן.

אָט זייַנען די טראַגישע פאַרשווינען פון „דאַטשניקעס", אין אַ
געוויסער מאָס ענלעך צו מאַקסים גאָרקים טיפּן. אָבער נישט קיין

בראָדיאַגעס, נאָר דווקא אַרבעטס־מענטשן. די מיזעריע האָט זיי אָבער פאַרטעמפּט די געפילן, זיך איינגעגעסן אין געמיט און פאַר־וואַנדלט אין שונאים; דער ביטערער קאַמף פאַרן טאָג־טעגלעכן ברויט, די מורא פאַרן הונגער, האָט זיי פאַרחיהשט, פאַרווילדעוועט.

מיכל איז אַן אָרעמער לאַטוטניק; זומער שטעלט זיך נאָך אײַין בײַ אים אַ דערטערעגלעכער צוזאַמענלעבן מיט זײַן משפּחה, ווײַל ער פאַרדינט; ווינטער אָבער בלײַבט ער אָן אַרבעט. דאָס ווײַב מיט די טעכטער, שנײַדערקעס, גיבן אים ווינטער אַ ביסל וואַרעמס, אָבער ברויט מוז ער זיך אַליין שאַפן, בלײַבט איבער — באַהאַלט ער פאַר זיך.

ווי בייזע הינט רײַסט מען זיך אַרום אין שטוב, און דאָך לעכצט יעדער איינער נאָך פרײַנדשאַפט און מיטגעפיל. דער אַפעקטיווער הונגער איז בײַ די מענטשן פיל שטאַרקער ווי דער פיזישער הונגער און דאָס געוויין פון האַרץ פיל פּײַנלעכער ווי די קראַמפן פון ליידיקן מאָגן.

„עס טוט אים אַזוי ווי, ווען ער קומט איין מאָל אין וואָך צו דער פאַמיליע אויף דער דאַטשע ווו זיי אַרבעטן, און זיי ריידן נישט אַפילו צו אים; פרעגן אים נישט וואָס ער מאַכט, וואָס ער טוט... און עס ווילט זיך אים וויינען אויף זײַן ביטערן גורל... אוודאי, מיידלעך דאַרפן שוין חתונה האָבן, אָבער וואָס בין איך שולדיק? געוועזן אַמאָל צײַטן ווען איך האָב פאַרדינט, אָבער האָב איך עס דען פאַרשיכורט?..."

אָט מיט אַזאַ פּשוטן און ציכטיקן לשון רעדט יונה ראָזענפעלד. זײַן שפּראַך פליסט נאַטירלעך און ריין. פאָלקסטימלעך־פּשוט און האַרציק, דברים יוצאים מן הלב, מיט לירישן חן און איבערצײַגנדי־קער אויפריכטיקייט. און ווען זײַנע אומגליקלעכע און פאַרגרעבטע פאַרשוינען עפענען זייערע הערצער, וואָס קענען אַזוי שטום און היים ליבן, ווערט מען מיטגעריסן מיטן מענטשלעכן צער, און זייערע לײַדן רודערן אויף דאָס געמיט און געפינען אַן אָפּקלאַנג אין האַרצן.

און די דערציילונג, ווי יעדע אַנדערע פון ראָזענפעלדס רייַכן ליטעראַרישן פאַרמעגן, האָט נישט נאָר האַרץ און נשמה, נאָר אויך אַ פעסט־געבויטן סאָלידן גוף, אַ טעמע, אַ סיפור־המעשה, וואָס נעמט אַרום אַ שטיק לעבעדיקע ווירקלעכקייט און שילדערט סביבה, מיט טיפן חוש פאַר נאַטור־קאָלאָריט, מיט געפיל פאַר לעבנסשטייגער. יעדע דערציילונג איז אַ וועלט בזעיר אַנפּין מיט איר לעבן און אירע געשטאַלטן, אַ וועלט אין די ד' אמות פון וועלכער עס שפּילט זיך אָפּ, אין אַ קאָנצענטרירטער פאָרעם, די דראַמע פון לעבן, און מיר דערפילן מיט אַלע חושים דעם נשמה־צאַפּל פון מענטשן.

יונה ראָזענפעלד איז נישט קיין גלייַכגילטיקער און דרויסנדיקער באַשרייַבער פון דער אַרומיקער ווירקלעכקייט. פון זייַנע קינסטלערישע ווערק שרייַט אַרויס שנייַדיקער צאָרן קעגן סאָציאַלן אומרעכט, קעגן עקאָנאָמישער נויט, קעגן ענגהאַרציקייט פון מענטשן, קעגן קאָנווענציאָנעלע נאָרמען פון לעבן.

זייַן סטיל איז דעריבער געדיכט אָנגעלאָדן מיט עמאָציאָנעלן שטאָף, דינאַמיש, דראַמאַטיש געשפּאַנט, רייַך מיט בילדער, פול מיט לייַדנשאַפט, וואָס גיסט זיך אַריבער די ברעגן און זוכט אַן אַרויסגאַנג דורך אַלע וועגן. זייַנע קינסטלערישע געשטאַלטן מאָנען גערעכטיקייט בייַ מענטש און וועלט, זיי דריקן אויס דעם השתפכות הנפש, דעם מאָראַליש־עטישן אינעווייניקסטן אני־מאמין פון זייער שעפער.

ס'איז קונסט אין וועלכער עס פּולסירט הייס, לעבעדיק בלוט און איז באַזעלט מיט אַ העכערן עטישן גייַסט, מיט אַ נשמה יתירה פון מאָראַלישע ווערטן.

ער מאָלט די ווירקלעכקייט אין אַלע מעגלעכע דימענסיעס, נעמט אַרייַן אין קאָן אַלע פאַקטאָרן, וואָס בילדן די פּערזענלעכקייט פון מענטשן, אַלע עלעמענטן וואָס באַווירקן דאָס לעבן, און פורעמט דעם דאָזיקן רוי־מאַטעריאַל מיט דער קראַפט פון זייַן פּסיכישן אינסטינקט, סאָציאַלן באַוווסטזייַן און טיפן אינטעלעקט. קאָפּ און האַרץ

נעמען אַ גלײַכן אָנטייל אין מעשה־בראשית. און אַט דער װוּנדערבאַ־
רער סינטעז פון עמאָציע און געדאַנק, פון אינטואיציע און באַ־
וווּסטזײַן, באַפליגלט מיט אַן אידעאישן גײַסט, פירט צו אַ פעסט־
באַשטימטן ציל: אַנטפּלעקן דאָס **מענטשלעכע** אינעם מענטשן און
פּראָקלאַמירן אַ פולע און אומגעצווימטע **מענטשלעכקייט** אין לעבן.

און די אָביעקטיווע באַדינגונגען פון דער אַקטועלער עקסיס־
טענץ האָבן דעגראַדירט דעם מענטשן, פאַרמינערט זײַנע וויטאַלע
עלעמענטן, באַגרענעצט זײַנע מעגלעכקייטן צו געניסן פון לעבן, צו
קענען געבן און נעמען פון מענטשן. די וועגן צום גליק זײַנען סודות־
פול פאַרדרייט, און די קוואַלן פון פרייד ליגן ערגעץ טיף פאַרבאָרגן.
האָט איינער אַ פינצטערן חותם פון ירושה, אַ צווייטער — אַ קין־
צייכן פון אייגענע זינד, אַ דריטן האָט אַ קאַלטע היימלאָזע קינד־
הייט פאַרוווּנדעט... טראָגט איינער מיט ווירדיקן שטאָלץ זײַן גורל
און אַ צווייטער, ווערט צעריבן אין שטויב אונטער די רעדער פון
לעבן; צווישן די צוויי עקסטרעמען זײַנען פאַראַן אַזויפיל ניואַנסן —
וויפל מענטשן.

דאָך איז ראָזענפעלד נישט קיין פאַטאַליסט, כאָטש שווער איז
דער גורל פון זײַנע העלדן. עס ראַטעוועט אים פון אַ פּעסימיסטישן
לעבנס־בליק זײַן סאָציאַלער באַוווּסטזײַן, זײַן היפּער־אינטעלעקט,
וואָס באַטראַכט דעם אומגליקלעכן און לײַדנדיקן מענטשן ווי אַ קרבן
פון געוויסע פאַקטאָרן, וועלכע קאָנען און דאַרפן געענדערט
ווערן. ער נעמט אויף די ווירקלעכקייט מיט אַ קריטישן חוש,
שטעלט זיך העכער פון זײַנע געשילדערטע טעמעס און העלדן, און
באַטראַכט זיי פון אַ דיסטאַנץ, אין אַ קינסטלערישער פּערספּעקטיוו,
מיט אַן איראָנישן שמייכל.

די איראָניע איז אַ רעזולטאַט פון אַן אייגענעם, העכערן, אָבער
גוטהאַרציקן קוק אויפן לעבן. ווען מען באַטראַכט דאָס לעבן פון אַזאַ
העכערן אידעאישן קוקווינקל זעט מען די ווירקלעכקייט אין אַ מיל־

דערער שיין, פאַלט אַ שמייכל אויפן שטרענגען פּנים פון גורל, און עס זעען אוים אומשולדיקער די מענטשן און נישטיקער זייערע ליידן. קוקט מען אַראָפּ פון דער זעלבער הויך מיט אַ פאַרביטערטן געפיל, קומט דער גיפטיקער פאַרדראָס — די סאַטירע.

יונה ראָזענפעלד האָט זיך באַוויזן צו שטעלן העכער אפילו פון זיך אַליין. דער שרייבער אין אים האָט באַטראַכט זיין אייגענע פּערזענלעכקייט פון אַ געוויסער דיסטאַנץ, פון אויבן־אַראָפּ. זיין הויך־אַנטוויקלטער סופער־איך, דער איבערגעשפּיצטער באַוווּסטזיין, דער שטרענגער אומקאָמפּראָמיסלאָזער געוויסן, האָבן באַהאַנדלט דעם העלד פון „איינער אַליין" און פון „איך", מיט אַ געפיל פון ביטערן חוזק. דער קינסטלער האָט זיך־אַליין — דעם העלד פון די ווערק — פאַרביסן געבייטשט מיט גיפטיקן סאַרקאַזם, אָן רחמנות פון אים געריסן שטיקער, געקנאָטן כחומר ביד היוצר, און דאָס אָרעמע בחורל האָט דעריבער נישט איין מאָל באַקומען אַזאַ נעבעכדיקן און לעכערלעכן אויסזען.

פון זיינע אויטאָביאָגראַפישע ווערק שלאָגט דעריבער אַרוים אַ הייסער בעלעטריסטישער אָטעם, וואָס ברענגט אין באַוועגונג די קרעאַטיווע פאַנטאַזיע, שפּאַנט די נערוון, צינדט אָן דאָס בלוט אין די אָדערן, און פאַרוואַנדלט די אייגענע פּראָבלעמען און קאָמפּלעקסן אין אַ קוואַל פון טיפער אינספּיראַציע און קינסטלערישער שאַפונג. ער האָט זיין אייגענע נשמה־ענערגיע פאַרגעשטאַלטיקט אין זיינע ווערק, פון פּערזענלעכן געפירט צום מענטשלעכן און דאָס מענטשלעכע פאַרוואַנדלט אין אַלמענטשלעכן.

די פּערזענלעכע איבערלעבונג איז דער צינדפונק פון ראָזענפעלדס קינסטלערישער טעמאַטיק, אין אייגענעם הארצן וואַרעמט ער אוים זיינע טעמעס און פּערסאָנאַזשן, לאָזט־זיי־דורך דורך זיין אויג, און לאָדט זיי אָן מיט זיין שטימונג און געפיל. דער שאַפער איז דעריבער נישט גלייכגילטיק צו זיין שאַפונג, און די אינערלעכע

באַציִונג צו זײַנע העלדן שאַפֿט די טעמפּעראַטור אין וועלכער עס אַנטוויקלט זיך די האַנדלונג און באַשטימט זײַן שרײַבערישן געמיט, זײַן ליטעראַרישן סטיל.

# איראָניע

די דערציילונג „אין זיך" הייבט אָן ראַזוענפעלד אויף אַזאַ מין אופן:

„נאָך דער מוטערס טויט איז בײַ די דרײַ יתומות-טעכטער פאַרטאַפּלט געוואָרן די ליבע צום פאָטער א דאַנק דעם, וואָס ער האָט נאָך דער מוטער קדיש געזאָגט"...

די טעכטער האָבן מיט ליבע און צערטלעכקייט באַגלייט דעם טאַטן אין שול אַרײַן, און „דער טאַטע האָט זיך געפילט ווי א קליין יתומל אויף וועמען מען האָט אָנגעוואָרפן עפּעס אַן עול פון א יתגדל ויתקדש". און אין טאָן פון אַזאַ שפּילעוודיקער איראָניע דערציילט ער ווי א באַלעבאַטישער ייִד, וואָס איז אַן אַלמן געוואָרן, האָט באַשטימט נישט חתונה צו האָבן ביז ער וועט נישט אויסגעבן די טעכטער. אָבער אָפט ליגט אים דער קדיש נישט אין זינען, און אין קאָפּ דרייען זיך יונגע אַלמנות, גרושות און עלטערע מיידלעך. „זאָגן די טעכטער, אַז ער אײַלט זיך מיט זייער תכלית האָט ער ניט געקענט". און ביז יעדע איינע האָט פאַרשטאַנען, אַז איר צײַט איז געקומען און געפונען איר זיווג „האָט דער פאָטער זיך אַרומגעקוקט, אַז זײַן צײַט איז שוין אַריבער".

„אמת, עלטערע פון אים האָבן חתונה; ער אָבער, א באַלעבאַטישער ייִד, האָט נישט געקענט גיין אויף הנחות..." נעמען אַן אַלטע ייִדענע האָט ער נישט געוואָלט, און „זיך אַראָפּלאָזן און נעמען דאָרטן כ'וויים אליין נישט וועמען, האָט ער נישט געקענט". ענדלעך

האָבן די טעכטער אויסגעזוכט פאַרן טאַטן אַ פּאַסיקן שידוך, אַ יונ־גע אלמנה. אָבער אין דער אָנוועזנהייט פון די טעכטער האָט דער פאָטער אָנגעהאַלטן דעם אָנשטענדיקן טאָן און פלעגט ריידן וועגן דער פאַרשטאָרבענער; האָבן שוין די טעכטער נישט געוואַגט וועגן שידוך צו ריידן. צוליב די טעכטער האָט ער אויך אָפּגעהיט די יאָרצייטן. און אין איינעם אַ יאָרצייט אַזאַ האָט די גאַנצע משפּחה זיך צונויפֿגעקומען מיט דער יונגער אלמנה, וועלכע איז געקומען זיך זעגענען פאַר איר אָפּפאָר; אָבער מיט דער באַהאַלטענער האָ־פענונג, אַז מען וועט זי דאָך נישט לאָזן פאָרן.

„דער אַלטער האָט בחוש געפילט, אַז עפּעס גליטשט זיך בײַ אים פון די הענט אַרויס, און אַז שולדיק אין דעם זײַנען די טעכטער, און דאָס יאָרצײַט-ליכט... — פאָרט געזונט, זײַט מצליח, האָט דער אַלטער געזאָגט מיט אַ ציטעריק קול... און געבליבן אַליין האָט ער זיך פאַרנומען מיט אַ נײַ קול צו לער־נען משניות...”

אויף אַ הינטערגרונט פון אַ קליינשטעטלדיקן לעבנסשטייגער, וועלכן ראַזענפעלד שילדערט מיט אַ געשמאַקפולער און חנודיקער פשטות, שפּילט זיך אָפּ אַ דראַמאַטישער קאַמף אין דער נשמה פון הויפּט-העלד, אויף דער אַרענע פון זײַן „אין זיך”. פון איין זײַט, דער סופּער־איך — דאָס געוויסן פון מענטשן — דער טרעגער פון די מאָראַלע באַגריפן, דער פאַרטרעטער פון דער געזעלשאַפטלעכער מיינונג און דער שומר פון גוטע זיטן; און פון דער אַנדערער זײַט, דער איך, — דער פאַרטרעטער פון דער גאַנצער פערזענלעכקייט, פון איר פּסיכאָ-ביאָלאָגישער נאַטור, וואָס דאַרף צופרידנשטעלן אי די סטרא אחרא אי די נשמה יתירה; עס הייסט, באַפרידיקן די ווי־טאַלסטע באַדערפענישן פון אָרגאַניזם, אָבער אין הסכם מיט די אָנ־גענומענע מאָראַלע באַגריפן.

און דער קאַמף האָט זיך אָפּגעשפּילט אויף דער פלאַך פון באַ־

וווסטזיַין. עס הייסט, אַז דער באַלעבאַטישער ייִד איז געווען דורכוים נאָרמאַל פּסיכיש און פיזיש. ער האָט זיַינע פאַרלאַנגען נישט „אַרוים־געריסן פון האַרצן", נישט פאַרטריבן אין די „קעלערן" פון אומבאַ־וווסטזיַין, און זיי האָבן נישט געדאַרפט צו אים צוריק זיך אַריַינגנ־בענען אין דער פאָרעם פון נעוראָטישע סימפּטאָמען, ווי עס פּאַ־סירט געוויינלעך אין אַזעלכע פאַלן. פאַרקערט, דער אַלטער איז גע־ווען געזונט און געזונט באַוווסטזיניק אויף זיַינע באַדערפעניש. עס האָט אים נאָר געפעלט כוח און מוט זיי צו אימפּאָנירן. דער אימ־פּולס פון זיַין בלוט איז געווען צו שוואַך אויף דורכצערייַסן די נעץ פון אמתע און איַינגערעדטע באַריערן, וועלכע ער האָט אַזוי קונ־ציק אַליין זיך אויסגעשפּרייט אויפן וועג וואָס האָט געזאָלט פירן צו זיַין גליק.

און וויַיל דער „איך" זעט אוים אַזוי נעבעכדיק־אומבאַהאָלפן, אַזוי ייִדישלעך־ווייך, אַזוי וויַיבלעך־פּאַסיוו, האָט דער העלד אַ פּנים פון חוזק, און דער מחבר וויַיזט אים אין אַ שאַרף־קריטיש ליכט, מיט אַן איראָנישן שמייכל, וואָס נעמט אַרום אויך די גאַנצע סביבה מיט איר קאָנווענציאָנאַליזם און פאַלשער שעמעוודיקייט, וואָס פּראָ־דוצירט אַזעלכע שטרויענע העלדן.

מענער־טיפּן מיט אַ שוואַכער, שטאַרק־געצוימטער סעקסועלער פּאָטענץ, וועלכע זיי קאָמפּענסירן מיט אַן עודף אין אַנדערע געביטן פון זייער פּסיכישן וועזן. לייגן אַריַין אייניקע זייער תאווה אין שׂכל, און עס באַקומען זיך גיבורים, וואָס באַזיגן דעם יצר הרע מיט אַרגו־מענטן; וויַיבלעכע מענער מיט שאַרף פאַרשפּיצטע מוחות, וואָס נע־מען איַין וועלטן. אָבער זייער איבערגעטריבענער אינטערעס צו אינ־טעלעקטועלער ספּעקולאַציע איז נישט מער ווי אַן אָפּווענדונג אין דער אויפמערקזאַמקייט — פון האַרץ צום קאָפּ, פון אַ געביט וווּ עס ברויזן דראָענדיקע ליַידנשאַפטן — צו אַ געביט וואָס איז פריַי פון געפאַרן.

דער העלד פון „אין זיך" איז אָבער אַ „גיבור" פון געווויסן. מיט אַ מין ליַידנשאַפטלעכן אייפער קלאַמערט ער זיך פאַרצווייפלט אין אַלע אָנגענומענע און איַינגעריידטע פאַרבאָטן, ווי אַ יונג בחורל, וואָס שעמט זיך מיטן ערשטן מענערישן שפּראָץ אויף די ליפּן.

אַזאַ איבערגעטריבענע שעמעוודיקייט און היפּער-שטרענגע זיטלעכקייט איז אין אַ גרויסער מאָס, אַ רעזולטאַט פון שטאַרקער קינדישער אָפּהענגיקייט פון די עלטערן, פון אומבאַוווסטער מורא פאַרן אידעאַלן פאָטער, וועלכן מען האָט אינטראָיעקטירט אין געוויסן.

אַ „נישט-שיין", וואָס איז חל און נאָרמאַל פאַר אַ קינד, ווערט נישט-נאָרמאַל און נישט שיין, ווען עס גילט נאָך ווי אַ געזעץ, וואָס באַשטימט די מעשים פון אַ דערוואַקסענעם מענטשן.

אַזעלכע קנאים פון מאָראַל, און טריַיע שומרים פון ריינע מידות און גוטע זיטן, האָבן בדרך-כלל וועגן זיך אַ נאַרציסטיש-אויפגעבלאָזענע זעלבסטמיינונג, און קוקן מיט אומצוטרוי און פאַרדרוס אויף דער „זינדיקער" וועלט, און אויף די „אויסגעלאַסענע" און „פאַלשע" מענטשן.

ווי אַ באַלעבאָס פון אַזאַ מין שטרענגן און אומקאָמפּראָמיסלאָזן געוויסן, האָט דער אַלטער „נישט געקאָנט איַינגיין אויף הנחות" זיך אַראָפּלאָזן און נעמען דאָרטן „כ׳וויים אַליין נישט וועמען" — און ער האָט געמוזט נעבעך פאַרזיצן.

און דער מחבר שאַנעוועט נישט זיַין העלד, זיַין איראָניע גייט איבער אין סאַרקאַזם, און ער פאַרענדיקט די דערציילונג מיט די ווערטער: „געלערנט משניות האָט ער נאָך דעם טויטן וויַיב, און געטרויערט נאָך דער לעבעדיקער אלמנה".

עס הייסט, אַז דער קאַמף „אין זיך" וועט וויַיטער אָנגיין, די אינערלעכע מלחמה איז נאָך וויַיט נישט פאַרענדיקט, און דאָס צינגל פון דער וואָגשאָל אויפן מזבח פון געוויסן, וועט נאָך לאַנג פּיבערדיק

צאַפּלען, אַמאָל אויפן צד פון משניות און אַמאָל, רחמנא לצלן, אויפן צד פון דער אלמנה... ווייל אין סך־הכל איז דער באַלעבאַטישער ייִד „נישט מער ווי אַ מענטש", אַ קנאַפּער גיבור, אַ שטיקל שוואַכלינג, וואָס האָט מורא פאַר מענטשן.

אָבער דאָרט ווו דער העפּיציט האָט כאַטש אַ טײלווײַזע „דער־קונג", און דער העלד קאָן זיך באַהאַלטן פון דער אלמנה אין משניות־אַרײַן — אָדער אין אַן אַנדער טעטיקייט, וואָס זאָל פאַרשלינגען זײַנע געפילן — וועט נישט קומען צו קיין פּסיכישן חורבן. די אַפעקטיווע ענערגיע, וואָס ווערט איבערגעטראָגן — סובלימירט — פון איין געביט אין אַנדערן, זיכערט די טײלווײַזע גאַנצקייט פון פּסיכישן אָרגאַניזם און האַלט אויף, אין אַ גרויסער מאָס, דעם גײַס־טיקן גלײַכגעוויכט.

ווי אַ חנדל, און ווי אַן עדות, פון דעם אין־זיך־קאַמף, וועט זיך נאָר אַרויסשלאָגן אויף דער אויבערפלאַך אַ שאָטן פון אַ דערשלאָגן געמיט, אַ נישט־אויסגעוויינטע טרער אין אויג, אַ פריצײַטיקער קנייטש אויפן שטערן...

בײַ אַ יצר־טוב אַ ריז באַקומט דער יצר־הרע אַ ייִדיש פּנים, מיט צעשראָקענע אויגן און געהויקערטער פּלייצע.

אַ גיבור הכובש את יצרו איז נאָר אַזאַ, וואָס קען פאַרוואַנד־לען עונג גופני אין עונג רוחני, וואָס שפּאַנט אײַן דעם נישט־אויס־געלאָדענעם לײַדנשאַפטלעכן ברען אין רײַטוואָגן פון העכערע אינ־טערעסן, וועלכע שטילן די געפילן און גיבן אַ פולע באַפרידיקונג אין לעבן.

אָבער דאָרט ווו די סובלימאַציע איז נישט קיין פולשטענדיקע, ווו די שפּימע פון בלוט ווערט דערשטיקט נאָר דורך אויסערלעכע קרעפטן און נישט דורך אייגענעם שטאַרקן ווילן, טראָגט אויס דער מענטש דעם דראַנג „אין זיך", ווי אַ כראָנישע מחלה, וואָס באַגלייט אים דאָס גאַנצע לעבן, און ווי באַנטשע שווײַג, וועט ער אפילו

אויפֿן עולם-האמת נישט אויפֿהערן צו מאָנען זײַן אויסגעטרוימטע בולקע מיט פּוטער. דער העלד פֿון „אין זיך", וועט אין משניות נישט געפֿינען זײַן פֿולע טרייסט, שטיל וועט ער אויסטראָגן זײַן פֿרומע און נאָגנדיקע בענקעניש, און אין טאָג פֿון זײַן יום-הדין וועט ער מאָנען זײַן נישט-אויסגעלעבט לעבן.

אַזאַ איז דער לעבנס-גורל פֿון אַ גרויסן טייל פֿון יונה ראָזענ-פֿעלדס העלדן. זײַן סקעפּטיציזם האָט אָבער, ווי געזאָגט, נישט מער ווי פֿאַרשאָטנט דעם געמיט, אָבער נישט הערגעגערירט אין קיין פּע-סימיסטישער וועלט-אָנשויאונג און אומגלויבן אין מענטשן. פֿאַר-קערט, דער מענטש איז נאָר אַ קרבן פֿון שלעכטע לעבנס-באַדינגונ-גען און פֿון פֿאַלשע זיטן. דורך דער פּריזמע פֿון זײַן העכערער אידע-אישער אײַנשטעלונג האָט ער מיט מיטגעפֿיל באַטראַכט דעם גורל פֿון מענטשן, און זײַן שאַרף קריטישער בליק האָט זיך צעשטראַלט מיט אַ קלוגן איראָנישן שמייכל.

## סאַרקאַזם

די איראָניע שאַפֿט גראָטעסקע, טראַגיקאָמישע און אָפּשטויסנ-דיקע פֿיגורן, נאָר דאָרט, ווו עס איז שוין פֿאַרלאָרן יעדע האָפֿענונג — דאָרט, ווו דער מײַסטער פֿאַרגעשטאַלטיקט רויען אינסטינקט אָן דער באַגלייטונג פֿון העכערע מאָראַלישע עלעמענטן; דאָרט, ווו ער באַשאַפֿט מיטן שם המפֿורש פֿון זײַן אינטואיציע גולם-געשטאַלטן, וועלכע ווערן בלינד באַוועגט דורך זייערע נידעריקסטע אינסטינקטן, אָן אַ קאָנטראָל פֿון די העכערע גײַסטיקע קרעפֿטן.

אַזאַ איז דער העלד פֿון „קאָנקורענטן", אַ גרעסערע דערציילונג פֿון אַ בוך, וואָס טראָגט דעם זעלבן נאָמען.

— „וואָס איך טו? — פֿרעגט דער טראַגיקאָמישער העלד, וואָס האָט גאָר קיין נאָמען נישט — איך טו גאָרנישט, איך טו

בלויז דאָס וואָס מײַן ווײַב דאַרף טאָן... אַז איר מאַן איז אַ פּוי־
לער הונט, עפּעס אַ טויגעניכטס, וואָס טויג נישט צו גאָט און
נישט צו לײַט...״

ער פאַרנעמט זיך מיט דער שטוב־ און קיך־אַרבעט, ווײַל די
פרוי איז אַ מאַרק־זיצערן און די איינציקע ברויט־געבערן. אויף אײַנ־
צוהאַלטן זײַן ווײַבערישע פּרנסה דערלאָזט ער נישט, אַז זײַן צען־
יאָריק טעכטערל — די קאָנקורענטן — זאָל איבערנעמען די שטוב־
ווירטשאַפט און זעט, אַז די פרוי זאָל וואָס אָפטער שוואַנגערן. און
דאָס דערגרייכט ער מיט אכזריותדיקע און אומבאַרעמהערציקע
מיטלען קעגן איר ווילן.

„...ווען זי איז געשטאַנען קעגן מיר מיטן שפּיציקן בײַכל;
האָב איך געפילט אַז איך בין מאַן, און זי, מײַן ווײַב... און ווי
גליקלעך בין איך אויפן ברית געווען! ווער איז דעמאָלט צו
מיר גלײַך געווען? אַלע צו מיר: — לחיים בעל־ברית, לחיים
בעל־ברית! כ'האָב געפילט אַז איך לעב, אַז איך פאַרנעם אויך
עפּעס אַ שטיקל אָרט אין לעבן...

„...מיט פעסטע טריט גיי איך אַרײַן בײַנאַכט אין שטוב,
שטעל זיך אַוועק אין מיטן און באַטראַכט מײַן ביסל פאַר־
מעגן: איינס, צוויי, דרײַ; ווען נישט איך וואָלטן די דרײַ מענ־
טשעלעך נישט געווען... די דרײַ מענטשעלעך זײַנען איך! איך
בין — זיי. און דאָס ווײַב מײַנס איז אויך מײַן... בײַ איר אַי־
נעווייניק, אין בויך, לעבט אַ שטיקל איך. זײַנען מיר אינייניעם
זעקס... בין איך זעקס, און די זעקס בין איך. איך פאַרנעם אָט
די גאַנצע שטוב. אָט ווער איך בין!... האָט־זשע מיר אַ גוטע
נאַכט!...״

מיר גיבן לענגערע ציטאַטן כדי דער לייענער זאָל מיט די פראַ־
גמענטן פון אָריגינעלן מאַטעריאַל פאַרן אויג, קענען אויפן אָרט
דורכטראַכטן די ריכטיקייט פון אונדזערע אויספירן, און ווערן אַזוי

אַרום אַ שותּף, אַ מיטשאַפער און מיטגייער אין דער אויספאָרשונג; און וועט זיך איינגעבן עפּעס צו אַנטדעקן און מחדש צו זיין אויפן וועג, וועט ער טיילן מיט אונדז די פרייד פון דערגרייכונג.

נישט קיין דאָגמעס און פּאַרטיקע דאָקטרינעס האָבן מיר בדעה צו פאָרמולירן, נאָר מאַכן אַ פּרווו וואָס טיפער אַריינצובליקן אין דער אויסטערלישער וועלט פון יונה ראָזענפעלדס שאַפן, וואָס האָט זיך דערגרונטעוועט צו די פאַרבאָרגנסטע נשמה־שיכטן, און וואָס האָט אין דער אויסעראָרדנטלעכער עשירות פון זיין טעמאַטיק אַריינגענומען פּערסאָנאַזשן פון אַלע פּסיכישע גראַדאַציעס, פון מאָראַלישע קריפּלען ביז די העכסטע גייסטיקע שפּיצן.

אין אונטערשייד פון אַלע אַנדערע ראָזענפעלדס טיפּן, איז דער אָפּשטויסנדיקער העלד פון „קאָנקורענטן" אויסגעליידיקט פון מאָראַלישע פּרינציפּן און אויסגעטאָן פון מענטשלעכע זיטן. אין דירעקטן קעגנזאַץ צום אויבנדערמאָנטן באַלעבאַטישן ייִדן („אין זיך") איז ביי אים שוואַך אַנטוויקלט זיין סופּער־איך, זיין מאָראַלישער געוויסן, זיין פאַרבינדונג מיט דער אויסערלעכער וועלט, זיין געפיל פון סאָציאַלער אָנגעהעריקייט און פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר מענטשן. זיין איך ווערט באַוועגט דורך דער טרייבקראַפט פון זיינע עלעמענטאַרסטע באַדערפענישן און אין עראָטישן באַגער זוכט ער אַ שטיצפונקט פאַר זיין פאַראַזיטישער עקזיסטענץ באַרעכטיקונג. „...ווען נישט איך וואָלטן די דריי מענטשלעך נישט געווען... זיינען מיר אינאיינעם — זעקס... בין איך זעקס, און די זעקס בין איך. איך פאַרנעם די גאַנצע שטוב. אָט ווער איך בין!"

ס'איז ווי אַ קינד וואָס טוט אָן דעם טאַטנס שיך און הוט, און שרייט: איך בין טאַטע, איך בין טאַטע!...

ס'איז אַ קינסטלערישע פאַרגעשטאַלטיקונג פון אומרייפן קינדישן עראָטיזם, פון קינדישער ליבע־לוסט, וואָס זוכט אין דער מוטער־פרוי **שוץ און באַפרידיקונג** פון אַלע זיינע באַגערן, וואָס צאָלט

נאָך נישט פאַר ליבשאַפט מיט ליבע, וואָס האָט נאָך נישט קיין פליכטן, און וואָס פאָדערט בלויז רעכטן.

דער סופּער־איך, איז אַ שפּעטערדיקע און עלטערע פאָרמאַציע, וואָס קומט אַלס רעזולטאַט פון בהדרגהדיקן אָקומולירן אין באַוווּסטזיין די איינפלוסן פון דערציאונג און די אידעאַלע ביישפּילן פון די אַרומיקע מענטשן. אָן אַזאַ העכערער פּסיכישער פאָרמאַציע, אָן מאָראַלישע פּרינציפּן, אָן סאָציאַלן באַוווּסטזיין, איז אוממעגלעך אַ סובלימאַציע, אַ דערהייבונג, אַ לייטערונג פון די פּרימיטיווע אימפּולסן.

דער העלד פון „קאָנקורענטן" איז פאַרגליווערט אויף אַ נידעריקער מדרגה פון פּסיכישער אַנטוויקלונג, ער איז „נישט דערוואַקסן" צו העכערע גייסטיקע ספערן און איז ווי אַ גולם־געשטאַלט אָנגעלאָדן מיט די פּרימיטיווסטע אינסטינקטן, וואָס לעבט אין דער אורצייט ווען דער מענטש איז נאָך קיין מענטש נישט געווען.

די ערשטע שוואַכע שטראַלן פון דער קינדערישער ליבידאָ שלאָגן קוים אַרויס אויף דער אויבערפלאַך. דאָס קינד איז דעריבער נאַרציסיסטיש, פאַרליבט אין זיך אַליין, עס דאַרף די ליבע־ענערגיע פאַרן אייגענעם פאַרבברויך, אויף אויסצעוואַרעמען די אייגענע געפילן, אויף אויסצעבריִען אַ וואַרעם האַרץ, וואָס זאָל שפּעטער כוח האָבן פריי און ווייט זיך שטרעקן צו וועלט און מענטשן.

נאָר אַ קינד וואָס מאַכט נאָרמאַל דורך זיין פּסיכישע אַנטוויקלונג און דערגרייכט זיין גענייטאַלע פאַזע, זיין רייפקייט, באַקומט אַ ספּאָנטאַנע און נאַטירלעכע באַדערפעניש נישט בלויז געליבט צו ווערן נאָר אויך — ליבן, נישט בלויז נעמען, נאָר אויך — געבן. דער אינערלעכער ליבידאָ־רעזערוואַר ווערט איבערפולט און ליידנשאַפטלעך שטרעקן זיך די אָרעמס מיט דאָס בעסטע וואָס דאָס האַרץ פאַרמאָגט, ווי אַ קרבן פאַר זיינע ליבע ווע[ז]נס. און דאָס איז אַן אַקט, וואָס ווערט דערפילט נישט בלויז מיטן קערפּער, נאָר מיטן גאַנצן

פסיכישן וועזן, מיטן גאַנצן האַרצן, מיט לײַב און לעבן. אין דער פּאָזע איז די ליבע אַלטרויִסטיש און טיף־מענטשלעך. פון מאַן־געפיל וואַקסט אַרויס פּאַטער־געפיל. דער אינסטינקטיווער ברענפּונקט פון סעקס ווערט אויף אַזאַ מין אופן אויסגעאיידלט, דערהייבן, פאַרמענטשלעכט...

נאָר דער וואָס קען ליבע געבן, קען אויך פון איר געניסן. דאָס איז דער קענצייכן פון פסיכישער נאָרמאַלקייט בײַ מענטשן.

גאַנץ אַנדערש איז דער פאַרשוין פון „קאָנקורענטן", וואָס פאַרמאָגט אַ גאַנץ שפּיציק מוחל, און געדאַנקען וואָס שטעכן זיך אַרײַן אין לײַב ווי מיט אַן אָנגעברענטער שפּיץ נאָדל. עס פעלט אים נישט קיין שכל, נאָר — האַרץ און געפילן. און כאַראַקטעריסטיש איז די באַקאַנטע טענדענץ צו זוכן אַ באַרעכטיקונג און אַ שטיץ־פּונקט פאַר זײַן קינדישער אייגן־ליבע און נאַרציסיסטישער גדלות. ער געפינט עס אין זײַן פּרוכפּעדיקער ווידמעניש, אין זײַן גליק בעת אַלע באַגריסן אים מיט לחיים, און ער פילט, אַז ער איז אויך אַ דערוואַקסענער, אַ שטיקל מאַן אויף דער וועלט, וואָס „פאַרנעמט אויך אַן אָרט אין לעבן"...

## פּערזאָניפיקאַציע פון אינסטינקטן און געפילן

יונה ראָזענפעלד האָט אויפגעכאַפּט אין מענטשן־שטראָם און פאַרגעשטאַלטיקט די אָממערסטן כאַראַקטעריסטישע לעבנס־טענדענצן. נישט קיין סטאַטישע טיפּן האָבן געלאָקט זײַן קינסטלערישע אויפמערקזאַמקייט, נאָר דינאַמישע קרעפטן, פסיכישע קאָמפּלעקסן, נשמה סובסטאַנצן, וואָס כאַראַקטעריזירן דעם מין מענטש, וואָס קריצן אויס די עיקרדיקע אייגנשאַפטן אין זײַן וועזן, וואָס באַשטימען זײַן שיקזאַל אין לעבן.

נישט קיין כלל-טיפּן האָט ער געשאַפן, נאָר פּסיכישע כלל-טענדענצן, ווי דעם מענטשלעכן עלנט, וועלכן ער האָט געוויזן אין אַלע געשטאַלטן. ער האָט נישט פאַרבילדלעכט קיין אידייען, אָבער ער האָט יאָ פאַרבילדלעכט און קינסטלעריש געפורעמט די געפילן פון מענטשן. זיין גרונט-אינספּיראַציע האָט געשעפּט פון גע-פיל-לעבן. ער האָט דעם שטומען נשמה-פלאַטער געמאַכט באַריידעוו-דיק, די פאַרבאָרגענע געפילן געגעבן אויסדרוק, די פּסיכישע קאָמ-פּלעקסן אָנגעטאָן אין לעבעדיקע געשטאַלטן.

דאָס איז זיין אייגנאַרטיקער דרך אין דער יידישער ליטעראַטור. פיל אַנדערע גרויסע וואָרט-מייסטער אונדזערע זיינען געבענטשט מיט אַ גייסטיקן אויג, וואָס העלפט זיי אַריינצוקוקן אין די קעלערן פון נשמה-לעבן. יונה ראָזענפעלד האָט פון דאָרט אָנגעהויבן; פון קעלער אַרויס צו דער ליכטיקער שיין, פון אומבאַוווּסטזיין, ווו עס שלומערן די פּרימיטיווע אינסטינקטן, צום באַוווּסטזיין ווו עס רע-גירט דער קלאָרער רעיון פון מענטשן.

ער האָט די עלעמענטאַרע טענדענצן פון דער מענטשלעכער נאַטור, — און אויך זיינע אייגענע קאָמפּלעקסן, — אָנגעטאָן אין פלייש און בלוט, פאַרמענטשלעכט, און די מענטשן איינגעפּאַסט אין שטייגער, ווי דימענטן אין רינגען, זיי אַרומגענומען מיט סביבה, אָנגעלאָדן מיט אימפּעט, און געלאָזט אויסטראָגן זייער מערכה אין לעבן.

און דער אומפאַרלעשלעכער פייער, וואָס האָט געברענט אין האַרץ פון שעפער און אָנגעצונדן זיין שאַפונגס-דורשט, האָט אָנגע-לאָדן מיט עמאָטיווער קראַפט זיין קינסטלערישן סטיל, און אַזוי קאָנצענטרירט און אויסדריקלעך געמאַכט דאָס בילד פון לעבן, אַז ער האָט נישט איין מאָל אַריבערגעיאָגט די נאַטור...

ער האָט געבראַכט צום אויסדרוק דאָס, וואָס אין דער נאַטור איז טיף פאַרהוילן. נאָר יחידי סגולה האָבן געהאַט דעם זכות צו באַ-

טרעטן די „טערא אינקאָגניטאָ” פון דער מענטשלעכער נשמה, יונה ראָזענפעלד האָט אין איר געשלאָגן פעסטע וואָרצלען. ווען מיר פון ראָזענפעלדס רײַכער קינסטלערישער ירושה באַטראַכטן נאָך איין פּרעכטיק מיניאַטור־בילדל. „חנהלע” הייסט דאָס בילדל; און ווי אינ־טים און איינפאַך ס'איז דער נאָמען, אזוי איינפאַך, נאַטירלעך און האַרציק איז די שפּראַך פון דער קליינער דערציילונג, סך־הכל עט־לעכע קורצע זײַטלעך.

חנהלע איז איינע אַליין אין שטוב, זי האַלט אירס אַ קליין ברו־דערל אויף די הענט, העצקעט דאָס אַרויף און אַראָפּ. נאָר דאָס קינד רײַסט זיך אויף אַלע כלים און הערט נישט אויף צו וויינען. „קוקנ־דיק אויפן קינד רײַסט חנהלען אוים דאָס האַרץ”. ס'איז שוין פינצ־טער און די מאַמע איז נאָך נישטאָ, מען האָט זי זיכער מיטן קויש־עפּל אין פּאָליציי־ציִרקל פאַרנומען. זי האַנדלט אָן אַ הערלויבעניש. ס'האָט שוין אַמאָל אַזוי געטראָפן, און די מאַמע איז אַ גאַנצע נאַכט נישט געקומען. „און דאָס מיידעלע האָט זיך שטיל צעוויינט, פאַר־דרייט דעם קאָפּ אָן אַ זײַט, דאָס קינד זאָל נישט זען און נישט הערן”.

„דאָס קינד איז זיך פאַרגאַנגען, און חנהלע איז ווי צע־מישט איבערן שטוב אַרומגעלאָפן. דאָס קינד האָט, נעבעך, פון אין דער פרי אָן נישט געזויגן... און געטראַכט האָט זי נישט אַזוי פון דער מאַמען, ווי פון דער מאַמעס ברוסט... מאַטעלע זויגט און דרעמלט אײַן... אַ גליקלעכע וואָלט זי געווען ווען דאָס קינד זאָל אײַנשלאָפן”.

און אין איר פאַרצווייפלונג שטעלט זי זיך פאָר, אַז די מוטער וועט שוין קיין לעבעדיקע פון פּאָליציי נישט אַרויסגיין. איז וואָס וועט זי טאָן מיטן קינד?... זי וועט איבער דעם אַ מאַמע ווערן... זי וועט האָבן אַ קינד... איר קינד וועט עס זײַן... זי וועט עס וואַשן, רייניקן, האָדעווען...

„און אויף וויפל אָט די געדאַנקען זײַנען איר שרעקלעך

געוועז, האָט זי דאָך אין זיי עפּעס אַ מין גוטסקייט געפּילט. עפּעס אַ מין זיסע תאווה האָט זי אינגאַנצן אַרומגענומען, דאָס בלוט האָט איר אַ זעץ געגעבן אין פּנים אַרײַן... און האַלטנ־דיק דאָס קינד אויף די הענט האָט זיך איר פאַרגלוסט שפּילן מיט אים, גלעטן עם אויפן הוילן לײַב... זי האָט געגלעט פון העלדזל ביז אַראָפּ צו די פיסלעך... יעדעס אברל האָט זי אויסגעקושט...

„עפּעס האָט זיך איר געגלוסט טאָן מיטן קינד, נאָר זי האָט נישט געוווסט וואָס... איר האָט זיך שטאַרק געגלוסט עפּעס טאָן מיט אים... עס האָט זי געריסן, געצויגן, זי האָט אַליין נישט געוווסט וואָס... נאָר געפּילט האָט זי, אַז איר איז עפּעס גוט פונעם האַלטן דאָס קינד, אַ געשמאַקע וואַרעמקייט צעגיסט זיך איר איבערן גאַנצן קערפּער... אַ זיסקייט טריפט אין איר, צעגיסט זיך אין יעדן אבר... אַ מאַמע וועט זי זײַן, אַ מאַמע איבער אַ קינד... זי האָט אַ קינד..

„און ווי אַ מוטער האָט זי זיך געפּלייסט דאָס קינד אײַנ־צושטילן... מיט אַ קלאַפּנדיק האַרץ איז זי צום בעט צוגעלאָפן, האָט מיטן קינד זיך געגעבן אַ וואַלגער אַרײַן, אויף גיך איר בלוזקעלע צעשפּיליעט, און איינס פון אירע קליינע בריסטלעך דעם קינד אין מײַלעכל אַרײַנגעשטופּט..."

ווען די מוטער איז געקומען האָט זי ביידן געטראָפן שלאָפן, און חנהלעס בריסטל איז נאָך אַלץ בײַם ברודערל אין מויל געלעגן.

ווי איר זעט, מיט „פאַקטן אויף דער האַנט", אָן עכט־נאַטירלעך, נישט איבערגעטריבן, פשוט און לויטער בילד, ווי לויטער, תמימות־דיק און אומשולדיק ס'איז די קליינע חנהלע. אַזוי קען מאָלן נאָר אַ גרויסער נאַטוראַליסט, וואָס האָט אָן אויג נישט נאָר פאַרן אויי־סערלעכן פּייזאַזש, נאָר וואָס זעט אויך די מיסטעריעזע שפּיל פון די באַהאַלטענע נאַטור־כוחות, פון די אינערלעכע טענדענצן, וועלכע

ער נעמט אַרויס פון באַהעלטעניש אויף דער ליכטיקער שײַן, און מאַכט דאָס פאַנטאַסטישע נאַטירלעך און דאָס אומגעווײנלעכע — פּשוט און פאַרשטענדלעך, קאָנקרעט און רעאַל.

און ווײַל ער זעט אַזוי קלאָר און פילט אַזוי שטאַרק, באַווײַזט ער מיט איין בליק צו באַלײַכטן אַ תהום, ווי מיט אַ בליץ שפּאַלטן די געדיכטע פינצטערניש, און עס אַנטפּלעקט זיך דער סוד פון אַ טיפער נאַטור־רעטעניש, פון אַ טראַומאַטישער איבערלעבונג, וואָס האָט די קליינע חנהלע פאַרוואַנדלט אין אַן אומגליקלעך מאַמעלע: אַ קינד פאַרוואַנדלט אין אַ פרוי.

ווי אַן אַנאַלאָגיע וועלן מיר נאָר דערמאָנען דעם ברייט־באַוווּס־טן פאַקט פון זשאַן זשאַק רוסאָ, וועלכער איז געווען אַ קרבן פון אַן ענלעכער איבערלעבונג, וועלכע ער האָט באַשריבן אין זײַנע זכרונות. זײַן גובערנאַנטקע האָט אים געשמיסן ווען ער איז אַ קליין קינד געווען, און דאָס האָט אין דעם מאָמענט פאַראורזאַכט אין אים אַזאַ טיפע פסיכישע אויפטרייסלונג, וואָס האָט געגעבן זײַן סעקסועלער עוואָלוציע אַן אומנאָרמאַלע — מאַזאָכיסטישע — ווענדונג, און אין זײַן שפּעטערדיקן לעבן האָט ער געקענט געניסן פון ליבע נאָר באַ־גלייט דורך פיזישע לײַדן.

חנהלע האָט נישט געכאַפּט קיין שמיץ, דער גורם פון איר אי־בערלעבונג איז געווען אַ פּײַנלעכער אָנפאַל פון פאַרצווייפלונג און שרעק. דאָס געוויין פון קינד האָט דעם פּחד דערפירט צום העכסטן גראַד פון האַפענונגסלאָזיקייט און אַנגסט, וואָס האָט טיף אויפגע־טרייסלט און איבערגעקערט איר גאַנץ אינערלעך וועזן.

פיזישע און מאָראַלישע לײַדן מישן זיך אויס, פאַרוואַנדלען זיך איינס אין אַנדערן. ס'איז נישט וויכטיק דער מאַטעריעלער, אויסער־לעכער פאַקטאָר, וואָס איז גורם דעם אומגליק, אַ שטאָך מיט אַ מע־סער ווי אַ שפּײַ אין פּנים, קענען אַרויסרופן דעם זעלבן אַנגסטלעכן צושטאַנד און פאַראורזאַכן די זעלבע טראַגישע קאָנסעקווענצן.

ג. סאַפּאָזשניקאָוו

# קינסטלערישער אמת . . .

אויף אַ קליינער חנהלען איז אַרויפגעוואָרפן געוואָרן די גרויסע זאָרג פון אַ מוטער, און אונטערן אויסערלעכן דרוק פון מורא פאַר דער מאַמען און אינערלעכן דראַנג פון ליבע צום ברודערל, נעמט זי אַזוי תמימותדיק און טראַגיש-ערנסט איר מוטערלעכע אויפגאַבע, און אין מאָמענט פון הילפלאָזיקייט און פאַרצווייפלונג, ווערט זי פאַרזונקען אין אַ געפיל פון טויט-שרעק און שטעלט זיך פאָר אַז „די מוטער וועט שוין קיין לעבעדיקע פון פּאָליציי נישט אַרויס-גיין”...

אויפן סאַמע ראַנד פון אָפּגרונד, האָט דער געזונטער לעבנס-אינסטינקט איר אונטערגעזאָגט דעם אויסוואַל פון דעם דערטרעג-לעכסטן אומגליק.

דעם געדאַנק, אַז דאָס ברודערל „וועט קיין לעבעדיקער נישט אַרויס” וואָלט זי נישט אויסגעהאַלטן, וואָלט זי אַראָפּגעפירט פון זינען. די קליינע חנהלעך בינדן זיך שטאַרק-צו צו די ברידערלעך, זעלבע ווערן אָנגעטרויעט אויף זייער אויפזיכט און ווערן אַ טייל פון זייער אייגענעם קינדישן וועזן.

דער שרעקלעכער געדאַנק, אַז די מאַמע „וועט קיין לעבעדיקע נישט אַרויסגיין” האָט זי בלויז „אַראָפּגעפירט” פון איר קינדהייט און פריצײַטיק דערוועקט אין איר אַ שטורמישן אויפברויז פון פרוי- און מוטער-געפילן.

און אַזוי ווי חנהלע האָט ליב געהאַט איר מאַמען נישט ווייַ-ניקער, ווי אַלע אַנדערע חנהלעך האָבן ליב זייערע מאַמעס, האָט דער אונטערבאַוווסטזיניקער שולד-געפיל — דערפאַר ווײַל אין דעם שרעקלעכן געדאַנק וועגן דער מאַמעס גורל, האָט זי אויך „עפּעס אַ מין גוטסקייט געפילט” — נאָך מער פאַרטיפט דעם קינדישן צער און די פּאַנישע שרעק האָט דאָס האַרץ אָנגעפילט ביז פּלאַצן... „וואָס וועט זי טאָן מיטן קינד?”...

אָבער דער פסיכישער אָרגאַניזם האָט זײַנע דעפּענסיווע מיט־לען, און אַז דער איך טרינקט זיך קומען אים צו הילף די אַלע אַנ־דערע גײַסטיקע קרעפטן. אין מאָמענט פון העכסטער פאַרצווייפ־לונג קומען אויך פאַרצווייפלטע רעטונגס־מיטלען. אָפט איז די רע־טונג נישט מער ווי אַן אילוזאָרישע, אַ שטרוי פאַר אַ זיך־טרינקענ־דיקן, אָבער ער כאַפּט זיך אָן אין דער שטרוי מיט אַלע זײַנע כוחות, מיטן גאַנצן ווילן צו לעבן, מיט די לעצטע האָפענונגען פון האַרצן.

די מאַמע וועט קיין לעבעדיקע נישט אַרוים, אָבער מאָטעלע מוז און וועט לעבן. „וועט זי איבערן קינד אַ מאַמע ווערן", און ווי מיט בײַטשן טרײַבט זי אַלע שוואַרצע מחשבות; דאָס קינד וועט אַ מאַמע האָבן... זי וועט זײַן די מאַמע... איר קינד וועט עס זײַן... און די ערשטלינג־שפּראָצן פון מאַמישן אינסטינקט און עמבריאָנעלער ווײַבלעכקייט האָבן מיטאַמאָל ווי אויפגעשוואָלן פון שטאַרקער היץ, דער קנאָספּ האָט אויפגעפּלאַצט, און פריציײַטיק האָט אַ כוואַליע־געטאָן „עפּעס אַ מין זיסע תאווה, וואָס האָט זי אינגאַנצן אַרומגע־נומען", און אין אַן אויסברוך פון לײַדנשאַפטלעכן עקסטאַז האָט זי דעם ברודערל אָנגעהויבן אויסקושן אַלע אבֿרימלעך... און נאָכדעם ווי אַ מוטער אים איר ברוסט געגעבן...

די טיף־דראַמאַטישע איבערלעבונג, וואָס האָט פאַראורזאַכט אַן אויסעראָרדנטלעכע עמאָציאָנעלע שפּאַנונג, האָט געשאַפן אין אָר־גאַניזם אַ הויכע ברען־טעמפּעראַטור, וואָס האָט צעשמאָלצן אַלע צוימען און באַריערן, און די פאַרבאָרגענע און רויע אינסטינקטן פון שנאה און ליבע, פון טויט און ערָאָס, האָבן אויפן מאָמענט ספּאָנ־טאַן אַרויסגעשטראָמט פון זייערע נאַטירלעכע ברעגן...

אָבער דער קריטישער מאָמענט — און באַזונדערס פון דער ער־שטער פריציײַטיקער עראָטישער עקספּלאָזיע — ברענט אוים אַ כראָ־נישן חותם אין דער נשמה פון מענטשן. די שפּורן פון אַזאַ איבער־לעבונג לאָזן איבער אַ בראַנד־צייכן אין האַרצן. אַ סך אומנאָרמאַל־קייטן האָבן זייערע וואָרצלען אין אַזעלכע פלעקן.

אין זשאַן זשאַק רוסאָן — אויף נישט אָנקומען צו קלינישע ביישפּילן — האָט אויך דער וויטיק פון שמיץ, אין קלימאַקס פון דער עמאָטיווער שפּאַנונג, אַרויסגעשלאָגן „אַ זיסע" איבערלעבונג, און די פיינלעכע ליידנשאַפט האָט אים לאָקנדיק פאַרפאָלגט זיין גאַנץ לעבן.

ביי גאַנץ אַנדערע באַדינגונגען האָט זיך אַנטוויקלט די זים-פּיינלעכע דערפאַרונג פון חנהלען, אַנדערש איז דער מאַטעריאַל אויף וועלכן עס האָט געווירקט דער דאָזיקער ווולקאַן-אויסברוך, אַנ-דערש וועלן דעריבער אויך זיין די טראַגישע פאָלגן.

איין זאַך איז אָבער זיכער: אין חנהלען זיינען פּריציטיק דער-וועקט געוואָרן אַזעלכע געפילן, וועלכע האָבן נאָך לאַנג געדאַרפט דרעמלען און צייטיקן אין דער פאַרבאָרגעניש פון יונגן האַרצן. דער נאָרמאַלער ציקל פון דער סעקסועלער עוואָלוציע איז גוואַלדזאַם אויפגעריסן געוואָרן. און קיין קפיצת-הדרך איז די נאַטור נישט מוחל. דער קרבן איז אומשולדיק, ער וועט אָבער צאָלן פאַרן עובר-זיין די נאַטור-געזעצן...

ווי קומט פאָר אָט דער מיסטעריעזער פּראָצעס, וואָס פירט אַראָפּ דעם מענטשן פון זיינע נאָרמאַלע דרכים אין לעבן? — די נאַטור איז אַזוי לייכט אירע סודות נישט מגלה. נאָר די קונסט איז זיך מקדים, רייסט אַראָפּ איין שלייער נאָכן אַנדערן און פאַרשפּינט אין אַ בילדעריש געוועב די אומזעבאַרע פעדים, וועלכע פאַרבינדן דעם גורם מיט דער פעולה, דעם אָנהויב מיטן סוף: און ווייזט נישט בלויז די פאַרגליווערטע פאַרבן, די הילצערנע שטאַמען פון רעאַלע פאַקטן, נאָר אויך די אינערלעכע שפּיל פון די דינאַמישע קרעפטן, די באַהאַלטענע פילטראַציע פון די זאַפטן אין די געפעסן, וואָס פירן אויס אין דער טונקעלער פאַרבאָרגעניש דעם קאָמפּליצירטן פּראָ-צעס פון לעבעדיקן לעבן.

יונה ראָזענפעלד, אַ גאון פון אינטואיציע, האָט פעסט באַטראָטן

דעם באָדן פון אונטערבאַוווּסטזיַין און געוואָרפן אַ בריק איבערן תהום, וואָס ליגט צווישן באַוווּסטזיַין און די אומבאַוווּסטזיניקע ספערן. זיַין אויג האָט דורכגעבויערט אַלע פּלאַסטן, זיך דערגרונ־טעוועט צו די געהיימנישן ווו עס לויערן די אינסטינקטן, און גע־וויזן די פאַנטאַסטישע שפּיל טיף הינטער דער קאָרע פון אויסער־לעכע טאַטן.

ער האָט רעקאָנסטרואירט אַ ווולקאַן־אויסברוך, האָט געמאַכט אָנשוילעך, פּלאַסטיש און געשטאַלטיק אַ שטורמישע עקספּלאָזיע, אַ מיסטעריעזן פּראָצעס, וואָס שפּילט זיך אָפּ אין די אונטערערדישע שיכטן, אין די פאַרבאָרגנסטע נשמה־טיפן.

ער האָט אונדז געלאָזן נאָכפאָלגן מיטן אויג דעם אויפברויז פון די אינסטינקטיווע עלעמענטן, און אויפנעמען מיטן געפיל דעם פול־סירנדיקן ציטער פון אַ מענטשלעכן האַרצן.

די קונסט האָט איבערגעיאָגט די נאַטור...

אין די ד׳ אמות פון דער קליינער סקיצע איז איַינגעפּרעסט אַ שטיק האַרץ, אַ מענטשלעך לעבן, אַ סוד פון דער נאַטור. און דער סוד ווערט אַנטפּלעקט פאַר אונדזערע אויגן, דער פּסיכישער אַטאָם ווערט געשפּאָלטן און עס גייען אַריַין אין באַוועגונג זיַינע עיקרדיקע באַשטאַנד־טיילן. עס קומט צום אויסדרוק עפּעס אַזוינס פאַר וועלכן אין דער מענטשלעכער שפּראַך זיַינען נאָך קיין באַזונדערע ווערטער נישט געשאַפן געוואָרן. באַנוצט זיך דער קינסטלער מיטן שטענדיקן אינסטרומענט פון זיַין וווּנדערלעכן פאָלקס־לשון, און דאָס יידישע וואָרט גייט אים פאָלגעוודיק נאָך, און בליַיבט, ווי דורכאויס אין זיַינע ווערק: קערנדיק, דראַמאַטיש, ליריש, און אַזוי הערלעך־איידל, צניעותדיק־באַשיידן און בצמצומדיק־געמאָסטן.

יעדעס וואָרט און יעדע טאַט קומט ווי אַן אַנטפּלעקונג, אַ העלזעעריַי, וואָס איז לויטער געפיל און ריינער אמת — קינסטלע־רישער אמת. ס׳איז יצירה פון גאָרנישט, אַ יש מאין, דער העכ־סטער אויסדרוק פון קונסט.

# שלום אַש מוטער־קאָמפּלעקס

## I

### אַ פּילזיַיטיקער טאַלאַנט

שלום אַש האָט אויסגעפירט אַ טיטאַנישע אויפגאַבע אין דער יִדישער ליטעראַטור, ער האָט אויפן פאַרנעם פון פיל צענדליקער ווערק און אין פאַרלויף פון צענדליקער יאָרן, קינסטלעריש געפּוּ־רעמט און געשטאַלטיקט די וויכטיקסטע עטאַפּן פון יִדישן לעבן אויף אַלע קאָנטינענטן און אין אַלע צײַטן. אָנגעהויבן פון אַ קליין פּויליש שטעטל פון וועלכן ער איז אַרויסגעוואַקסן, האָט ער מיט שטורמישן אימפּעט פון זײַן שאַפערישער נאַטור געזוכט קינסטלע־ריש צו קאָנצענטרירן און אַנטפּלעקן דעם זין פון יִדישן גורל און די נשמה פון יִדישן מענטשן.

קוטנע, זײַן געבוירן־שטעטל, איז נישט מער ווי די ערשטע סטאַנציע פון זײַן קינסטלערישער וועלט־רײַזע, וואָס האָט אויף איר מאַפּע די קאַרדינאַלע הויפּט־צענטערס פון אונדזער ציוויליזאַציע און די וויכטיקסטע עפּאָכעס פון דער יִדישער צעשפּרייטונג דורך אַלע צײַטן.

אָבער זײַן סאָציאַל־היסטאָרישע וויזיע וואָרצלט טיף אין יִדי־שער טראַדיציע, און זײַנע עקסקורסיעס אין צײַט און אין רוים, ווי אין זײַנע שילדערונגען פון הײַנטצײַטיקע געשעענישן און גע־שטאַלטן, ווערן באַוועגט מיט דער כוונה צו באַשיידן דעם יִדישן גורל, מיטן דורשט צו אַנטפּלעקן די פאַרבאָרגענישן פון דער מענטש־

לעבער נאַטור, און באַלײַכטן די עיקרדיקע לעבנס־פּראָבלעמען פֿון מענטשן אויף דער פֿלאַך פֿון די סאָציאַלע פֿאַרהעלטענישן און אין דער טיף פֿון זײַן אינערלעכן לעבן.

שלום אַש איז נישט קיין גלײַכגילטיקער צושויער צו דער מענטשלעכער וועלט־דראַמע, נאָר אַ שאַפֿערישער אָנטיילנעמער אין איר. ווען עס שטייט אין קאָן דאָס מענטשלעכע לעבן, און באַזונדערס דער ייִדישער גורל, בלײַבט ער נישט שטיין מן הצד. אמת, ווי אַן עכטער קינסטלער לאָזט ער קומען צום אויסדרוק זײַנע פּערסאָנאַזשן, ער לאָזט זיי לעבן זייער אייגן לעבן און מישט זיך נישט אין זייערע רייד. אָבער ער זאָגט אויך זײַן אייגן וואָרט, און ער זאָגט עס דורך אייניקע פֿון זײַנע אַממערסטן כאַראַקטעריסטישע העלדן, און דורך זײַנע אויסגעטרוימטע סימבאָלן און אימאַזשן, וועלכע באַגלייטן אים אויף דער גאַנצער לענג פֿון זײַן פּיליאַריקן קינסטלערישן וועג אין דער ייִדישער ליטעראַטור.

עס איז פֿאַראַן אַן אידעאַישער גרונד־מאָטיוו, וואָס חזרט זיך איבער אין זײַנע ווערק און אַן אייגנאַרטיקער כאַראַקטער־שטריך, וואָס באַגלייט אַ גרויסן טייל פֿון זײַנע העלדן. אָט דער שטענדיקער און אייגנאַרטיקער ריטם, וואָס אַקאָמפּאַנירט אַזוי עקשנותדיק אַשס קינסטלערישע מאָטיוון, קוועלט אַרויס פֿון די טיפֿסטע נשמה־קוואַלן אין וועלכע ס׳איז פֿאַרבאָרגן דער סוד פֿון זײַן פּערזענלעכקייט און דער זין פֿון זײַן קינסטלערישן שאַפֿן.

שלום אַשס טעמאַטיק איז אומגעהייער רײַך און פֿאַרשיידנאַרטיק, און די אומענדלעכע גאַלעריע העלדן איז גענומען פֿון אַלע סביבות און קולטורן, פֿון אַלע סאָציאַלע און גײַסטיקע שיכטן. נאָר די שאַפֿערישע פֿאַנטאַזיע פֿון אַזאַ גרויסן מײַסטער האָט געקאָנט קינסטלעריש פֿאַרגעשטאַלטיקן אַזאַ שפֿע פֿון סוזשעטן און טיפּן, יעדער איינער פֿון וועלכע האָט זײַן אייגענע אינדיווידואַליזירטע נאַטור און זײַן באַזונדערן דרך אין לעבן.

אין אַשס קינסטלערישער גאַלעריע, ווי אין רעאַלן לעבן, איז שווער צו געפינען צוויי מענטשן ענלעך איינער אויפן אַנדערן. און דאָך, אַזוי אין דער קונסט ווי אין דער נאַטור, האָבן פיל מענטשן עפּעס אַ בשותּפותדיקן גרונד־צייכן, פּונקט ווי אַ געמיינזאַמער גורל זאָל אויף זיי לייגן זײַן כאַראַקטעריסטישן שטעמפּל. אָט די בשות־פּותדיקע, אַלגעמיינע און גורלדיקע כאַראַקטער־שטריכן דריקן אויס די פּערזענלעכקייט פון מחבר, לייגן דעם חותם אויף זײַן קינסט־לערישן סטיל און ברענגען צום אויסדרוק די פאַרבאָרגענע שטרע־בונגען פון זײַן אייגענעם פּסיכישן וועזן.

## דרײַ פּסיכישע אינסטאַנצן

לעאָנאַרדאָ דאַ ווינטשי האָט דעם מיסטעריעזן און פאַרפירע־רישן דזשיאָקאָנדאַ־שמייכל אַרויסגעכישופט נישט נאָר אויף די ליפּן פון זײַן מאָנאַ ליסאַ, נאָר אויך אויף די געזיכטער פון זײַנע הייליקע און אויף פיל אַנדערע פון זײַנע געשטאַלטן. ווי עס שײַנט, איז דער שמייכל געווען טיף אײַנגעוואָרצלט אין זײַן געמיט, און ער האָט עקשנותדיק געשטרעבט אים אויסצו־דריקן און פאַרקערפּערן אין לעבן. מעגלעך אַז דער דאָזיקער שמייכל איז געווען דער איינציקער שטריך פון דער מאַמעס ליבן געזיכט, וועלכער איז אים אײַנגעקריצט געוואָרן אין זכרון אין זײַן פריסטער קינדהייט, ווען ער איז פון איר אָפּגעריסן געוואָרן. אַזוי לפּחות פאַר־זיכערן אייניקע פאָרשער, און צווישן זיי אַזאַ אויטאָריטעט ווי זיג־מונד פרויד. איין זאַך איז אָבער אויסער יעדן צווייפל: דער שמייכל האָט געהאַט עפּעס אַ טיפן באַדײַט פאַרן קינסטלער, אַ פאַרבאָרגענע כוונה, און דער פאַנטאַסטיש פילזײַטיקער גאון, וואָס האָט שטורמיש געבליצט מיט נײַע אײַנפאַלן און מיט אָריגינעלע סוזשעטן און אי־מאַזשן, האָט אויסגעפאָלגט אַן אינערלעכן אימפּעראַטיוו און ווי

אויטאָמאַטיש געלאָזט שוועבן דעם צאַרטן מוטערלעכן שמייכל אויף די ליפּן פון זײַנע העלדן.

אויף שלום אַשס העלדן שוועבט נישט קיין שמייכל ווי אַ זכר פון זיסע מאַמישע ליפּן, אין זיי לעבט אָבער יאָ אַ טיפע נאָגנדיקע בענקשאַפט נאָך דער וואַרעמקייט פון מוטער־געפילן. **אינסטינקטיוו** איז זייער ליבע־באַגער פיקסירט אויף דעם מוטער־אימאַזש און **אינטעלעקטועל** איז זייער לעבן אַן אָרענע פון שווערן אינערלעכן קאַמף, וואָס דריקט זיך אויס **אידעאיש** אין דער שטרעבונג צו עטי־שער שלימות און אוניווערסאַלער אחדות.

די דרײַ אינסטאַנצן בילדן אַ מין טאָפּאָגראַפישע מאַפּע פון אַשס קינסטלערישער שאַפונג: פון אונטן, אין דער ספערע פון אומ־באַוווסטזײַן, אַ מין פאַטאַלע אײַנגעשפּאַרטע צוגעבונדנקייט צו דער מוטער־געשטאַלט, אינעם העכערן **אונטערבאַוווסטזיניקן** שיכט, אַ פאַרצווייפלטע ראַנגלעניש קעגן די אייגענע אינסטינקטיווע טענ־דענצן און פאַרדאַרבענע באַגערן, און אין שפּיץ פון דער דאָזיקער פּסיכישער פּיראַמידע **אַ באַוווסטזיניקע** אידעאישע שטרעבונג, וועלכע שלום אַש פּרייִדיקט זײַן גאַנץ לעבן, „איבערצובעטן די גע־טער" אין הימל כדי שלום צו מאַכן צווישן די מענטשן אויף דער ערד.

זאַכאַרי מירקין, דער הויפּט־העלד פון דער טרילאָגיע „פאַרן מבול" (1927—1932) האָט פרי פאַרלאָרן זײַן מוטער און שטאַרק געבענקט נאָך איר. ער פלעגט אײַנשלאָפן אויף זײַן קינדער־געלעגער מיט דער אילוזיע, אַז ער „נורעט אײַן זײַן פּנים אין דער מוטערס ווייכן וואַרעמען האַלדז". אַלס חתן־בחור האָט ער אין זײַן צוקונפטי־קער שוויגער פריִער אַנטדעקט די מוטער ווי אין איר טאָכטער — די כלה. מאָטקע גנב (1917) כאַפּט אַרום אין אַ מאָמענט פון עקס־טאַז זײַן מוטער און כלה מיט אַ פריידיקן אויסרוף „מײַנע מאַמעס! מײַנע מאַמעס!" און אין „גראַסמאַן און זון" (1955) דערשײַנט ווי־דער, ווי אין פיל ווערק פון אַלע אַנדערע פעריִאָדן, דער מוטער־

קאָמפּלעקס אינעם מאַן און די וויכטיקע ראָל פון דער מוטער־פרוי אין לעבן פון די העלדן.

אין אַ פּסיכאָלאָגישן ראָמאַן ווערט דאָס רוב איינער פון די העלדן געצייכנט מיט אַ סוביעקטיווער פּערספּעקטיוו, ווי דער דיכטער זאָל זיך באַזעצן אין הארצן פון זײַן העלד און פון דאָרטן־אַרויס באַטראַכטן די וועלט, און דעם אמתן ווערט פון זאַכן און פון מענטשן. אַזאַ צענטראַלע פיגור איז זאַכאַרי מירקין, אין וועלכן עס זעט אויס צו זײַן, מער ווי אין אַלע אַנדערע שלום אַשס טיפּן, פאַרקערפּערט די פּערזענלעכקייט פון מחבר, זײַן פּסיכישע נאַטור, זײַנע אינערלעכע קאָנפליקטן און זײַן אידעאישע וועלט־אַנשויאונג.

מיר וועלן דעריבער דורך זאַכאַרין פּרוּוון אַרײַנבליקן אין דער נשמה פון זײַן שעפער, און וועט פאַר אונדז זיך אַנטפּלעקן כאָטש איין ווינקל פון איר סוד, וועלן דערשײַנען מיט מער קלאָרקייט דער אינהאַלט פון זײַן לעבנס־ווערק און דער זין פון זײַנע קינסטלערישע אימאַזשן.

די ליטעראַרישע שאַפונג איז אָריענטירט אין די ריכטונגען, וועלכע זײַנען פאָראויסבאַשטימט דורך די פּסיכישע טענדענצן פון דיכטער און זײַנע עיקרדיקע כאַראַקטער־שטריכן. וואָס טיפער מיר בליקן אַרײַן אין זײַן נשמה אַלץ אינטימער און פאַרשטענדלעכער ווערט דאָס ווערק אין וועלכן ער פאַרקערפּערט זיך, די אויסערלעכע אָביעקטן וועלכע ער געשטאַלטיקט, דאָס אַרומיקע סאָציאַלע לעבן וועלכעס ער לאָזט דורך דורכן פילטער פון זײַן אייגענער דערפאַרונג און אויף וועלכן ער לייגט דעם חותם פון זײַן שעפערישער נאַטור.

## דאָס „אמתדיקע פאָטערלאַנד"
## פון מענטשן

מיר וועלן זיך באַגנוגענען מיט קנאַפּע ביאָגראַפישע ידיעות וועגן אַשן, באַזונדערס וועגן זײַנע קינדער־יאָרן; די כאַראַקטעריסטישע

ייִדישע צניעות לאָזט אויס די אַמערסטן אינטימע ענינים אין לעבן פון אונדזערע קינסטלער. אַ גמרא זאָגט, אַז ייִדן זײַנען רחמנים, ביישנים וגמולי חסדים, עס הייסט, אַז וועגן סעקסועלע זאַכן רעדט נישט קיין ייִד, און מיר וועלן דעריבער אויסנוצן בלויז פראַגמענטאַרע דאַטן. אָבער, ווי מיר האָבן שוין בײַ אַ געלעגנהייט דערמאָנט, איז אונדזער אייגנטלעכע אויפגאַבע נישט צו מאַכן קיין ראַדיאָגראַפיע פון מחברס נשמה, נאָר זען דער עיקר ווי די נשמה שפּיגלט זיך אָפּ אין זײַן שאַפן.

מיטן שאַרפן חוש פון זײַן פּסיכישער אינטואיציע פאָרמולירט שלום אַש אַן עיקרדיקע און זייער וויכטיקע סענטענץ, וואָס האָט אַ באַזונדער באַדײַטונג אין געגעזים פון זײַנע קינסטלערישע שאַפונגען: „דער מענטש לעבט איבער זײַנע שטאַרקסטע איבערלעבונגען אין זײַנע קינדער־יאָרן. דאָס איז דאָס אמתדיקע פאָטערלאַנד זײַנס אין וועלכן ער שטעקט אין משך פון זײַן ווײַטערדיק לעבן" („מאָסקווע" ז' 383). דער דאָזיקער פונדאַמענטאַלער כלל ווערט באַטראַכט, און אַלגעמיין אָנערקענט, ווי אַ גרונדשטיין אינעם בנין פון דער מאָ־דערנער פּסיכאָלאָגיע; אָבער אַש האָט דעם דאָזיקן אמת קינסטלע־ריש באַלעבט, געגעבן אים פּלאַסטישן אויסדרוק, רוח החיים פון זײַן דיכטערישער פאַרשטעלונגס־קראַפט.

„שלום אַש, זאָגט ש. ניגער אין זײַן אַרײַנפיר צו דער סעריע עסייען וועגן דעם גרויסן מײַסטער, איז געווען דאָס צענטע קינד בײַ זײַן פאָטער, דאָס פינפטע — בײַ זײַן מוטער, זײַן טאַטנס צווייטע פרוי... זיי האָבן נישט שטאַרק אַכטונג געגעבן אויף שלומען ווען ער איז געווען אַ קינד. דאָך האָט ער עפּעס פון זיי איבערגענו־מען. אַש אַליין דערציילט אונדז: ...מײַן מאַמע קומט פון די זומ־פּיקע פעלדער אַרום קאַליש, דורך דעם זײַנען אירע אויגן אַזוי טרוימעריש און איר גײַסט אַזוי אומרואיק און מעלאַנכאָליש... פון איר האָב איך געירשנט מײַן אומרואיקייט, און די פײַכטקייט פון

מײַן נשמה קומט פון דער פּײַכטקייט פון די טאָרף־פעלדער... פון אַ פיל געזיינטערער געגנט קומט מײַן טאַטע — פון די געזונטע, טרו־קענע, פרוכטבאַרע פעלדער פון גאַמבין... פול מיט אמונה אין בטחון — דורך דעם די צעטיילונג פון מײַן נשמה".

די באַמערקונג פון אַזאַ אויטאָריטעט ווי שמואל ניגער, וועל־כער שטיצט זיך זיכער אויף באַגלויבטע קוועלן, אַז די עלטערן „האָבן נישט שטאַרק אַכטונג געגעבן אויף שלומען ווען ער איז געווען אַ קינד" האָט אין דעם פאַל אַ קאַפּיטאַלע באַדײַטונג און קאָן דינען ווי אַן אויסגאַנג־פּונקט פאַר אונדזער ווײַטערדיקער פאָרשונג.

דאָס צענטע קינד בײַם פאָטער, און דאָס פינפטע פון זײַן צווייטער פרוי — דער פאַקט אַליין באַרעכטיקט אין אַ געוויסער מאָס די באַציאונג פון פאָטער, וואָס האָט אים נישט געקאָנט שענקען קיין באַזונדערס אַפעקטיווע אויפמערקזאַמקייט. אמת, די קלאַסישע געשיכטע מיט יוספן באַווײַזט דווקא די ליבע פון אַ פאָטער צום עלפטן קינד, און פון דער צווייטער פרוי, אָבער דאָס איז געווען אַ ליבשאַפט אויפן חשבון פון די אַלע אַנדערע קינדער. „יעקב האָט ליב געהאַט יוספן מער פון אַלע זײַנע זין" ווערט געזאָגט אין חומש, און דאָס האָט דעריבער אַרויסגערופן אַזאַ ברענענדיקע ברודער־שנאה צום טאַטנס ליבלינג. שלום האָט אָבער בײַם טאַטן נישט געהאַט יוספס דאָליע, ווי עס זאָגט עדות דער ציטאַט פון ש. ניגער.

ווי עס שײַנט, איז דער פאָטער פאַר אים געווען אַ ווײַטער, אַן אומדערגרייכבאַרער — אַ נישט־עקסיסטירנדיקער, מיט וועלכן ער איז נישט געקומען אין קיין נאָענטער און וואַרעמער באַציאונג. אין אַן אויפשריפט אויפן שערבלאַט פון „ר' שלמה נגיד" ווערט געזאָגט:

„מײַן פאָטער דעם גאַנצן ייִד און דעם גאַנצן מענטש; דעם וואָס זײַן לעבן לײַכט פאַר מיר ווי אַ ליכטיקער שטערן אין אַ פאַרנעפּל־טער נאַכט, וועלכן איך זע און קאָן אים נישט דערגרייכן — איך שענק אים דאָס ווערק."

אָט די דאָזיקע אידעע פון אומדערגרייכבאַרקייט פון פאָטער האָט שלום אַש פּראָיעקטירט און סימבאָליש אויסגעדריקט אינעם העלד פון „פאַרן מבול”, וועלכער האָט זיך פאָרגעשטעלט זיין פאָ־טער ווי עפּעס אַ מין גרויסן באַל, וועלכן „ער קאָן נישט ארומנעמען און איינהאַלטן מיט זיינע קליינע הענטלעך”.

מיר האָבן אויבן ציטירט שלום אַשס ווערטער וועגן זיין מוטער, אַז זי קומט פון די פייכטע טאָרף־פעלדער און אַז פון איר האָט ער געירשנט „די פייכטקייט” פון זיין נשמה. אַן ענלעכן טאָן לאָזט ער אונדז הערן אין דער כאַראַקטעריסטיק פון זאַכאַרי מירקינס מוטער:

„...זי האָט געהאַט אין דעם מאַרך פון אירע ביינער די פייכטע ראָסע פון די פּעטערבורגער קאַנאַלן צווישן וועלכע זי האָט זיך אויפגעהאָדעוועט. זי האָט נישט געקאָנט מיטשפּרייזן מיט איר מאַן. דאָרט ווו ער האָט געמאַכט צען טריט האָט זי בלויז איין טריט גע־שטעלט...” („פּעטערבורג”, ז' 69).

דער מענטש איז „דאָס” וואָס ער האָט גערן, זאָגט זשאַן פּאָל סאַרטר, און ער ווייזט אָן, אַז די פּרעפערענץ פון איינִיקע דיכטער פאַר געוויסע מעטאַפאָרן, ווי די פליסיקייט פון וואַסער, וואָס חזרט זיך איבער אַזוי אָפט בײַ עדגאַר אַלאַן פּאָ, אָדער די געאָלאָגישע אי־מאַזשן פון רימבאָ, סימבאָליזירן אין אַ גרויסער מאָס זייער אייגן אינערלעך לעבן.

די אויבנדערמאָנטע אידענטישע עלעמענטן אין די יחוס־בריוו פון מחבר און זיין ליטעראַרישן העלד, באַוועגן אונדז ווייטער צו ציִען דעם פּאַראַלעל און אין דעם לעבנס־גורל פון איינעם זוכן די מערכה פון צווייטן.

# די הויפּט־כאַראַקטעריסטיק פון זיינע העלדן

מיר ווייסן, אַז די עלטערן „האָבן נישט שטאַרק אַכטונג געגעבן אויף שלומען ווען ער איז געווען אַ קינד" און די עלטערן־ליבע איז דאָס שפּייז פאַר דער נשמה, ס'איז די זון וואָס וואַרעמט אוים די גע־פילן, דער עיקרדיקער און נייטיקסטער עלעמענט פאַרן נאָרמאַלן וווּקס פון קינד, פאַר זיין מאָראַלער און עמאָציאָנעלער אַנטוויקלונג.

דאָרט ווו מוטער־ליבע פעלט — אָדער דאָרט ווו די מוטער ווערט פיזיש אָדער אַפעקטיוו אָפּגעריסן פון קינד אין די ערשטע יאָרן (ווי ביים געבוירן פון נאָך אַ קינד אויף וועלכן זי טראָגט אַריבער איר אויפמערקזאַמקייט) — לעבט איבער דער רעאַלער אָדער אַפעק־טיווער יתום אַ שווערן פּסיכישן שאָק, וואָס קאָן איבערלאָזן אין דער נשמה אַ סימפּטאָם פון דויערהאַפטן שאָדן, פון איינזאַמקייט און קעלט אין די געפילן, פון עמאָציאָנעלער פּוסטקייט אין לעבן, וואָס פירט צו אַן אומגעזעטיקטן קינדישן דורשט נאָך אַפעקטן, וועלכע עס האָט נישט געהאַט אין זיינע ערשטע קינדער־יאָרן.

אַ מאַנגל אין מוטער־ליבע — אָדער אַן איבערפלוס פון מוטער־ליבע, וואָס האָט לכתחילה געגעבן דעם קינד צו פילן דעם זיסן טעם פון מוטערלעכער צערטלעכקייט און איז נאָכדעם פּריציפּיעל איבער־געריסן געוואָרן איבער וועלכע נישט איז אָביעקטיווע סיבות — קאָן שאַפן דעם באָדן פאַר אַ מוטער־קאָמפּלעקס, פאַר אַן אינפאַנטי־לער ליידנשאַפטלעכער בענקשאַפט נאָך אַ מוטער־געשטאַלט, וועלכע קאָן „בלייבן אין אים שטעקן אין משך פון זיין גאַנץ ווייטערדיק לעבן", פאַרוואַרצלט אין די טיפע אומדערגרייכבאַרע שיכטן פון אומבאַוווּסטזיין, אַנגעצונדן אין די ווייטע קינדישע יאָרן, איז עס ווי דער ביבלישער דאָרן — וואָס ברענט און ווערט נישט אוים־געלאָשן...

אין די ערשטע מאָנאַטן פון לעבן איז דאָס מענטשן-קינד ווי אַ פאַרמאַכטער קנאָספּ, איינגעשלאָסן אין זיך, מיט אַלע חושים גע-ווענדעט אויף זיך, ווי דער לעגענדאַרישער העלד נאַרציס — אָפּגע-שלאָסן פון דער אויסערלעכער וועלט און פאַרליבט אין זיך גופא.

די עלטערן-ליבע, ווי די וואַרעמקייט פון דער זון, עפנט דעם קנאָספּ, און עס פּיקט זיך אויס פון אים דער ערשטער שפּראָץ פון מוטער-געפיל געווענדעט צו אַן אָביעקט פון דער אויסערלעכער וועלט, די ערשטע מאַניפעסטאַציע פון אַפעקטיווער פאַרבינדונג מיט מענטשן. ס'איז דער קערן פון וועלכן ס'וועלן מיט דער צייט אַרויסוואַקסן אויך אַלע אַנדערע געפילן און אַלטרואיסטישע אַפעק-טן. און ווי דער בלומען-שטויב, וואָס ווערט צייטיק אויפן בוים לאָזט זיך מיטן ווינט פרײַ זוכן זיין באַשערטע, אַזוי ווערט ביי נאָרמאַלע און געזונטע באַדינגונגען, דער ערשטער ליבע-אויפבליץ געווענדעט צו דער מוטער, לייכט אָפּגעטאָן פון איר און פרײַ איבערגעטראָגן אויף אַן אַנדער אָביעקט פון דער אויסערלעכער וועלט.

דער געניאַלער אינסטינקט פון אונדזערע אור-פאָטערס האָט טיף באַנומען דעם דאָזיקן נאַטור-געזעץ און פעסטגעשטעלט, אַז „אַ מאַן פאַרלאָזט זיין פאָטער און זיין מוטער, און באַהעפט זיך אָן זיין ווייב, און זיי ווערן איין לייב".

שלום אַשם העלדן, און באַזונדערס די אין וועלכע ער האָט זיך פּראָיעקטירט, האָבן אָבער זייער מוטער נישט געקאָנט „פאַרלאָזן". די געפילן נישט אויסגעצייטיקט אין האַרצן, האָבן זיי קיין אַפעק-טיווע רייפקייט נישט דערגרייכט, און געבליבן אויפן גאַנצן לעבן ווי צוגעבונדן צו דער מאַמעס נאָפּל. מעגלעך אַז דער דיכטער דריקט עס אויס סימבאָליש אין דער „פייכטקייט פון דער נשמה" וואָס גיט אַזאַ מין אייגנאַרטיקע כאַראַקטעריסטיק טייל פון זיינע פערסאָ-נאַזשן.

# אַ נײַער אַפעקטיווער טאָן
# אין דער יידישער ליטעראַטור

די דאָזיקע אומקלאָרע און קלעפּיקע קינדישע בענקשאַפט צו אַ מאַמען, די שלאַבעריקע צעפלאָסנקייט פון דער ליבידאָ, וואָס לאָזט זיך אַזוי לײַכט נישט אײַנזאַמלען און אָפּטאָן פון דער מוטער־געשטאַלט, איז אַ גאַנץ פאַרשפּרייטער שטריך אין כאַראַקטער אויך פון פּסיכיש פיל רײַפערע מענטשן, וועלכע זוכן אומבאַוווּסטזיניק אין זייער נײַעם ליבע־אָביעקט עפּעס אַן ענלעכקייט צו דעם מוטער־מאָדעל, וועלכער איז פון די קינדער־יאָרן זיי געבליבן אײַנגעבאַקן אין הארצן.

אַ שיינע פּאָעטישע גבית־עדות באַשטעטיקט אונדזער הנחה. מלך ראַוויטש זאָגט, אַז „מיר האָבן געהאַט מזל מיט דער „קווין־קאָנסאָרט", מיט דער קעניגין־באַגלייטערן, אין אונדזער ליטעראַטור. איך וואָג גאָרנישט צו טראַכטן, וואָס עס וואָלט געוואָרן פון אַזאַ כוואַליעדיקער שעפערישער פּערזענלעכקייט ווי שלום אַש — אָן זײַן מאַטילדע, אין וועלכער ער איז אייביק פאַרליבט און פאַרדאַנקט... ווי אָפט האָב איך געזען אַשן צעבושעוועט; איין וואָרט: „שולעם!" מיט דעם אור־פוילישן אַקצענט פון פרוי מאַטילדע אַש — און דער לייב האָט די נעגל אײַנגעצויגן, דער לייב האָט אַ שמייכל געטאָן..." („מײַן לעקסיקאָן").

פאַרשידענע עפּיזאָדן און איבערלעבונגען האָבן געקאָנט פאַרשאַרפן די פּערזענלעכע קאָנפליקטן און אײַנטיילנעמען אין דער דראַמאַטישער פאָרמאַציע פון דעם מוטער קאָמפּלעקס. מיר באַגנוגענען זיך אין דעם פאַל מיטן פילזאָגנדיקן פאַקט, וואָס דער מאָטיוו חזרט זיך איבער אַזוי אײַנגעשפּאַרט אין אַשס קינסטלערישן שאַפן און ציט זיך ווי אַ רויטער פאָדעם כמעט ווי איבער אַלע זײַנע ווערק. דער שרײַבער קלײַבט נישט אויס צופעליק זײַנע טעמעס

און העלדן, זיי פֿאַלן אים נישט אַראָפּ פֿון הימל, נאָר ווערן געבוירן און אויסגעוואָרעמט אין אייגענעם האַרצן, און ס'איז דעריבער פֿאַראַן אַ בלוט־קרובישאַפֿט, אַן ענגע פֿאַרבינדונג, צווישן די אינטימע עמאָציעס פֿון דיכטער און זײַנע ליטעראַרישע העלדן.

זאַכאַרי מירקין לעבט איבער אין זײַנע קינדער־יאָרן אַ מין טראַוומאַטישע סיטואַציע צווישן אַ סובסטיטוט פֿון זײַן לײַבלעכער מוטער — אַ טרײַע, איבערגעגעבענע און לײַדנשאַפֿטלעך־צאַרטע אַם, וואָס האָט נאָר געררייצט אָבער נישט געשטילט זײַנע אינטימסטע באַגערן — און אַן אַפּוועזנדיקן שטרענגן פֿאָטער, וואָס איז געווען פֿאַר אים אַזוי מעכטיק און ווײַט, אַז ער האָט מיט דעם דאָזיקן מאָדעל אַפֿילו אין דער פֿאַנטאַזיע נישט געוואָגט זיך צו אידענטיפֿיצירן און שטרעבן „צו ווערן ווי דער טאַטע" — אַ מאַן; און ער איז געוואָרן ווי די מאַמע: פֿאַרווײַבלעכט, עמפּפֿינדלעך, אומאַנטשיידן, אײַנגעהילט אין אַ נעפּל פֿון טרוימען, מיט אַן אייביקער בענקשאַפֿט אין האַרצן.

ווען אָלגאַ מיכאַילאָוונאַ, זײַן כּלה ניניאַטשקאַס מוטער, האָט אים געשטראָפֿט פֿאַרוואָס ער איז אַזאַ אומאַנטשלאָסענער, שעמעוודיקער און צוריקגעהאַלטענער, האָט ער זיך „געפֿילט ווי אַ קינד ווען אַ מוטער לייגט עס שלאָפֿן און דעקט עס גוט צו מיט אַ וואַרעמער דעקע"...

אַן ענלעכע קינדער־דערפֿאַרונג בײַם שלום אַשן האָט אַרײַנגעבראַכט אַ נײַעם אַפֿעקטיוון טאָן אין סטיל פֿון דער ייִדישער ליטעראַטור. נאָך דער אַגרעסיווער מענערישקייט פֿון זיידע מענדעלע און דער פֿאַרזאָרגט פֿאָטערלעכער תּכליתדיקייט פֿון פּרצן, איז דער שעפֿערישער טאַלאַנט פֿון אַשן אַ מער פֿעמענינער, אַ פּאַסיוו־ראָמאַנטישער, אַן אידילישער, אַ צאַרט־טרוימערישער און וויזיאָנערישער.

זאַכאַרים קינדישער עראָטיזם האָט געצוימט זײַנע באַציאונגען מיט פֿרויען, און שווער געמאַכט פֿאַר אים אַ נאָרמאַלע פֿאַרבינדונג

און אײַנגלידערונג אין אַרומיקן לעבן. ער קאָן פּיזיש נישט באַרירן נינאָטשקען און אויך נישט העלענקען. אין אומבאַוווסטזײַן ווערט אַזאַ באַציאונג אויפגענומען ווי אַ פאַרראַט פון דער אייגענער מוטער. דאַקעגן דערוועקן אין אים אומגעצוימטע עראָטישע געפילן רײַפע מוטערלעכע פרויען, אָלגאַ מיכאַילאָוונאַ און העלענקעס מוטער, די פרוי הורוויץ.

מיר הייבן אָן אויף אַזאַ מין אופן באַגרײַפן די דינאַמישע כוחות פון זאַכאַרים אינערלעכער וועלט, אָבער זיי זײַנען ווי ווינט אויפן פעלד, לויז, נישט אַרומגענומען מיט קיין הויט, נישט באַהעפט און געשטאַלטיקט. דער קינסטלער האָט פּלאַסטיש נישט געפורעמט זײַן העלד, ווײַל ער האָט אים נישט געזען אין קיין סטאַטישער און אָביעקטיווער פּערספּעקטיוו — פון אַ דיסטאַנץ, — נאָר פון אינע־וויניק, פון זיך אַרויס, פון די אייגענע פּראָבלעמען און ספקות, וועלכע ער האָט אין אים פּראָיעקטירט און אים באַהויכט מיטן עמאָציאָנעלן אומרו פון אייגענעם הארצן. זאַכאַרים לעבנס־גורל איז דעריבער כאַראַקטעריסטיש פאַר זײַן שעפער און אויך פאַר פיל אַנ־דערע פון שלום אַשם פערסאָנאַזשן.

אַזוי פירן די העלדן פון ראָמאַן „גאָטס געפאַנגענע” אַ פּלאַטאָ־נישע ליבע. עמיליע שרײַבט צו איר פרײַנד: „...אונדזער ליבע איז צו טיף, צו ערלעך, צו דויערנדיק, מיר זאָלן זי אויסגיסן אין אַ גע־שלעכטלעכן אַקט... מיר געניסן זיך איינער דעם אַנדערן יעדן אוי־גנבליק פון אונדזער זײַן...” אייניקע קריטיקער האָבן געהאַט טענות, אַז ס׳איז נישט בדרך הטבע... אָבער ס׳איז בדרך הלאָגיק, ס׳איז פאַראַן אין דעם אַן אינערלעכע קאָנסעקווענטקייט, אַ פּסיכאָלאָגישע באַרעכטיקונג.

ג. סאַפּאָזשניקאָוו

## די „צעטיילונג" פֿון דער נשמה

ס'איז טיף פֿאַרוואָרצלט אין דער מענטשלעכער פּסיכיק דער באַגער זיך צוריקציִען „אין דער מוטערס שוים", אַנטלויפֿן פֿון די לײַדן פֿון דער אויסערלעכער וועלט, און דערגרייכן אַ צושטאַנד פֿון פֿרידן און געניוס, אָן קאַמף און געפֿאַרן. עס זאָגן עדות אויף דעם אַ סך סימבאָלן אין דער ליטעראַטור און פֿיל סימפּטאָמען אין דער אויפֿפֿירונג פֿון מענטשן. אַזעלכע פֿאַנטאַזיעס האָבן דאָס רוב אַ סעקסועלן באַדײַט און זײַנען אָפֿט פֿאַרבונדן מיט אויטאָעראָטיזם. זאַכאַרי פֿלעגט נאָך יעדן דורכפֿאַל אין לעבן זיך באַהאַלטן אין דער עיר מקלט פֿון דעם דאָזיקן קינדישן צושטאַנד און נאַרציסטיש זוכן באַפֿרידיקונג אין זיך, אָנשטאָט זיך צו פּראָיעקטירן פֿאַראויס, צו מענטשן...

„אַוועק פֿון נינאָטשקען איז זאַכאַרי געבליבן אַליין, און דערפֿילט אַ מאָדנעם אומעט און איינזאַמקייט האָט ער זיך אַרײַנגעלייגט אין בעט, איבערגעצויגן איבער זיך די קאָלדרע, און ווי אַמאָל אין זײַנע קינדער־יאָרן, האָט ער געוואָלט אין דער טונקלקייט פֿון דער נאַכט אַרויסרופֿן אַן אילוזיע. עס איז געקומען צו אים אַ געשטאַלט, וואָס האָט געהאַט נינאָטשקעס פּנים און אַ קערפּער פֿון ווער אַנדערש"... („פּעטערבורג", ז' 53). אָפּטמאָל האָט ער געהאַט דעם מאָדנעם געפֿיל, אַז זײַן לײַב איז ווער אַנדערש און ער איז ווער אַנדערש. האָט ער גערעדט צו זײַן קערפּער ווי צו אַ פֿרעמדן, געגלעט זיך אַליין, געטרייסט זיך אַליין... זײַן לײַב איז דאָס פּאָזיטיווע וואָס ליגט דאָ אין בעט. און ער קאָן עס באַזיצן, באַהערשן, באַנעמען... ער דערפֿילט אַז זײַן האַנט און זײַן אייגענער קערפּער זײַנען צוויי באַזונדערע זאַכן. זײַן האַנט ווערט דער „איך", זײַן אייגענע פּערזענלעכקייט. זײַן לײַב — באַלאַנגט צו אַ צווייטן ווילן, אַן אַנדערנס וועזן — און ער באַהערשט מיט באַזאַנפֿטע באַרירונגען דאָס צווייטע לעבן..." („וואַרשע", ז' 120).

אַן אַנאַלאָגיע, וואָס וואַרפט אַ שטראַל ליכט אויף דער דאָזי־קער דערשיינונג, געפינען מיר ווידער אין די קונסט־ווערק פון לעאָ־נאַרדאָ דאַ ווינטשי, וועלכער האָט אָנגעלאָדן זיינע געשטאַלטן מיט פאַרבאָרגענער תאווה, אין די אויגן פון זיינע הייליקע ברענט גלוס־טונג, זיינע שיינע יוגנטלעכע מיט פעמענינע פאָרמען אין פאַרדעכ־טיקע אויטאָעראָטישע פאָזעס קוקן מיט פאַרבאָרגענעם אויסדרוק פון זיג איבערן סוד וואָס זיי באַהאַלטן... און ס'איז גוט באַוווּסט, אַז לעאָנאַרדאָ האָט אַרויסגעוויזן אַ ווידערווילן צום סעקסועלן לעבן, אין זיינע שריפטן איז צו מערקן אַן איבערראַשנדיקע צניעות אויס־געליידיקט פון יעדן עראָטיזם.

אין אַ גייסטרייכן און גוט באַגרינדעטן עסיי וועגן לעאָנאַרדאָן, זאָגט פרויד, אַז „דער גרויסער מייסטער האָט מיט די פיגורן גובר געווען דעם דורכפאַל פון זיין עראָטישן לעבן, אויסדריקנדיק אין אַ גליקלעכער פאָרונג מענלעכע און ווייבלעכע עלעמענטן, אין וועלכע ער האָט פאַרווירקלעכט די פאַרלאַנגען פון זיין קינדהייט סטימוליר־טע דורך דער צערטלעכקייט פון אַ גוטער מוטער".

אין די אויבנדערמאָנטע קינסטלערישע אימאַזשן האָט דער מייסטער סימבאָליש אויסגעדריקט זיינע פאַרבאָרגנסטע באַגערן, ער האָט פאַרווירקלעכט „די פאַרלאַנגען פון דער קינדהייט", וואָס לוי־ערן דאָרט ערגעץ מיט ברענענדיקער גלוסטעניש אין די טיפענישן פון אומבאַוווּסטזיין. אונטערן שטילן וואַסער־שפּיגל גייט אָן אַ שטור־מישער קאַמף און צו דער אויבערפלאַך דערגייען בלויז לייכטע שווי־מיקע בלעזלעך ווי אַ צייכן פון שווערן אינערלעכן אומרו. אַ קאַמף פון די אינסטינקטיווע אור־עלעמענטן, פון די קינדישע אימפּולסן, וואָס שטורעמען מיט טעמפּער און פינצטערער רוגזא דעם שוואַכן מענטשלעכן איך, אַ פאַרפאַנצערטן הינטער זיינע עטישע צוימען און מאָראַלישע באַריערן.

„גאָט מיינער — טראַכט זאַכאַרי — וואָס פאַראַ שוואַרצע

כוחות עס לעבן אין מיר! און ווהין וועלן זיי מיך דערפירן? איך בין דאָך אַ קראַנקער מענטש, מיט קראַנקע אילוזיעס... אין מיר ווינען נישט קיין געזונטע אינסטינקטן... פון אומבאַוווסטע אבות געירשנט נישט קיין געזונטע אינסטינקטן פאַר אַלעם קרענקלעכן און שווידערלעכן..." („וואַרשע", ז' 82).

ס'איז צוזאַמענגעבראָכן די גאַנצקייט פון זײַן אינעווייניקסטער וועלט און ס'איז נישט פאַראַן דאָרט קיין רו און קיין אחדות. צוויי פײַנטלעכע און סתירותדיקע אינסטאַנצן פירן אַ פּערמאַנענטן און פאַרביטערטן קאַמף צווישן זיך, און וואָס שטאַרקער ס'איז דאָס פײַער פון די „נישט געזונטע אינסטינקטן", אַלץ וואַכזאַמער און אַקטיווער מוזן זײַן די פאַרטיידיקונגס-מיטלען פון מאָראַלישן געוויסן, וועלכער איז מער מחמיר פון מענטשן, ווײַל ער פאָדערט חשבון און שטראָפט נישט נאָר פאַר מעשים, נאָר אויך פאַר געדאַנקען, נישט נאָר פאַר עברות נאָר אויך פאַר זינדיקע חלומות און טרוימען...

## פון טומאה צו קדושה

דאָס קינד נעמט אויף פון די עלטערן, פון די לערער און פון דער סביבה, די סאָציאַלע, מאָראַלע און עטישע פּרינציפּן, וואָס ריכטן זײַנע לעבנס-טענדענצן און וואָס העלפן אים האַרמאָניש זיך אײַנצוגלידערן ווי אַ נוצלעכער מיטגליד אין דער געזעלשאַפט פון מענטשן. דאָס זײַנען די עטישע רעאַקציע-פּראָדוקטן קעגן די פּרימיטיווע אימפּולסן, וועלכע דאָס קינד אַסימילירט מיט זײַן דערציאונג און די דאָזיקע העכערע גײַסטיקע אינסטאַנץ — דער סופּער־איך — ווערט אַ טייל פון זײַן אייגענעם וועזן, וואָס האַלט אויף, ווי אַ דאַמבע, דעם שטראָם פון אינסטינקטן אין זייערע נאַטירלעכע ברעגן און אָריענטירט די לעבנס-אַקטיוויטעט פון מענטשן.

אונטן בושעווען כוואַליעס פון תאווה, וואָס דראָען מיט אַ פאַר־פלייצונג און פון אויבן ווערן פיבערדיק אויפגעבויט שוצווערק אויף אויפצוהאַלטן דעם סטיכישן אויסברוך. אַ ויתרוצצו פון קעגנ־זעצלעכע קרעפטן, אַ קאַליזיע וואָס רייסט אויף דעם אינערלעכן פרידן, וואָס שאַפט אַ שווערן שולד־געפיל און צעטיילט די נשמה, און וואָס נידעריקער עס זינקט דער קערפער אין טומאה, אַלץ פאַר־בענקטער ציט זיך דער גייסט צו די הימלען פון קדושה.

פון דער מוטער „געירשנט אומרואיקייט און די פייכטקייט פון דער נשמה״... און פון פאָטער „אמונה און בטחון — דורך דעם די צעטיילונג פון מיין נשמה״. און אָט די צעטיילונג, דעם דואַליזם פון דער נשמה, וואָס וואָרצלט אַזוי טיף אין סאַמע יסוד פון לעבן און וואָס פאָרמירט די עיקרדיקע כאַראַקטער־שטריכן פון מענטשן, האָט אַש פּראָיעקטירט אין זיינע פּערסאָנאַזשן און קינסטלעריש פאַר־געשטאַלטיקט אין זיינע ווערק.

דער אַנגסטלעכער פחד פאַר אַ מאָראַלישן צוזאַמענבראָך פון דער פּערזענלעכקייט, פאַר די „שוואַרצע כוחות״ וואָס לעבן אין אים, דערוועקט אַ רעאַקציע פון די העכערע עטישע עלעמענטן און מאָבי־ליזירט אַלע גייסטיקע קרעפטן אין אַ שטרעבונג צו מאָראַלישער שלימות, וואָס זאָל היילן דעם אינעווייניקסטן ריס — די „צעטיילונג פון דער נשמה״. אַשס גאַנצע עסטעטיק איז געווענדעט אין דער ריכטונג און שטרעבט צו דעם ציל.

די אימפּולסיווע עטישע רעאַקציע קעגן די איינגעגעסענע און אָפּשטויסנדיקע קינדישע עלעמענטן פון מוטער־קאָמפּלעקס, שטרעבט מיט אַלע כוחות אָפּצערייסן דעם קרענקלעך־קלעפּיקן באַגער פון די „אומגעזונטע אינסטינקטן״ און ווענדן זיין גאַנצע לעבנס־ענערגיע און דעם ליידנשאַפטלעכן ברען פון זיין פאַנטאַזיע — זיין ליבידאָ — אין דער ריכטונג צום צווייטן עקסטרעם, ווו עס וואָרצלען די גייס־טיקע ווערטן. שלום אַשס העלדן זיינען גרויסע בעלי־חטא און אויך גרויסע בעלי־תשובה.

„אין „גאָט פון נקמה" האָט אַש דראַמאַטיזירט די דאָזיקע אַנ־טאַגאָנישע כוחות וואָס קעמפן אין מענטשן. מיט אַ זיכערער האַנט פון אַ גרויסן מײַסטער האָט ער פּערזאָניפיצירט די סטיכישע עלע־מענטן און זיי אויסגעגאָסן אין אַ פורעם פון קינסטלערישע סימבאָלן און געשטאַלטן. יאַנקל שאַפּשאָוויטש האָט אין אונטערשטן שטאָק פון זײַן שטוב אַ פריילעך הײַזל און אין אויבערשטן — אַ מקום קדוש מיט אַ ספר תורה, וואָס זאָל פאַרהיטן זײַן טאָכטער פון די זינד אונטן. געזיגט האָט די שטימע פון בלוט און די ווירקונג פון דער סביבה; די טאָכטער איז אַוועק אין הײַזל, אָבער אין דער פּרימיטיוו־ווילדער און זינדיקער נשמה פון איר טאַטן האָט דער קינסטלער אויפגע־בלאָזן אַ העלן מענטשלעכן פונק, וואָס האָט ווי אַ בליץ געשפּאָלטן די נאַכט־פינצטערניש — אַ סימבאָל פון די העכערע גײַסטיקע קרעפטן וואָס לעבן אין דער נשמה פון מענטשן.

מיר האָבן טיילווײַז אויפגעקלערט אַ וויכטיקן אַספּעקט אין דער גײַסטיקער קאָמפּאָזיציע פון אַשס פּערסאָנאַזשן, אָנגעוויזן די עלעמענטן וואָס האָבן געווירקט אין דער אויסבילדונג פון זייערע מאָראַלישע טענדענצן און אָנגעצייכנט די קאָנטורן פון דער פּסי־כישער בריק, וואָס פירט פון מוטער־קאָמפּלעקס בײַם קינסטלער צו זײַן באַשטענדיקער און עקשנותדיקער שטרעבונג אויסצוגעפינען די פאַרבאָרגענע געטלעכע פונקען און זיי צעבלאָזן אין דערלייזנדיקע פײַערן אין דער נשמה פון מענטשן.

## די גײַסטיקע טראַדיציע פון קוטנע

די „צעטיילונג" פון דעם דיכטערס נשמה, — די דערדריקנדיקע לאַסט פון דער קינדער־דערפאַרונג און די אײַפערדיקע שטרעבונג צו לײַטערונג, וואָס האָט געשעפּט אירע כוחות אין די טויזנטיאָ־ריקע קוואַלן פון יידישן גײַסט, אין בית־מדרש און ישיבה. אין דער

פּאַטריאַרכאַל־באַלעבאַטישער שטוב פון זײַן טאַטן, אין דער כשרער תמימות פון זײַן געבוירן־שטעטל — אַט די דאָזיקע געזונטע עטישע זאַפטן מיט וועלכע קומטע שפּײַזט אים זײַן גאַנץ לעבן, האָבן אים געהאָלפן גובר צו זײַן די סיטרא אחרא, סובלימירן די אומגעזונטע טענדענצן און הייליקן די טומאה אין די פײַערן פון ברענענדיקע לײַדן.

לעאָנאַרדאָ מאָלט זײַנע הייליקע מיט פאַרדעכטיק־צונויפגנע־דריקטע פּיס, מיט לילית־שמייכלען אויף די ליפּן, מיט תאווה אין די אויגן, מיט זינד אין זייער גאַנצן וועזן; שלום אַש דערהייבט זײַנע בעלי־עבירהניקעס אויף די פליגלען פון אמונה, ער לאָזט פאַלן אַ שטראַל פון דער שכינה אויף זייערע זינדיקע קעפּ, ער געפינט אים און צינדט אָן אין זייערע הערצער אַן אייביקן פײַער פון אומרו, וואָס פירט צו תשובה און דערלייזונג.

דער באַרימטער שרײַבער, מאַרסעל פּרוסט, האָט געהאַט אַ לעבנס־דערפאַרונג ענלעך צום גורל פון אַ גרויסן טייל פון שלום אַשס העלדן. זײַן מוטער (פון יידישן אָפּשטאַם) איז נישט געווען גליקלעך אין איר פאַמיליען־לעבן און האָט טראַנספערירט אויפן זון טייל אַפעקטן, וועלכע האָבן נישט געהאַט קיין אַנדער אויסלאָדונג. זי האָט, אין די ערשטע יאָרן באַזונדערס, אים ממש דערדריקט מיט איר צערטלעכקייט. דאָס געבוירן ווערן פון אַ ברודערל האָט אין דעם יונגן מאַרסעלן פאַראורזאַכט אַ פּײַנלעכע טראַומאַטישע איבערלע־בונג ווי אַ פאַרלוסט פון דער מוטער, און די בענקשאַפט צו דער מאַ־מען, די אונטערוואָרפנקייט און צוגעבונדנקייט צו איר, איז אים פאַרבליבן אויפן גאַנצן לעבן.

דער פאָטער, אַ דערפאָלגרײַכער מעדיקער, מיט טראַדיציעס פון דורות פראַנצויזישע פונקציאָנערן און מיליטאַרן, האָט זיך געהאַלטן שטרענג, קאַלט און פרעמד מיט זײַנע משפּחה־לײַט. האָט די אידענ־טיפיקאַציע מיט דער מוטער אויסגעבילדעט אין פּרוסטן פעמענינע

כאַראַקטער־שטריכן; ער איז געבליבן ווי קאַסטרירט, פּאַרוויַבלעכט, מיט קינדישן עראָטיזם און פּערווערזע טענדענצן.

די גויִישע העלפט אין זייַן בלוט, זייַן דערציאונג און קולטור, האָבן זייַנע שעפערישע כוחות קיין תיקון נישט געגעבן. האָט ער זייַן בענקשאַפט און פּייַן פּראָיעקטירט אויף דער ארומיקער סביבה און אין זייַן גייסטיקער שאַפונג. ער ווערט אינטעלעקטועל און קינסטלעריש פּאַרקנעכטעט צו זייַנע אומגעזונטע אינסטינקטיווע אימפּולסן און פאַלט אַ קרבן פון זייַן פּסיכישן אומגליק. ער זינקט אין פּערווערזער אויסגעלאַסנקייט, לאָזט אויך זינקען זייַנע העלדן און אַ שווערער שאָטן פון אויסגאַנגסלאָזן פּעסימיזם ליגט אויסגעגאָסן אויף זייַן ליטעראַרישן שאַפן.

שלום אַש האָט, ווי געזאָגט, סובלימירט אַ גרויסן טייל אינפאַנטילע טענדענצן פון מוטער־קאָמפּלעקס. זייַן לעבנס־ווערק איז טיף דורכגעדרונגען מיט „אמונה און בטחון", זייַנע מענטשן קעמפן, ראַנגלען זיך, פאַלן און שטעלן זיך ווידער אויף מיט אויסגעלייַטערטן גלויבן אין זיך פון דעם געטלעכן מקור אין מענטשן, מיט גלויבן אין אינדיווידועלן זיג איבער די אינסטינקטיווע עלעמענטן און פון דעם סאָציאַל־היסטאָרישן זיג איבער די רעגרעסיווע כוחות אין געזעלשאַפטלעכן לעבן. ס'איז די דור־דורותדיקע טראַדיציע פון קוטנע, די גרויסע קראַפט פון ייִדיש־עטישן באַוווסטזייַן, וואָס האָט נאָך לאַנגע און שווערע ראַנגלענישן אויסגעפאָרמירט די אינעווייניקסטע גאַנצקייט און איינהייַטלעכקייט פון זייַן עטישער און דיכטערישער נאַטור.

די פּסיכישע און עטישע גרונד־מאָטיוון, וועלכע אַש האָט קינסטלעריש פאַרקערפּערט אינעם הויפּט־העלד פון „פאַרן מבול" האָט ער אויך ברייט פונאַנדערגעוויקלט אינעם גרעסטן טייל פון זייַנע פּערסאָנאַזשן און אין אַלע זייַנע בעסערע ווערק. מישאַ, מיסטער סטאָון, מאָטקע גנב, דער תהילים־ייִד, גראָסמאַן און אפילו דער נוצרי, זייַנען

מירקינס גײַסטיקע קרובים, אָרגאַניש פּאַרוואָרצלטע אין דער סאָציאַל־היסטאָרישער און פּסיכישער סטרוקטור פון זײַנע העלדן און אין דער טעמאַטיק פון זײַן קינסטלערישן שאַפן.

## שלימות און אחדות אין סדר פון דער וועלט און אין לעבן פון מענטשן

מיר ריכטן די טריט פון אונדזער אַנאַליטישער עקסקורסיע אין דער צויבער־וועלט פון אַשס קינסטלערישע אימאַזשן, און שטעלן זיך אָפּ איבערהויפּט בײַ די בילדער און סימבאָלן, וועלכע מיר טרעפן אָמאָפטסטן. הינטער די טעמעס וועלכע דער קינסטלער חזרט איבער איז פאַרבאָרגן אַן אַפעקטיווע פאַרבינדונג, אַ באַהאַלטענע כוונה, דעם סוד פון וועלכער מיר דאַרפן באַשיידן, כדי בעסער צו פאַרשטיין די דינאַמישע כוחות, וואָס האָבן אינספּירירט די שאַפונג, און טיפער באַנעמען און געניסן אירע עסטעטישע ווערטן. דער וועג איז נישט קיין לײַכטער, ווײַל מיר באַטרעטן אַ ווייניק־אויסגעפאָרשטן באָדן, אָבער די שיינקייטן וואָס אַנטפּלעקן זיך אין גאַנג זײַנען אַ גענוגנדיקער שכר פאַר דער טירחה.

מאָראַלישע שלימות און אחדות אין סדר פון דער וועלט און אין לעבן פון מענטשן, דערנענטערן און צונויפגיסן אין איין איינהייט די אמונות און פאַרברידערן די מענטשן אַרום איין גלויבן אין הארצן — דאָס איז דער אידעאישער קערן פון שלום אַשס עסטעטיק און די טיפע אינערלעכע כוונה פון זײַן קינסטלערישן שאַפן. אין איינער פון זײַנע פרישסטע דערציילונגען „געטער און מענטשן", פון ערשטן צענדליק פון דעם יאָרהונדערט, סימבאָליזירט שלום אַש דעם געדאַנק אין אַן אידיליש בילד פון צוויי שכנות, וועלכע לעבן צווישן זיך בשלום אין אַן אָרעם שטיבל, נאָר עס מישן זיך אַרײַן די

געטער און שאַפן אין הייזקע „צוויי וועלטן", וואָס קוקן איינע אויף דער אַנדערער מיט אומצוטרוי און שנאה.

אויך אין זיינע ווייטערדיקע ווערק ווערט דער דאָזיקער געדאַנק אויסגעדריקט מיט פיל קינסטלערישער קראַפט און טיפער איבער־צייגונג, און נעמט אָן צום סוף דעם אימפּולס פון אַן אידעאישן לייטמאָטיוו, וואָס כאַראַקטעריזירט זיין גאַנץ שאַפן. דער הויפּטציל פון דער דאָזיקער שטרעבונג איז אָפּצושאַפן די מחיצה צווישן די „צוויי וועלטן", באַזונדערס צווישן דער יידישער און קריסטלעכער וועלט, פאַרמינערן די סתירות צווישן זיי, דערוועקן די פאַרשלאָ־פענע קרובישע בלוטן, די ברידערלעכע סענטימענטן פון קינדער וואָס שטאַמען פון איין טאַטע־מאַמען, און וואָס האָבן זייער געטלעכע יניקה געשעפּט פון די זעלביקע הימישע קוואַלן.

אין דער דערציילונג „אַ קאַרנאַוואַל־נאַכט" (1911) גייט קרים־טוס אַראָפּ פון קרייץ און באַגלייט משיחן, וועלכער זיצט געשמידט אין קייטן און וואַרט אויף דער גאולה און דעם נוצרים מוטער נייט ליילעכער, צוזאַמען מיט דער מוטער רחל, אויף צוצודעקן די קער־פּערם פון די קדושים דערמאָרדעטע אין נאָמען פון איר זון.

דער תהילים־ייד, דער ריינסטער אויסדרוק פון עטיש־יידישער שלמות, די העכסטע דערגרייכונג פון אַשם קינסטלערישע געשטאַל־טן, מאַכט אָפּט דעם איינדרוק פון אַ קריסטלעכן היליקן; און דער נוצרי איז געשילדערט ווי אַ גאָטספאָרכטיקער און אָפּגעהיטער „רבי פון גליל", ווי אַן עכט־יידישער מענטש, וואָס דערמאָנט אין אַ סך שטעלן דעם תהילים־ייד.

יהודה איש קריות, דער סימבאָל פון יידישער פאַלשקייט און פאַרראַט אין דער קריסטלעכער וועלט, דער סינאָנים פון יידנטום ביי זיינע שונאים, האָט אַש געשטאַלטיקט ווי אַ טראַגישע פיגור, וואָס איז נישט אויסן געווען צו פאַרראַטן נאָר אונטעראיילן די דערליי־זונג. דער אַפּאָסטאָל שאול־פאולוס דערמאָנט דעם העלד פון דער

דערציילונג „דער אורח" געשריבן מיט צענדליקער יאָרן צוריק, וועלכער איז אַוועק צו די גויִים פריידיקן קריסטנטום, ווײַל ער האָט געזען, אַז די קריסטן האָבן אין גאָט פאַרגעסן, און האָבן מיט זייער רשעות און זינד געשטעלט אין געפאַר דאָס לעבן פון ייִדן.

די קריסטנטום־ווערק האָבן געטראָפן אין סאַמע פּילבאָרן און אַנגעווייטיקטסטן סענטימענט פון ייִדן. האָבן אייניקע דערפילט אין זיי דעם ייִדישן קערן, און די גוטע כוונה און זאָרג פאַרן גורל פון ייִדישן פאָלק און פיל אַנדערע דאַקעגן, האָבן זיך שטיצנדיק אויפן סטיל פון די ווערק, וואָס איז אײַנגעהילט אין אַ ניסים־אַטמאָספערע פון נײַעם טעסטאַמענט און וואָס גייט נאָך פוס־טריט די יעוואַנגע־לישע שטעלן, געזען אין דעם אַ פאַרהערלעכונג פון קריסטנטום, וואָס איז פרעמד דעם ייִדישן גײַסט, און געהאַלטן, אַז אין די יאָרן פון אַזאַ שוידערלעכן פּײַן, וואָס איז אויסגעפאַלן אויף ייִדן, איז נישט די צײַט און נישט דאָס אָרט אומגעבעטן צו פאַלן אין די אָרעמס פון קעגנער מיט וועלכן דאָס ייִדישע פאָלק האָט אַן אַלטן טויזנט־יאָריקן חשבון.

## דער קינסטלערישער סימבאָל

די נאַטירלעכע סטיכיע פון דיכטער איז דער סימבאָל, די וויזיע און אימאַזש, אין וועלכע ער דריקט אויס פּלאַסטיש זײַנע עמאָציעס, געדאַנקען און געפילן. דער סימבאָל ווערט געפורעמט מיטן כוח פון אינטואיציע, וואָס טרוימט אויס אַ האַרמאָנישן סינטעז, אַ זעאונג, וואָס שטראָמט אַרויס פון טיפע פאַרבאָרגענע קוואַלן. ס'ווערט אַזוי אַרום געבוירן אַ לעבעדיק וועזן אין וועלכן מיר פילן די וואַרעמ־קייט פון לעבן. ווען שלום אַש ווײַזט אונדז די וויזיע פון קאָזאַק, וועלכער קניט דערשיטערט פאַרן טויטן קערפער פון דער ייִדישער טאָכטער, אין וועלכער ער האָט דערקענט דאָס פּנים פון דער „הייז־

ליקער מוטער״, ווירקט דער סימבאָל מיט דער פולער קראַפט פון זײַן טראַגישער באַדײַטונג און שנײַדט זיך אײַן לדורות אין זכרון פון מענטשן. וואָס קינסטלעריש רײנער ס׳איז דער סימבאָל אַלץ גרע־סער און אַלגעמײנער איז זײַן ווירקונג. פאַר דער קונסט, פאַר־אמתער שײנקײט, זײַנען אַלע הערצער אָפן.

די לעבנס־מיסיע פון קינסטלער איז צו שאַפן סימבאָלן ווי לײַכט־טורעמס אויף די שטורמישע כוואַליעס פון לעבן; אַנדערע וועלן קומען און לויט זײַן צײכן פירן די מענטשהײט צו זיכערע ברעגן. זײַן מיסיע איז צו אַנטפּלעקן די וויזיע פון צוגעזאָגטן לאַנד, ער אַלײן טאָר דאָס פּאָלק נישט פירן און דאָס לאַנד נישט באַ־טרעטן.

שלום אַש האָט אין זײַן קריסטלעכער טרילאָגיע ערטערווײַז אַנגעקלײדעט זײַנע סימבאָלן — דער העכסטער אויסדרוק פון ייִדי־שן גײַסט — אין אַ ווילד־פרעמדן ניט־ייִדישן לבוש. ער איז געווען ניט אָפּגעהיט אין אויסוואַל פון אויסערלעכע אַטריבוטן און זײ גענומען פאַרטיקערהײט פון רעקוויזיט פון דער קירכלעך־קריסטלע־כער וועלט, וואָס האָט אַרויסגערופן אַן אַפעקטיוון ווידערווילן בײַ ייִדן און זײ געשטערט צו דערפילן דעם טעם פון זײַן עכט־ייִדישן קערן. ס׳איז אַן אַפעקטיווע רעאַקציע, ווײַל אין אַ צײַט פון אַזאַ פּײַנלעכער דערפאַרונג פאַרן ייִדישן פאָלק איז שווער צו זײַן אָביעק־טיוו און אימפּאָנירן ליבע דאָרט וווּ עס בלוטיקן נאָך די אָפענע ווונדן.

די טיפע וואָרצלען פון דעם קריסטוס־מאָטיוו, וואָס דערלאַנגען ביז די פריסטע יאָרן און קומען צום אויסדרוק אין אַלע מאַניפעס־טאַציעס פון זײַן קינסטלערישן לעבן, זאָגן עדות אויף אַן ענגער פאַרבינדונג מיטן מוטער־קאָמפּלעקס, וואָס האָט באַשטימט די סטרוקטור פון זײַן פּסיכישן וועזן און די ריכטונג פון זײַנע עיקרדיקע לעבנס־טענדענצן. עס מוז זײַן אַן אונטערערדישער וועג וואָס פירט פון אײנעם צום צווײטן, ווײַל געדאַנק איז קאָנצענטרירטער געפיל,

**און אידעע וואָרצלט אין שטימונג און שפּייזט זיך מיט די אָרגאַני־ שע זאַפטן, וואָס קוועלן אַרויס פון ביאָלאָגישן באָדן.**

די דינאַמישע קרעפטן פון דער פסיכישער ענערגיע האָבן אַ טענדענץ פון אימפּולסיווער עקספּאַנסיע, פון איבערגיסן זיך פון איין שטח אויפן אַנדערן אין דער שטרעבונג אויסצושפּרייטן איר מאַכט איבערן פאַרנעם פון דער גאַנצער פערזענלעכקייט. אַזוי ווערט די פאַרבאָט־רעפּרעסיע פון דעם אינצעסט־געפיל צו דער מוטער איבער־ געטראָגן, ווי מיר האָבן עס אויבן געזען, אויף אַלע אַנדערע פרויען און דריקט זיך אויס נאָכדעם אין אַ ווידערווילן און קעגנערשאַפט צו אַלץ וואָס איז מגושמדיק, מאַטעריעל און קערפּערלעך. און ווי אַ רע־ זולטאַט פון דער דאָזיקער עטישער רעאַקציע קעגן די קאָמפּלעקס־ אינסטינקטן אַנטשטייט אַ לײַדנשאַפטלעכע עקזאַלטאַציע פון אַלע גײַסטיקע עלעמענטן, וואָס ברייטערט זיך אויס סטיכיש אין אַלע דימענסיעס, שפּאַנט אַריבער די אינדיווידועלע גרענעצן און באַ־ הערשט אַלע נײַע קרובישע געביטן, דערוועקט העכערע פאַרלאַנ־ גען, אַנטפּלעקט ברייטערע האָריזאָנטן: שלמות אין זיך, אחדות צווישן מענטשן, צווישן פעלקער, צווישן געטער, לײַטזעליקייט אין די הימלען, שלום אויף דער ערד...

די ענערגיע וואָס האָט פריער געדינט אויף אונטערצוהאַלטן דאָס פײַער פון די פּרימיטיווע תאווה־טענדענצן ווערט איבערגע־ טראָגן, סובלימירט, געשטעלט צו דינסט פון העכערע גײַסטיקע און קאָלעקטיווע אינטערעסן. דאָס איז די שטײַגנדיקע עקספּאַנסיע־ריכ־ טונג פון דער עטישער נאַטור, פון דער דיכטערישער וויזיע און פאַרבענקטער טיף־ליבנדיקער קינדישער נשמה, וואָס האָט אויף די פליגלען פון איר שעפערישער פאַנטאַזיע זיך דערהויבן פון אינדי־ ווידועלן צום קאָלעקטיוון און סאָציאַל־היסטאָרישן, און פון מענטש־ לעכן צום אוניווערסאַלן און קאָסמישן.

די פעמענינע ווייכקייט און נאָכגיביקייט אין כאַראַקטער, דאָס

פאַרבענקטע פּאַסיוו-אידילישע געמיט, וועלכע דער מוטער־קאָמפּלעקס קריצט טיף איַין אין דער נשמה פון מענטשן, האָט גע־פונען זײַן אַדעקוואַטן אָפּקלאַנג אין דער ספערע פון די אינטעלעק־טועל-אידעאישע טענדענצן און זוכט אַ פּאַציפישע סינטעז־פאָרמולע פאַר אַ דערנענטערונג פון די רעליגיעס און פאַר אַ פאַרברידערונג צווישן די מענטשן.

„אַנדערע זוכן חסרונות אין מענטשן, זאָגט שלום אַש, איך זוך שטענדיק אויפצודעקן מעלות אין אים". ווי אַ רעאַקציע קעגן דעם פײַנלעכן ויתרוצצו אין הארצן, ריַיסט ער זיך מיט לײַדנשאַפטלעכן דורשט צו גאַנצקייט, אין דער שטרעבונג צו פאַרהיילן דעם אינע־ווייניקסטן רים פון דער נשמה, און וויל גאָרנישט זען וואָס צעשיידט; ער זוכט און זעט נאָר דאָס וואָס פאַרבינדט, וואָס פאַראייניקט אַלע מענטשן-קינדער אַרום איין גוטער מאַמען. ער נעמט אויף דאָס לעבן דיכטעריש און לאָזט פריַי שפּײַנען איבער דער גרויער ערד די וואַ־רעמקייט פון דער פּאָעטישער קונסט. זײַן טאַלאַנט איז אַ ליריש־סענטימענטאַלער און זײַן שאַרפער אינטעלעקט שטייט צו דינסט די סענטימענטן. ער קוקט דעריבער תמימותדיק-קינדיש פאַרטרוימט איבערן קאָפּ פון מענטשן, און אפשר אויך איבערן קאָפּ פון דורות. אין אַזאַ וויזועלער און אידעאישער פּערספּעקטיוו עפענען זיך פיל ברייטער די האָריזאָנטן...

## אמונת היחוד
## אין זײַן קאָסמישן אויסדרוק

„פול מיט אומעט איז געווען מײַן קינדהייט, האָט אַש אין אַן אינטערוויו זיך אויסגעדריקט, און יינגלווייז האָב איך געדאַוונט היים און אָפט צוגעגעבן צו די תפילות מײַנע אייגענע געבעטן אויף פּראָסט ייִדיש: גאָט, העלף מיר, שלומען פון קוטנע, אַז איך זאָל בײַקומען מײַנע ספקות און נישט אַראָפּגיין פון גלײַכן וועג". די עלע־

מענטשן פון זײַן מוטער־קאָמפּלעקס, ווי מיר האָבן זיי פאַרגעשטעלט ביים אויפוויקלען דעם קנויל פון זײַנע פריסטע איבערלעבונגען, האָבן קיין אַנדער שטימונג אין דער נשמה פון קינד נישט געקענט דערוועקן. אַ קינדהייט „פול מיט אומעט", אַ לײַדנשאַפטלעכע בענקשאַפט צו אַ ליבן וועזן, וועלכע האָט נישט באַקומען קיין פולע באַפרידיקונג; אַ לײַבלעכער פאַטער וואָס האָט געשײַנט ווי אַ „ווײַטער שטערן" אָבער קיין אַפעקטיווע וואַרעמקייט נישט געגעבן, אַ מעלאַנכאָלישע אַטמאָספערע פונעם קליינשטעטלדיקן יידישן לעבן און דער חסידישער גײַסט פון בית־מדרש ווו דאָס בחורל האָט געלערנט — אָט די אַלע עלעמענטן האָבן געגעבן פליגל זײַנע צעהיצטע טרוימען און יוגנטלעכע באַגערן, און ער האָט זײַן אויסגעבענקטע הארץ און זינדיקן גוף איבערגעענטפערט אויפן חסד פון די העכערע הימלישע קרעפטן.

דער שטאַרקער שולד־געפיל, וואָס באַהערשט דאָס געמיט פאַרשאַרפט דעם אַנגסטלעכן פחד פאַרן אייגענעם מאָראַלישן און פיזישן גורל, און וואָס שטאַרקער ס'איז געבראָכן דער גײַסט, און דער מענטש פילט זיך דערשלאָגן און פאַרצווייפלט, אַלץ הייסער און טיפער איז די תפילה: „גאָט, העלף שלומען פון קוטנע!"... קוטנע האָט געהאָט שליסלען צו די שערי־רחמים און ווען דער גורל האָט געשטראָפט מיט אַ קאַלטער היים, האָט געפונען אַ טרייסט אין דער מיסטישער וואַרעמקייט פון די הימלישע געצעלטן און די לײַטזעליקייט איז ווי אַ נר־תמיד פאַרבליבן אין דער מילדקייט פון האַרצן...

שלום אַש איז אַ טיף־גלויביקע נאַטור, און ווען עס האָט אים אַנגעהויבן מאַטערן דער געדאַנק וועגן ביטערן גורל פון זײַן פאָלק צווישן די אומות, האָט ער די אויסגעחלומטע און אויסגעצויטיקטע אידעע פון זײַן גאולה־פּראָצעס אָנגעהויבן פון אויבן, פון דער פמליא של מעלה: דערנענטערן די גלויבנס, נעמען פון זיי נאָר דאָס וואָס פאַרברידערט, אָפּוואַרפן דאָס וואָס צעשיידט, איין גאָט אין

הימל, איין פּאָלק אויף דער ערד... ס'איז די ייִדישע נאַציאָנאַל־היס־טאָרישע אידעע פון מאָנאָטעאיזם, פון אמונת היחוד, אין איר נאַטירלעכן קאָסמישן אויסדרוק.

אין דער אידעע האָט שלום אַש פאַרקערפּערט זײַן קינסטלערישן גורל, זײַן טיפֿערסטן אני־מאמין, וועלכן ער דריקט אויס פול מיט לײַדנשאַפט, רײַך מיט בילדער, אָנגעלאָדן מיט זײַנע מאָנומענטאַל־סטע סימבאָלן און אימאַזשן. ער טראָגט זײַן פאָן קעגן אַלע שטור־רעמס פון לעבן, דורך אַלע יאָרן פון זײַן קינסטלערישן שאַפן, ווי אַן אידעע וואָס שטאַמט אַרויס פון די טיפענישן פון הארצן און וואָס איז אָנגעקלײדט מיט געפיל און געשטאַלטן אין אַלע זײַנע קינסטלערישע ווערק.

אַזאַ אויסגעהאַלטענע און עקשנותדיקע טרײַקייט צו אַן אידעאִי־שער קאָנצעפּציע, וואָס ווערט פאַרטיידיקט מיט דער ענערגיע פון אַלע זײַנע אַפּעקטן, און וואָס ברענגט אין באַוועגונג אַלע שעפערישע כוחות פון זײַן קינסטלערישן וועזן, זאָגט עדות, אַז אויך דער באַ־גער, וועלכער איז פאַרקערפּערט אין דער דאָזיקער אידעאִישער שטרעמונג, וואָרצלט אין די אונטערבאַוווסטזיניקע שיכטן און ווערט געשטיצט דורך די אינטימסטע באַדערפענישן פון זײַן פּסי־כישער נאַטור.

אין דער רויער שפּראַך פון די פּרימיטיווע אינסטינקטן קאָן די סאָציאַלע און עטיש־רעליגיעזע וועלט־אָנשויאונג פון אַשן צוריקגע־פירט ווערן צו אירע באַשטאַנד־טײלן און אויסגעדריקט ווערן אין אַ טענדענץ צו געפינען מער פּאָטערלעכע גערעכטיקייט, זיכערקייט און שוץ, מער מוטערלעכע וואַרעמקייט פאַר זיך און פאַר דעם אָממערסטן באַדראָעטן און באַעוולהטן פאָלק אין דער וועלט, און צוגלײַך אויך פאַר אַלע אַנדערע פעלקער. עס איז דער פּרימיטיווער מוטער־קאָמפּלעקס — דער דורשט נאָך ליבע און שוץ פאַרן יחיד — טראַנספּערירט אויפן כלל, אויפן פאָלק, אויף דער גאַנצער מענטש־

הײַנט. ס׳איז אַן עקספּאַנסיע פון דער אַפעקטיווער ענערגיע, וועלכע איז דערוואַרעמט געוואָרן דורך די העכערע עטישע און מאָראַלישע טענדענצן, און אויסגעשטראַלט פון הארצן, אַרײַנגענומען אין איר ווירקונגס־קרײַז, אַלע ברייטערע שיכטן, און אַזוי אַרום פאַרוואַנדלט די אינדיווידועלע שטרעבונג צו פרייד אין אַ הייסן פאַרלאַנג פון גליק פאַר אַלע מענטשן.

די פּערזענלעכע בענקשאַפט ווערט אויף אַזאַ מין אופן אַרײַנגעהויכט אין דער קאָלעקטיווער בענקשאַפט פון דער אַרומיקער סביבה, אין דער שטימונג פון יידישן לעבן און אין גורל פון די יידישע מאַסן.

## די אידענטיפיקאַציע מיטן יידישן פאָלק

דער אַרומיקער מצב פון גײַסט באַווירקט דעם קינסטלער און באַקומט דעם טיפּסטן רעזאָנאַנס אין זײַן אַנגעוויטיקטן געמיט. און וואָס פילבאַרער ס׳איז דאָס הארץ, טיפער דער געדאַנק און גרעסער דער טאַלאַנט, אַלץ טעמפּעראַמענטפולער איז דער אויסדרוק פון די עמאָציעס, וואָס צווינגען אים אַרויסצוברענגען אין קינסטלערישע געשטאַלטן דאָס אַרומיקע לעבן.

אין געמיט פון יידישן מענטשן איז פאַרבאָרגן דער חותם פון שווערן לײַדנס־וועג, וואָס ס׳האָט דורכגעמאַכט דאָס יידישע פאָלק אין זײַן לאַנגן גלות־לעבן. טויזנטער יאָרן פון שרעק און פּײַן, פון רויב און שענדונג, וואָס האָבן אַזוי אָפט זיך איבערגעחזרט אין פאַרשידענע לענדער און צײַטן, האָבן טיף זיך אײַנגעשניטן אין הארצן און געלאָזן אַ טרויער־שאָטן אין דער נשמה פון יידן.

די אויסנאַמלעכע היסטאָרישע באַדינגונגען אין די ראַמען פון

וועלכע ס׳האָט זיך אַנטוויקלט דאָס ייִדישע לעבן, די שווערע אַט־מאָספערע פון דער אַרומיקער שנאה און ביטול, וואָס האָט דורות־לאַנג געהאַלטן דעם ייִדישן גייסט איינגעפּרעסט אין די ווענט פון פיזישע און גייסטיקע געטאָס, האָט געשאַפן אַן אייגנאַרטיקן שטריך אין דער ייִדישער פּסיכישער סטרוקטור — אַ גלות־קאָמפּלעקס — וואָס דריקט זיך אויס אין אַ מין פּיינלעכן געפיל, וואָס דער ייִד טראָגט פאַרבאָרגן אין האַרצן ווי אַ חולאת, וועלכע מען וויל נישט ווייַזן פאַר מענטשן.

דער גלות־קאָמפּלעקס, וועלכער באַשטייט פון פאַרשידענע עלעמענטן, אַ גענויערער אַנאַליז פון וועלכע גייט נישט אַרייַן אין די אויפגאַבן פון דער דאָזיקער פאָרשונג, איז אַ פילאָגענעטישער עלעמענט, וואָס ווערט מיט דער גלות־לויפט איבערגעגעבן פון דור צו דור, און וואָס האָט — אין קעגנזאַץ צו דער אַנגענומענער מיינונג — אין זייַן קאָמפּאָזיציע דעם קלענסטן געפיל־צומיש פון פערזענלע־כער מינדערווערטיקייט.

אַזוי זאָגט דער אַלטער מירקין צום זון, ווען ער קומט צו אים אין די סטודענטישע יאָרן: „וואָס מער זיי האָבן אונדז פייַנט, אַלץ מער הייב איך אָן צו פילן אונדזער ווערט איבער זיי” און ער גיט שאַרפזיניק צו: „...מען דאַרף זיך נאָר פאָרשטעלן זיי איין האַלב יאָר אין אונדזער לאַגע — וואָס וואָלט פון זיי געוואָרן?” („פּעטערבורג”, ז׳ 107).

אין די קורצע ציטאַטן איז פאַרבאָרגן דער סוד פון גלות־קאָמ־פּלעקס. די אַרומיקע ייִדן־פייַנטשאַפט שאַפט אין דער נשמה פון דעם אַלטן פּעטערבורגער תושב און גרויסן אונטערנעמער, אַ געפיל פון טיפער פאַרביטערונג און הילפלאָזן צאָרן: די דאָזיקע הויפּט־עלע־מענטן פון גלות־קאָמפּלעקס דערוועקן אָבער ספּאָנטאַן אַ שאַרפע גייסטיקע רעאַקציע, וועלכע דריקט זיך אויס אין דער איבערצייַגונג פון „אונדזער ווערט איבער זיי” און אַז זיי „אין אונדזער לאַגע”

וואָלטן געוועזן פיל ערגער ווי ייִדן. עס הייסט, אַז אין אַלטן און פאַר־פרעמדטן מירקינען האָבן די שמיץ פון ייִדן־שנאה פאַרשאַרפט די אײַנגעבוירענע שפּירונג פון גלות־קאָמפּלעקס און ער האָט אויף דעם רעאַגירט ווי אַ ייִד, ווי אַן אָרגאַנישער טייל פון ייִדישן כלל, און האָט אָנגעהויבן ריידן בלשון רבים: איך הייב אָן צו פילן „אונד־זער" אייגענעם ווערט...

אין קעגנזאַץ צו זאַכאַרין, איז די פּערזענלעכקייט פון זײַן פאָ־טער געצייכנט אין אַן אָביעקטיווער פּערספּעקטיוו, פון אַ דיסטאַנץ, און עס האָט זיך באַקומען אַ גראַנדיעזע פיגור, אַ פּראָטאָטיפּ פון מענלעכקייט, מיט אויטאָריטעטע און שטאָלצע כאַראַקטער־שטריכן, מיט אַנטשלאָסנקייט און מוט; ער ווייס וואָס ער וויל, וווּהין ער גייט און נעמט וואָס אים קומט. אָבער נעמט מיט אַ געפיל פון גערעכטי־קייט און מיט ווירדע פון אַ רײַפער און זעלבסטשטענדיקער נאַטור. די סצענע ווי אין דעם אַלטן ווערט אויסגעוואַרעמט אַ פאָטער־גע־פיל צו זײַן קראַנקן זון, איז איינע פון די רירנדיקסטע אין בוך.

גבריאל מאָיסעעוויטש מירקין, דער מעכטיקער דעמב, וואָס האָט בשעתו געחלומט וועגן אַן אינדוסטריעלער מירקין־דינאַסטיע אין „מוטערל רוסלאַנד", האָט אונטערן דרוק פון די אַרומיקע פּײַנטלעכע קרעפטן זיך דערפילט שוואַך אויף צו שטעלן אינדיווי־דועל אַ ווידערשטאַנד און גערופן צו הילף די כוחות פון כלל, און ער האָט דערפילט אַ צושטראָם פון די באַהאַלטענע אַרכאַישע כוחות פון די פּרימיטיווסטע קוואַלן, פון קאָלעקטיוון אומבאַוווּסטזײַן. אויף דער שפּראַך פון אַנאַליטישע טערמינען איז עס אַן אידענטיפי־קאַציע מיטן קאָלעקטיוו, מיטן שטאַם, מיטן פאָלק, און ס'איז גע־וואָרן — איך פיל אונדזער אינערלעכן מאָראַלישן ווערט — און דע־ריבער אויך מײַן ווערט — אין קאַמף מיט די פּײַנטלעכע אויסער־לעכע קרעפטן.

דער וואָס אידענטיפיצירט זיך נישט מיטן ייִדישן פאָלק, שפּירט

נישט דעם פֿײַנלעכן געפּיל פֿון גלות־קאָמפּלעקס. ער איז מחוץ למחנה, ער פֿילט נישט די לײַדן און טײלט נישט די פֿרײדן; ער פֿאַרמאָגט נישט קײן געפּיל פֿאַר די פּאָזיטיװע עלעמענטן פֿון כלל, װאָס קאָנען אין מאָמענט פֿון נויט פֿאַרשאַפֿן פֿרײד און דערװעקן האָפֿענונג בײַם לײַדנדיקן מענטשן, און װען אַזאַ אײנער כאַפּט קלעפּ פֿאַר זײַן ייִדישן אָפּשטאַם, געפֿינט ער נישט אין דעם דאָזיקן אָפּשטאַם קײן שום טרײסט און רעטונג, ער האָט נישט קײן שותּפֿים לצרה, און מוז נעבעך אַלײן אַראָפּשלינגען דעם ביטערן ביסן.

שלום אַש האָט אין דער קינסטלערישער קאָנסטרוקציע פֿון זײַן הויפּט־העלד אין „פֿאַרן מבול" אויפֿגעטאָן מעשׂה בראשית. דער קינסטלערישער אימפּעראַטיװ „לאָמיר מאַכן מענטשן אין אונדזער געשטאַלט, לויט אונדזער גלײַכעניש" (בראשית א. כ"ו) האָט געשאַפֿן אַ יש מאַין, אַ ייִד פֿון אַ מענטשלעכער באַשעפֿעניש, װאָס האָט נישט געהאַט קײן שום ראַסן־אָנגעהעריקײט. אַ קינד פֿון ייִדישן אָפּשטאַם אָבער אָן עלטערן, אין אַ װײַטער רוסישער שטאָט, אין אַ פֿרעמדער סבֿיבֿה, דערצויגן דורך אַ גויִישער כּמו־מוטער... אַש האָט אויף דעם דאָזיקן פֿאַרמלאָזן סאָציאַלן װעזן אַרויפֿגעצויגן פֿלײש און הויט, האָט אַרײַנגעגאָסן ייִדיש בלוט אין די אָדערן, „אַרײַנגעבלאָזן אין זײַנע נאָזלעכער" אַ ייִדישן גײַסט, האָט אים דורכגעפֿירט אַלע שבֿעה מדורי לעבן, אַלע פּאָליטישע שטורעמס אין רוסלאַנד, אַלע סאָציאַל־פּאָליטישע שטרעמונגען אויף דער ייִדישער גאַס, און צום סוף אים געמאַכט פֿאַר אַן אויפֿריכטיקן און הײסן ייִדישן ייִדן.

די דאָזיקע װוּנדערבאַרע און בהדרגהדיקע קריסטאַליזאַציע פֿון אַ ייִדישער פּערזענלעכקײט איז דורכגעפֿירט געװאָרן אויף אַזאַ נאַטירלעכן אופֿן, מיט אַזאַ פּשטות און נאַטוראַליסטיש־ראָמאַנטישער אמתדיקײט, אויף װעלכער עס איז פּעאיק נאָר אַ גרויסער קינסטלער און אַן עכטער ייִד, װאָס איז מיט אַלע זײַנע רמ"ח אבֿרים טיף

אידענטיפיצירט מיט אַלץ וואָס איז ייִדיש און וואָס איז אַליין אַ שטיק לעבעדיקע און שעפערישע ייִדישקייט.

זאַכאַרי מירקין איז „געוואָרן" אַ ייִד, און ער האָט אָנגעהויבן טראַכטן, פילן און ריידן מיטן קאָפּ און הארץ פון זײַן שעפער, מיט דער עמאָציאָנעלער אָנלאָדונג, און נאַציאָנאַל־אידעאישער און פי־לאָזאָפישער וועלט־אָנשויאונג פון אַשן. און אָט ווי זאַכאַרי זעט דאָס ייִדישע לעבן:

„ער האָט געזען דאָס ייִדישע פאָלק צעשפּרייט איבער דער וועלט, ווי אַ שטיק רוי, אומבאַארבעטע וויסטע פעלד, איבער וועלכן עס וואַקסן ווילדע גראָזן מיט אָפּגעשטאָנענע שימלדיקע זומפּן. פון פאַרשידענע עקן פירן גוטע הענט אַקערס ארוים אויפצושנײַדן די וויסטע פאַרהאַרטעוועטע ערד. אַ מינוט דאַכט זיך, אַז די דאָזיקע אַקערס געפירט פון פאַרשידענע הענט, פון פאַרשידענע ריכטונגען, גייען זיך פונאַנדער אויף אַנטקעגנגעזעצטע וועגן. נאָר זיי וועלן זיך צונויפקומען... ער האָט שוין געזען זײַן וועג קלאָר. דאָרט ווו דער אַקער ווערט אָנגעפירט אויפן ייִדישן פעלד, אָן חילוק פון ריכטונגען, אויף דער מעטע וועט ער שטיין". („וואַרשע", ז׳ 241).

דאָרט ווו דער אַקער ווערט אָנגעפירט אויפן ייִדישן פעלד „אָן חילוק פון ריכטונגען", אויף דעם וועג וועט ער גיין. עס הייסט, אַז ער נעמט אויף די פּאָזיטיווע פונקטן, די געזונטע טענדענצן, די עטי־שע מענטשלעכע ווערטן פון אַלע ריכטונגען, אויב זיי פירן נאָר צו דעם ציל צו וועלכן ער שטרעבט און צו דעם אידעאַל וועלכן ער פּריידיקט זײַן גאַנץ לעבן. דאָס איז די עיקרדיקע פאָרמולע פון זײַן סאָציאַלער פילאָזאָפיע, וועלכע קומט ווי אַ לאָגישער און קאָנסעק־ווענטער רעזולטאַט פון זײַן פּסיכאָלאָגיע. ס׳איז אַ קריסטאַליזאַציע פון מוטער־קאָמפּלעקס אין די אינטעלעקטועל־אידעאישע ספערן, אַ סובלימאַציע פון די פּאַסיוו־פעמענינע טענדענצן פון וועלכע ס׳איז — אונטער דער ווירקונג פון די קוטנער טויזנטיאָריקע קולטור־

זאַפטן, — אָרגאַניש אַרויסגעוואַקסן אַ וועלט־אַנשויאונג, וואָס ביל־
דעט אַן אינטעגראַלן טייל פון זײַן פּסיכישן וועזן.

## אַ געניאַל קינד

שלום אַש נעמט אויף די דערשײַנונגען פון דער אויסערלעכער וועלט מיטן כוח פון זײַנע עמאָציעס. די אײַנדרוקן פון דרויסן ווערן בײַ אים קודם פילטרירט אין הארצן און געלײַטערט אין טרוימען, און ערשט נאָכדעם ווערן זיי געשטעלט, אַזעלכע פילטרירטע און געלײַטערטע, אין רשות פון מיושבדיקן שכל. ער קוקט אויף דער רעאַליטעט מיט אַ פאַרבענקטן און פאַרטרוימטן בליק, און נעמט אויף די דערשײַנונגען נישט ווי זיי זײַנען אין דער ווירקלעכקייט, נאָר ווי ער זעט זיי אין דמיון. קינדער און דיכטער האָבן די פרײַ־ווילעגיע צו קוקן אויף דער וועלט דורך דער פּריזמע פון הארצן. דער ראָמאַנטיקער איז פאַרליבט אין דעם אימאַזש פון מענטשן — פונקט ווי ער איז פאַרליבט אין אימאַזש פון דער מוטער — און ער דערווײַטערט זיך דעריבער פון זײַן רעאַלן און קאָנקרעטן מאָדעל, אויס מורא צו צעשטערן זײַן אויסגעטרוימטע אידעאַלע פאַר־שטעלונג.

ווי אַ בין וואָס שפּײַזט זיך מיט בלומענזאַפט, אַזוי שפּײַזט זיך זײַן טאַלאַנט מיט שיינקייט, דערהויבנקייט און העראָאיזם אין דער נשמה פון מענטשן. דאָס זײַנען די איינציקע עלעמענטן, וואָס מאַכן פרוכטבאַר זײַן פאַרשטעלונגס־קראַפט, און ער זוכט דורשטיק דאָס גוטע אין מענטשן, דאָס בעסערע אין די „ריכטונגען" און דאָס שע־נערע אין דער געשיכטע. אַ ליריקער אין סטיל און אַן עקלעקטיקער אין מאַניר פון דענקען, איז דערהויבן און פּאַטעטיש זײַן וואָרט, און זײַן וועלט־אַנשויאונג האָט אין זיך עפּעס פון אַלע אידעאַישע טענ־דענצן וואָס קאָן אויסגעדריקט ווערן אין דער פאָרמולע, וועלכע זאָ־

כּאַרי שטעלט פּעסט צום סוף פון דער טרילאָגיע, אַז — **ער האָט כּאַרטרויען צום מענטשן...**

און אין שיין פון אָט דער אויפריכטיקער קינדיש־תמימותדי־קער פאַרגלויבטקייט אין מענטשן, טרעט אַרויס זאַכּאַרי קעגן בלוט־פאַרגיסונג און טראַר אין דער רוסישער אָקטאָבער־רעוואָלוציע, אין וועלכער ער האָט לכתחילה אָנטיילגענומען מיט אַ סך מסירת־נפש און איבערגעבנקייט. „קעגן אַלע צאַרן און הערשער האָבן זיי דערקלערט רעוואָלוציע — שרייט ער אויס פּאַטעטיש — אָבער נישט קעגן מאַרס. איך בין דער איינציקער וואָס דערוועגט זיך צו מאַכן אַ רעוואָלוציע קעגן מלחמה־גאָט! פּחדנות איז דאָס איינציקע, וואָס איז בכוח צו ראַטעווען די וועלט"! און ער הייבט אויף די פאָן פון פּאַציפיזם גראַד אין מאָמענט פון בירגער־קריג, ווען דער קאַמף איז געווען באַזונדערס נייטיק און אומפאַרמיידלעך. די קראַפט פון גייסט קעגן דער קראַפט פון שפּיז, ווערט דאָ אָוועקגעשטעלט מיט דער ספּאָנטאַנער אויפריכטיקייט פון אַ געניאַל קינד, וואָס זעט ניט קלאָר די קאָנטורן פון היינט, אָבער וואָס זעט דערפאַר זייער קלאָר די וויזיע פון זיין אויסגעטרוימטן מאָרגן...

„און עס וועט זיין אין סוף פון די טעג... אַ פאָלק קעגן אַ פאָלק וועט נישט הייבן אַ שווערד און מען וועט ניט מער לערנען מלחמה"... אויף אויסצוטרוימען דעם דאָזיקן שענסטן דיכטערישן חלום פון אַלע ציטן, האָט מען נישט נאָר געדאַרפט האָבן געניאַלע וויזיע, נאָר אויך אַ היפּשע דאָזע פון קינדישער תמימות און טיפן פאַרגלויבט־קינדישן „פאַרטרויען אין מענטשן"...

## אינטואיציע קעגן שכל

„אַ רעוואָלוציע קעגן מלחמה־גאָט"... „שלום צווישן די געטער, קעגן אַלע אָנגענומענע דאָגמעס פון די הערשנדיקע רעליגיעס"...

„שלום אין דעם טויזנטיאָריקן קריג, וואָס די באַגרינדער פון די אמונות האָבן אַרײַנגעוואָרפן צווישן די מענטשן" — דאָס זײַנען די פונדאַמענטאַלע אידייען אויף וועלכע שלום אַש האָט קינסטלעריש אויפגעבויט זײַן לעבנס־ווערק, וואָס איז געשפּײַזט געוואָרן מיט דער ענערגיע און מיט די זאַפטן פון זײַנע פּרימיטיווע קאָמפּלעקסן. אונטערן אַטמאָספערישן דרוק פון זײַן קינסטלעריש־עטישער און טיף־ייִדישער נאַטור זײַנען די אינסטינקטיווע טענדענצן פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַלטרואיסטישע עמאָציעס, אין העכערע געפילן און אידעאַלן, וואָס האָבן דעם עלעמענטאַרן געפיל פון מוטער־בענקשאַפט געלײַטערט און דערהויבן אין אַ באַוווסטזיניקער שטרעבונג צו אַ פרידלעך־מוטערלעכער היים פאַר אַלע מענטשן.

„יעדע דאָגמע און רעליגיע, זאָגט זאַכארי, האָט געשאַפן איר אייגענע מאָראַל, און דאָס איז דאָס געפערלעכסטע. איך גלויב, אַז ס׳איז דאָ איין־איינציקע מאָראַל פאַר אַלע צײַטן און אַלע וועלטן, די מאָראַל פון אמת און פון מענטשן־ליבע. קיין אַנדער מאָראַל איז נישטאָ". („מאָסקווע", ז׳ 384).

אויפן באָדן פון די פּרימיטיווע אומבאַוווסטזיניקע טענדענצן, האָט זיך ברייט צעוואַקסן און פאַרצווײַגט די אינטעלעקטועל־באַוווסטזיניקע טעמע פון ווערק, וועלכע וואָרצלט אין רעבעלישן גײַסט קעגן ווײַטן און „אומדערגרייכבאַרן" פאָטער, דעם סימבאָל פון אַלע דאָגמעס, אײַנגעשטעלטע נאָרמעס און פאַרבאָטן. ס׳איז אַ קינסטלערישער אויסדרוק פון אַ פרײַער רעבעלישער נשמה קעגן דאָגמאַטישער שקלאַפערײַ, פון דיקטערישער מיסיע קעגן פאַרגליווערטע טראַדיציאָנעלע נאָרמעס, אָדער אויסנוצנדיק בערגסאָנס אַ טערמין: פון אינטואיציע קעגן שכל...

דער אַלטער מירקין טרייסט זיך מיט „אונדזער ווערט איבער זיי"... שלום אַש האָט זיך געשטעלט פאַר אַ לעבנס־ציל „אונדזער ווערט איבער זיי" צו דערווײַזן אין קינסטלערישע סימבאָלן. ער

האָט זײַן קונסט געשטעלט צו דינסט פון אַן אידעאַל, אין װעלכן ער איז טיף פאַרגלױבט און טרײַ אים אױסגעטראָגן זײַן גאַנץ לעבן.

די עלעמענטן פון מוטער־קאָמפּלעקס האָבן פאַרשאַרפט די טענדענצן פון זײַן גלות־געפיל און די פּערזענלעכע אײנזאַמקײט האָט זיך צונױפגעגאָסן מיטן אַלגעמײנעם שטראָם פון ייִדישער הײמלאָזיקײט. דער טרױער־טאָן פון יחיד האָט זיך אָנגעזאַפּט מיטן דורות־דיקן איכה־קלאַנג פון פאָלק, און דער דאָזיקער מיסטישער זיווג האָט באַשטימט זײַן אײגנאַרטיקן קינסטלערישן דרך אין לעבן.

„אַ מענטש קאָן נאָר דעמאָלט װערן אױסגעלײזט, לאָזט שלום אַש זאָגן אײנעם פון זײַנע העלדן, װען ער לײזט זיך אױף אַלס יחיד און שפּאַנט זיך אײַן װי אַ קלײנער טײל פון אַ כלל. דו װײסט, אַז דו געהערסט צו אַ כוח װאָס שלעפּט דיך און ביסט נישט הפקר, לױפסט נישט אַרום אַלײן מיט דײַן נאַקעטקײט" („װאַרשע", ז' 139).

לאַמעד שאַפּירא, דער רײנסטער אױסדרוק פון גלות־קאָמפּלעקס אין אונדזער ליטעראַטור, האָט אין זײַן באַרימטער דערצײלונג „דער צלם" געלאָזט זײַן העלד טאָן מיט זײַן רוסישער חברטע דאָס זעלבע װאָס די פּאָגראָמשטשיקעס האָבן געטאָן צו זײַן מוטער. די פּאָגראָם־טעמע דאָמינירט נאָכדעם זײַן גאַנץ שאַפן און אױך זײַן גאַנץ לעבן. ער שילדערט ייִדן װאָס ענטפערן עין תחת עין, מיטן כוח פון מידת־הדין, װאָס זײַנען נישט מוחל די מערדער און אַפילו נישט זײערע קרבנות. זײ קלײַבן בעסער אױס דעם טױט אײדער די שאַנד...

ס'איז אַ רױע, דירעקטע און אימפּולסיװע רעאַקציע, װאָס רײַסט אָבער נישט אױס דאָס בײז מיטן װאָרצל. די היסטאָרישע װירקלעכקײט האָט װײניק באַגינציקט אַזאַ לײזונג פון דער ייִדן־פּראָבלעם. שאַפּירא האָט דעם גלות־קאָמפּלעקס פּסיכיש און אידעאיש נישט אַסימילירט, ער האָט נישט האַרמאָניזירט די רעאַליטעט מיט זײַנע אינטימסטע טענדענצן, און זײַן טעמאַטיק איז געבליבן אַן קינסטלערישער פּערספּעקטיװ, אַן לופט, און דער מחבר האָט נישט

געקאָנט אויסלאָדן זײַן אַנגסטלעכן געפיל און איז געפאַלן אַ קרבן אונטער דער לאַסט פון זײַן טראַגישער פאַרפאַלגונג...

שלום אַש האָט קאַנאַליזירט און געלײַטערט דאָס געפיל פון זײַן גלות-קאָמפּלעקס אין די גײַסטיקע ספערן פון זײַן עטישער נאַטור און פּאַסיוו-פרידלעכער געמיטלעכקייט פון זײַן פּסיכישן וועזן. ער גלויבט אין געטלעכן מקור פון מענטשן און אין מאַגישן כוח פון וואָרט, און זײַן וועג איז דער וועג פון מידת-הרחמים.

## טרוימען גיבן אַ ציל
## און ווײַזן אַ ריכטונג . . .

צום סוף פון דער טרילאָגיע גיט שלום אַש אַ סימבאָליש בילד פון אַ שוואַלבן-נעסט מיט פייגעלעך. דער קראַנקער זאַכאַרי קוקט אַרויס פון שפּיטאָל-פענצטער און זעט ווי עופהלעך לערנען זיך פליען, און אין איין שיינעם טאָג הייבן זיי זיך אויף און פליען אַוועק פון נעסט אין דער ברייטער וועלט אַרײַן. בלויז איינס, דאָס קלענסטע און שוואַכסטע, איז געבליבן אין פּוסטן נעסט און נישט אויפגעהערט האַרצרײַסנדיק צו פּישטשען. אָבער די מוטער-שוואַלב איז צוריקגעקומען, עס אָנגעשפּײַזט און אַוועקגעפלויגן. און אַזוי פיל מאָל אין פאַרלויף פון עטלעכע טעג, ביז דאָס עופהלע האָט זיך געשטאַרקט און ענדלעך די נעסט פאַרלאָזן.

„הייסט עס, האָט געטראַכט זאַכאַרי, אַז אין דער נאַטור איז פאַראַן עפּעס אַזוינס, וואָס שטייט העכער פון „אָפּקלײַב-געזעץ", וואָס נישט נאָר עס קאָרעגירט און גלײַכט אויס די עוולות פון דער נאַטור, נאָר ווי אַ געטלעכע באַשטימטקייט שטייט עס ווי אַ געפּאַנצערטער ריטער אויף דער וואַך פון דעם טויט-שטומען געזעץ-טראַגנדיקן רעכט. דאָס איז די מוטער-געטלעכקייט און איר טרײַבנדיקע

**קראַפט איז די ליבע**. קום איך נישט אַרונטער דעם רעכט פון „אָפּ־קלײַב־געזעץ" פון די שטאַרקע, שטיי איך אונטער דער שוץ פון מו־טער־געזעץ. אונטער זײַנע פליגלען קום איך אַרונטער מיט די רעכט פון שוואַכן".

אין גאַר ווייניק קינסטלערישע ווערק קומט אַזוי קלאָר צום אויסדרוק די לייזונג פון די אייגענע אינערלעכע קאָנפליקטן — פון די פּרימיטיווע קאָמפּלעקסן — ווי אין דער טרילאָגיע פון שלום אַשן. אין דעם ווערק, מער ווי אין אַלע אַנדערע, אַנטפּלעקט זיך די נשמה פון דיכטער און אין דער געשטאַלט פון זאַכאַרין דערגרייכט ער דעם קלימאַקס פון פּסיכאָלאָגישער זעלבסט־פּאַרטיפונג און מאַכט אין אַ גרויסער מאָס באַוווּסטזיניק זײַנע טיפסטע און פאַר־באָרגנסטע טענדענצן. אַזאַ זעלבסט־אַנאַליז, אַ גריבלען זיך אין די אינגעווייידן פון דער אייגענער פּערזענלעכקייט, אַ זיך־שטעלן אויג־אויף־אויג מיט די „פאַרדאַרבענע אינסטינקטן" און די אייגענע שוואַכקייטן, איז זיכער אַ שווערע און פּײַנלעכע דערפאַרונג, וואָס איז ענג־פאַרבונדן מיטן פּראָצעס פון קינסטלערישער שאַפונג. „קליי־נע לידער — גרויסע לײַדן", זאָגט היינע, אָבער אין די שאַפערישע לײַדן איז פאַרבאָרגן דער גרויסער סוד פון גײַסטיקן תיקון.

זאַכאַרי מאַכט באַוווּסטזיניק און אָנערקענט זײַנע שוואַכקייטן און זוכט שוץ אונטער די פליגלען פון דער „מוטער־געטלעכקייט" — מיט די רעכט פון אַ שוואַכן". זײַן קאָנפליקט איז אין אַ גרויסער מאָס געלייזט, ער האָט אײַנגעשטעלט אַ נײַע סיטואַציע, אַ האַרמאָ־נישן גלײַכגעוויכט צווישן די אינטימסטע טענדענצן און די באַ־דינגונגען פון דער אַרומיקערווירקלעכקייט, אַן אינערלעכן שלום בית, וואָס איז געבויט אויף דער דערקענטעניש פון אייגענעם איך און פון דער פאַרשטענדעניש פאַר די אויסערלעכע קרעפטן.

ס'איז אַן אויסגאַנג און אויסלאַדונג פון פּײַנלעכן און אַנגסט־לעכן צושטאַנד דורך די וועגן פון זעלבסט־לײַטערונג און סובלי־

מאַציע, וואָס איז ביי זאַכאַרין געקומען צום אויסדרוק אין דער סימבאָלישער פאָרמולע פון אַ מוטער־געטלעכקייט און איר ליבע, וואָס וועט היילן די ווונדן פון די ליידנדיקע, און דערהייבן די געפאַלענע און שוואַכע — דאָס איז די מיסטישע קראַפט פון שלום אַשם עסטעטיק און דער אַפעקטיווער קוואַל פון זיין קינסטלערישער שאַפונג.

אַ קונסטווערק איז דעריבער נישט נאָר אַ שילדערונג פון דער פאַרגאַנגענהייט נאָר אויך אַ שאַפונג, וואָס עפנט אַ פּערספּעקטיוו אין דער צוקונפט; נישט בלויז אַ סטאַטישער באַגריף וואָס שליסט אָפּ אַ מענטשלעכע דערפאַרונג, נאָר אויך אַ דינאַמישער אַקט פון גייסטיקן תיקון פאַרן שאַפער און אויך פאַרן געניסער.

ווען דער נביא זאָל ברענגען זיין וואָרט „און אַ וואָלף וועט הויזן מיט אַ שעפּס" צו די וועלף און צו די שעפּסן, וואָלטן זיי אים פאַרטריבן. די ערשטע, ווייל ער וויל צונעמען זייער נאַטירלעכע שפּייז און די צווייטע, ווייל עס וויינט אין זיי דאָס בלוט פון דורות קרבנות. און גערעכט זיינען ביידע. אָבער אויך דער דיכטער האָט זיינע רעכט, ווייל אין טרוים זיינען אַלע אוממעגלעכקייטן מעגלעך. טרוימען זיינען ווי „ליכטיקע שטערן אין אַ פאַרנעפּלטער נאַכט", זיי ווייזן אַ ריכטונג אין וועג, זיי גיבן אַ ציל דעם בלאָנדזשענדיקן מענטשן, זיי מאַכן שענער די ווירקלעכקייט, לייכטער דאָס לעבן און טיפער דעם גלויבן, אַז עס וועט אויפשיינען אַ זון פון האַרציקער וואַרעמקייט, וואָס וועט מיט מוטערלעכער ליבשאַפט אַרומנעמען אין איין ברודער משפחה אַלע מענטשן...

# שלום אַשם שליחות אין דער יידישער ליטעראַטור

## II

### דער פּערזענלעכער אַקצענט
### אין זיין סטיל

דער אמתער קינסטלער האָט זיין אייגענעם און אייגנאַרטיקן מאַניר פון דענקען און פילן, און זיין אינדיווידועלן און כאַראַקטעריס־טישן שפּראַך־אויסדרוק, וואָס קוועלט אַרויס פון די טיפענישן פון דער נשמה ווי אַן אָפּקלאַנג פון זיין פאַרבאָרגענעם אינעווייניקסטן וועזן.

נאָר די טיף־איבערגעלעבטע און עכטע עמאָציעס קאָנען זיך אויסגיסן אין פאָרמען, וואָס פאַרקערפּערן לעבעדיקן אויסדרוק און אין קלאַנגען, וואָס פליסן אַרויס ווי אַ ליידנשאַפטלעכער געבעט פון הארצן: גאָט מיינער, אל תשליכני לעת זקנה, זאָלסט מיך נישט פאַרלאָזן אויף דער עלטער... אונדזער ביבלישע ליטעראַטור האָט גע־וווּסט דעם סוד פון קריסטאַליזירן אין געצוימטן און פּשוטן וואָרט דעם גורל פון מענטשלעכן לעבן און געבן אים קראַפט פון אוני־ווערסאַלער באַדייטונג.

אַ קלאַסישער באַווייז, אַז גוטע פּראָזע קאָן אויך זיין אַן רע־טאָרישע פליטערלעך און אָן פּאָעטישע אָרנאַמענטן. ס'איז די באַ־האַלטענע מוזיק פון געפיל, וואָס רופט אַרויס אַ רעזאָנאַנץ אין

האַרצן און מיר דערפילן מיט אַלע חושים דעם פּאָעטישן אָטעם פון טיפער איבערלעבונג. אַ שאַפערישער גייסט מיט אַן עקזאַלטירטער סענסיביליטעט איז פעאיק צו ראַפינירן און פאַרברייטערן זיינע געפילן ביז צו דערגרייכן די פאַרבאָרגענע נשמה־טיפענישן, און פון דאָרט אַרויס נעמען זיי אַרום דעם מענטשלעכן אוניווערס און דאָס טאָטאַלע מענטשלעכע לעבן.

שלום אַש באַטראַכט מענטש און וועלט פון אינעווייניק אַרויס, פון די אינעווייניקסטע פאַרבאָרגענישן נעמט ער אַרום מיט אַ וויזיאָנערישן בליק די אַרומיקע דרויסנדיקע עקסיסטענץ פון מענטשן. ער דענקט נישט מיט קיין אויסערלעכע פּלאַסטישע קאַטעגאָריעס, נאָר מיט עמאָציאָנעלע און גייסטיקע עלעמענטן. זיינע מענטשן שטראַלן פון זיך אַרויס זייער נשמה־ליכט, וואָס ווערט אויף דער אויבערפלאַך קאָנדענסירט אין באַשטימטע אויסערלעכע פאָרמען. ס׳איז דער נאַטירלעכער וועג פון אָרגאַנישן וווּקס, פון אונטן אויף אויבן, פון די וואָרצלען אַרויס, פון די עלעמענטאַרע זאַפטן און אינסטינקטיווע טענדענצן, וואָס גיסן אַן מיט קראַפט און מיט לעבן.

„...הועלענקע איז געווען פון יענע נאַטורן, וועלכע קאָנען אַדורכגיין דאָס לעבן אומבאַמערקט. עס זיינען דאָ פערזענלעכקייטן, וועלכע קאָנען זייער עקסיסטענץ פאַרוואַנדלען אין לופט. זיי זיינען מיט אונדז, און דאָך קאָנען זיי זיך באַהאַלטן פון אונדזערע אויגן... ס׳איז מעגלעך געווען אין איר קעגנוואַרט צו פילן זיך אַליין... ס׳האָט זיך געדאַכט, אַז אַלץ אין איר שלאָפט, דער שלאָף האָט געוועבט אַ הילע אַרום איר יונגן אומרייפן מיידלשן קערפּער...” („וואַרשע”, ז׳ 918).

און אַזוי שטעלט פאַר אַ מענטשן, אויף זיין שטייגער, לאַקאָניש און פרעציז, יוסף אָפּאַטאָשו:

„דער פרעמדער, ברייט אין די אַקסלען, מיט פעסט־צונויפגעקלאַפּטע פלייצעס, איז געבליבן שטיין ווי אַ געבוידע”... אַ בילד ווי אויסגעהאַקט מיט געציילטע האַמער־קלעפּ אין פעלדז, וואָס שטייט

לעבעדיק פאַר די אויגן. אַן אימפּאָזאַנטע אויסערלעכע סטרוקטור, וואָס רעדט צו דער פאַרשטעלונגס-קראַפט. דער פאַרגאַפטער בליק פון צושויער-לייענער ווערט שוין זעלבסטשטענדיק זוכן אַ וועג פון דער אויבערפלאַך צו דער טיף און פּרוּוון אַנטפּלעקן דעם סוד פון איר אינעווייניקסטן וועזן.

שלום אַש שילדערט נישט בלויז פאַרן וויזועלן חוש, און מיר דערפילן אין זײַן געמעל דעם גאַנצן מענטשן אין זײַן עיקרדיקן תוך און אויסערלעכער געשטאַלטונג. דאָס איז דער פּערזענלעכער אַקצענט פון זײַן סטיל. ער מאָלט מיט נשמה-פאַרבן, גיט לשון די שטומע באַגערן און לאָזט רעדן די אינעווייניקסטע אינסטאַנצן.

אין אַן עמאָטיוו-פּאָעטישער שילדערונג, וואָס איז אָנגעלאָדן מיט שטימונג און געפיל, עקספּלאָדירט אַמאָל אַן אויסדרוק פאַר דער צײַט, און אַ געדאַנק ווערט נתגלה נאָך איידער ער ווערט אויסגעצײַטיקט און באַקומט זײַן ריכטיקע געשטאַלטונג. ס'איז אַ ספּאָנטאַנער, ניט-געמאַכטער און נישט-אָפּגעהיטער אין אויסערלעכע פּרטים, מאַניר פון שאַפן — אָבער דערפאַר אַן עכטער, אויפריכטיקער און ממעמקימדיקער אופן פון אויסדרוק.

שלום אַשס ליטעראַרישע העלדן זײַנען אַרענעס פון קאַמף, אויף וועלכע עס פירן אַ פאַרמעסט אויף לעבן און טויט נאָמענלאָזע געשפּענסטער. פון די טיפסטע קעלערן נעמט ער זיי אַרויס אויף דער ליכטיקער שײַן און דראַמאַטיזירט דעם אייביקן ויתרוצצו צווישן די קעגנזעצלעכע טענדענצן אין דער נשמה פון מענטשן. ער צעפּראַלט ברייט די טירן פון הארצן און אַנטפּלעקט דעם דראַמאַטישן קאַמף פון די אַנטאַגאָנישע קרעפטן, וואָס שפּילן אויס דעם גורל פון מענטשלעכן לעבן.

אין „טויט-אורטייל" זעצט אַוועק שלום אַש זײַן העלד, מיסטער סטאָון, פאַרן העכסטן טריבונאַל פון זײַן אייגענעם געוויסן און דער קרבן פאַרמשפּט זיך אַליין צום טויט. נישט דאָס געריכט האָט

אים געשיקט אויפֿן עלעקטרישן שטול, נאָר אַ פֿיל העכערע אומ־געזעענע און אומברחמנותדיקע אינסטאַנץ, אין אים גופֿא, האָט גע־חתמעט זײַן טראַגישן גורל; און נישט פֿאַרן אומגליקלעכן אַקצידענט פֿון פֿאַראורזאַכן נישט ווילנדיק דעם טויט פֿון אַן אַלטן עובֿר בטל, נאָר פֿאַר גאַר אַנדערע זינד און פֿאַרברעכנס, וועלכע מענטשן באַ־גייען בשוגג ובמזיד, ווײַל אַזאַ איז די מענטשלעכע נאַטור און אַזעל־כע זײַנען די סאָציאַל־היסטאָרישע און סאָציאַל־עטישע באַדינגונגען פֿון הײַנטצײַטיקן לעבן. און די דאָזיקע באַדינגונגען זעט זייער גוט שלום אַש און שטורעמט זיי מיט אויפֿריכטיקן צאָרן.

די סיפּור המעשה פֿון „טויט אורטייל" קלינגט ווי אַ פּאָלי־צייאישע געשיכטע, אָבער אין די הענט פֿון אַזאַ מײַסטער איז די פּרימיטיווע ראָם אויסגעפֿילט געוואָרן מיט אַ קינסטלערישן בילד פֿון אַ דראַמאַטישן געראַנגל, וואָס שפּילט זיך אָפּ אויפֿן פֿאָרום פֿון צוויי פּלאַכן: איינער, מחוץ, פֿאַרן געריכט פֿון די געשוואָרענע און דער צווייטער, אינעווייניק, פֿאַרן געריכט פֿון אייגענעם געוויסן. און אויב דער ערשטער איז אַ בית־דין של מטה, אַ טריבונאַל פֿון מענטשן, איז דער צווייטער — ווו דער מענטש מאַכט אַ חשבון הנפש מיט זיך גופֿא — אַ בית דין של מעלה, אַ געטלעך געריכט, ווײַל אין דער אינעווייניקסטער שטימע פֿון געוויסן, אין די געפֿילן פֿון תשובה און באַוווסטזײַן פֿון פֿליכטן, זײַנען פֿאַרבאָרגן די העכערע גײַסטיקע קרעפֿטן.

## פֿאַרן בית־דין של מטה

דער וויִס־פּרעזידענט פֿון דער „קאָמערץ־באַנק", מיסטער סטאָון, קלײַבט זיך אַרויסצופֿאָרן אויף אַ באַזוך צו זײַן פֿאַמיליע אין דער זומער־וווינונג. ער ווערט געוואָר, אַז זײַן פֿרוי פֿאַרברענגט דאָרטן מיט איר אַ פֿרײַנד, און קאָן זיך אויף דער רײַזע אַזוי לײַכט

נישט באַשליסן. אָבער הײַנט איז דער געבורטסטאָג פֿון זײַן טעכ־טערל און ער מוז פֿאָרן. ער אַרבעט ביז דער לעצטער מינוט, קויפֿט אײַן מתנות אויפֿן וועג צו דער באַן־סטאַנציע און פֿאַרשפּעטיקט דעם צוג אויף געציילטע מינוטן. קלינגט אָן צו דער פֿרוי דורכן טעלעפֿאָן און דערוואַרטונג זי זאָל אים פֿאַרבעטן צום יום־טוב. זי זאָל מאָנען ער זאָל קומען, אָבער זי גיט אים אָנצוהערן מיט באַהאַלטענעם פֿאַר־דראָס, אַז „ס׳איז נישט זײַן געוווינהייט צו זײַן סענטימענטאַל...״ אַ ווײַלע טראַכט ער „וואָס גייען זיי מיר אָן, איך פֿאָר צו מײַן קינד״, אָבער די קאַלטע און אומגעדולדיקע שטימע פֿון זײַן פֿרוי דערוועקט אין אים זײַן שטאָלץ, וואָס באַהערשט אַלע אַנדערע געפֿילן, און ער באַשטימט נישט צו פֿאָרן. גלײַך צוריקקומען אַהיים שעמט ער זיך פֿאַר די באַדינער, פֿאַרפֿאָרט ער אין אַ האָטעל און דאָרט שלעפּט אים אַרײַן, קעגן זײַן ווילן, עפּעס אַן אַלטער מאַן אין אַ טאַנץ מיט זײַנער אַ געליבטער. בײַנאַכט קומט זי צו אים אין האָטעל־צימער, נאָכדעם רײַסט זיך אַרײַן דער אַלטער אין טיר, פּראָוואָצירט אַ גע־שלעג, פֿאַלט מיטן קאָפּ אויפֿן ראַנד פֿון קאַמין און בלײַבט ליגן אַ טויטער . . .

און עס פֿאַרפֿירט זיך אַן אויספֿאָרשונג. דער פּראָקוראָר, אַן אַמ־ביציעזער מענטש, האָט געשטרעבט דורך דעם פּראָצעס, וואָס האָט אויף זיך געצויגן די אויפֿמערקזאַמקייט פֿון גאַנצן לאַנד, זיך דער־הייבן צו אַ העכערער שטעלונג. דאָס געריכט האָט זיך פֿאַרוואַנדלט אין אַ שלאַכט־פֿעלד און אָפּטמאָל האָט זיך געדאַכט, אַז נישט אין פֿאַרלירן אָדער געווינען אַ לעבן פֿון אַ מענטשן האָט זיך דאָ גע־האַנדלט „נאָר דער קאַמף האָט זיך געפֿירט צווישן די צוויי צדדים וועגן זייערע אייגענע קאַריערעס, וועלכע זײַנען געווען מיטן פּראָ־צעס פֿאַרבונדן״. די געשוואָרענע זײַנען געוואָרן אומגעדולדיק, די פֿאַרהאַנדלונגען האָבן זיך פֿאַרצויגן, און יעדער איינער האָט געהאַט זײַנע אייגענע זאָרגן און אינטערעסן. טראָגן זיי אַרויס דעם פּסק: —

שולדיק!... און דער ריכטער טוט דאָס זײַניקע און חתמעט דעם טויט־אורטייל.

דאָס איז אין קורצן די געשיכטע פון משפּט פאַרן בית דין של־מטה. שלום אַש ברייטערט אויס די סאָציאַלע אַרענע פון דער האַנד־לונג און באַזעצט געדיכט די באַשולדיקונגס־באַנק מיט אַ גאַנצער רייע פּערסאָנאַזשן, איינשליסלעך די פּרעסע פון לאַנד און די גאַנצע עפנטלעכע מיינונג, וואָס האָט מיט אַן אומגעזונטער נײַגעריקייט נאָכגעפאָלגט דעם געפּעכט „ווי צוקוקער בײַ אַן אָקסן־קאַמף" און דאָס אייגנטלעכע לעבן פון באַשולדיקטן איז געוואָרן אַ נעבן־זאַך.

## פאַרן „בית דין של מעלה"

דער פּראָצעס פאַרן „בית דין של מעלה" איז פאָרגעקומען אין די לאַנגע שלאָפלאָזע נעכט הינטער די געשלאָסענע טירן פון דער קאַמער אין דער תפיסה. דאָ איז אויך אַרויסגעטראָטן אַ פּאַרטיידי־קער און באַשולדיקער, און דער קאַמף איז געווען נישט ווייניקער פאַרביטערט. ס'איז געגאַנגען אויף טויט און לעבן, עד חרמה, ווער וועמען? און דער אמתער גורל פון באַשולדיקטן איז באַשטימט גע־וואָרן נישט פאַרן געריכט פון די געשוואָרענע, נאָר בײַם חשבון־הנפש מיט זײַן אייגענעם געוויסן.

— פאַרוואָס איז עס געקומען? האָט ער זיך אַליין געפרעגט. וואָס איז געווען אין מײַן לעבן אַזעלכעס, וואָס האָט מיך געבראַכט צו פירן אין טויטן־הויז? איז עס געווען בלויז אַ צופאַל דער אַכטער אויגוסט?

און אַן אינערלעכע שטים ענטפערט אים:

— ניין, אַזעלכע זאַכן זײַנען נישט קיין צופאַלן. וואָלט עס ניט געווען דעם אַכטן אויגוסט, וואָלט עפּעס ענלעכעס פּאַסירט אַן אַנ־דער טאָג. אַז עס איז געקומען — האָט עס דאָך געמוזט קומען.

און אויף צו באַשטימען צי עס האָט יאָ אָדער נישט „געמוזט קומען”, פירט ער אַרויס אויף דער סצענע צוויי אומזעבאַרע העלדן, וואָס שפּילן אויס אין אַ דראַמאַטישן ווערטער־געפּעכט דאָס לעבן פון אַ מענטשן. זיי פירן אַ שאַרפן דיאַלאָג, וואָס איז אָנגעלאָדן מיט אַן אורשפּראַך פון געפילן, וואָס קלאַפּט ווי מיט אַ האַמער אין האַרצן, איינער גרייַפט אָן מיט אַ פאַרביסענער שנאה און דער צווייטער פאַרטיידיקט זיך ווי אַ קינד אומבאַהאָלפן...

— די מאַמע, דערמאָנט ער זיך, האָט מיר קיין פינף סענט נישט געוואָלט געבן פאַר אויסלעשן די ליכט אום שבת, האָב איך דעם טישטוך אונטערגעצונדן.

— נו, איז וואָס? אַ קינד געווען...

— ווער ווייס פאַרוואָס די מוטער איז אַזוי פרי אַוועק פון דער וועלט... דעם פאָטער האָב איך אויך געמעגט בעסער באַהאַנדלען.

— אַ שיכור געווען... איך האָב אים דאָך שפּעטער אויסגעהאַלטן, געצאָלט חודש־געלט אין אַן אַנשטאַלט...

— כ'האָב געמאַכט אַ מיאוסן שווינדל מיטן פאַרקויף פון די „נאַפט־פעלדער”, מענטשן אומגליקלעך געמאַכט.

— אַלע מאַכן דאָך אַזוי, געווען אַ ריינע ביזנעס־אונטערנעמונג. די אַדוואָקאַטן האָבן געזאָגט, אַז ס'איז אַ לעגאַלע אָפּעראַציע, נאַפט האָט מען דאָך טאַקע געפונען אין דער געגנט.

— אָבער מיט דער געגנט בין איך געבליבן.

— אַ ביזנעסמאַן איז נישט קיין רעווערענד און אַ באַנק־הויז איז נישט קיין צדקה־אַנשטאַלט. נישט איינמאָל האָט מען אַזוי געהאַנדלט מיט מיר, אַזוי האָב איך געהאַנדלט מיט אַנדערע. כ'בין נישט קיין אויסנאַם...

— דאָס מיידל האָב איך פאַרפירט... זי האָט מיך ליב געהאַט... און ביז מיר האָט זי קיין מאַן נישט געוווּסט.

— איך האָב איר גאַרנישט צוגעזאָגט... כ'האָב איר נישט אָפּגענאַרט. זי האָט געוווּסט אויף וואָס זי גייט...

— איך וואָלט באַדאַרפֿט מיט איר חתונה האָבן, וואָלט מײַן לאַגע איצט גאַנץ אַנדערש אויסגעזען...

און ער דערמאָנט זיך, אַז ער איז שוין געווען אין יענער צײַט פֿאַרקנסט צו סילווע קעניגסבערג, זײַן איצטיקע פֿרוי, ווײַל ער האָט געהאַט די אַמביציע דורך דעם דאָזיקן שידוך זיך אַרײַנצוקריגן ווי אַ שותּף אין איר פֿאָטערס „קאָמערץ באַנק".

— אָבער סילווע קעניגסבערג איז דאָך מיר געפֿעלן, איך האָב זי ליב געהאַט, באמת ליב, האַלט ער זיך פֿעסט בײַ דער רעטונגס־שטריק.

— דאָס האָט מיר נישט געשטערט צוויי וואָכן נאָך דער חתונה זיך אונטערצוהאַלטן מיט אַ מיידל פֿון וואָדעוויל־כאָר.

— אָבער אַלע מענטשן פֿון מײַן גראַד פֿירן זיך אַזוי... בין איך דען געווען אַן אויסנאַם?...

מיר דערקענען אין דעם וויכוח דעם כאַראַקטעריסטישן פּרצוף פֿון די צוויי העלדן: ס'איז דער איך און זײַן שטענדיקער באַגלייטער, דער סופּער־איך, — דער געוויסן. דער ערשטער, רעפּרעזענטירט די טאָטאַלע פּערזענלעכקייט, באַשיצט איר פֿיזישע עקזיסטענץ, זאָרגט פֿאַר איר ווילשטאַנד, און פֿאַרמיטלט צווישן די אינסטינקטיווע טענדענצן פֿון חומר און די באַדערפֿענישן פֿון גײַסט און געוויסן. דער צווייטער, שטעלט פֿאַר די עפֿנטלעכע מיינונג, די טראַדיציע פֿון דורות, די תּורה פֿון עלטערן, די העכערע מאָראַלישע פּרינציפּן און די געזעצן פֿון דער אײַנגעשטעלטער אָרדענונג.

די יידישע פֿאָלקס־פֿאַרשטעלונג האָט מיטן געזונטן חוש פֿון איר אינטואיציע, ריכטיק תּופֿס געווען די מענטשלעכע עקזיסטענץ און פֿאַרשטאַנען, אַז דער קאַמף מיט די דרויסנדיקע כּוחות פֿאַר אַן אָרט אונטער דער זון, איז נישט מער ווי איין זײַט פֿון דער לעבנס־מטבע. דער מענטש האָט נאָך אַן אינעווייניקסטן קאַמפּס־פּראָנט, ער טראָגט אין זײַן נשמה אַ שטענדיקן שותּף און שומר — אַ יצר טוב — וואָס

וואכט איבער זיינע טריט און זאגט אים דעות, און וועלכן ער דארף אפגעבן חשבון נישט נאר פאר זיינע מעשים, נאר אפילו פאר די הירהורים רעים. און אן אינעווייניקסטער שלום־בית, א פרידלעכער צוזאמענלעבן מיטן געוויסן, איז אן אומבאדינגטער תנאי פאר א שא־פערישן לעבן און פאר א דערפאלג אין קאמף מיט די דרויסנדיקע קרעפטן.

דער מענטש האט א יצר טוב און א יצר הרע, זאגט דער תלמוד (משנה סוף ברכות), און גאט האט אים געגעבן די **בחירה**, די מעג־לעכקייט פריי אויסצעוויילן צווישן גוטס און שלעכטס. און דער יידישער יצר טוב האט א ספעציפישע סטרוקטור, ער איז א גרויסער מחמיר, ער פאדערט דעם מאקסימום פון מענטשן, ער איז שטרענג און הארב, ווי א טרייער אויסדרוק פון דעם גייסט, וואס איז אזוי כאראקטעריסטיש פאר דעם עם קשה עורף.

## דער יידישער געוויסן

„די טראכטונג פון דעם מענטשנס הארצן איז שלעכט פון זיין יוגנט אן", ווערט געזאגט אין חומש (בראשית ח' כ"א). די מענטש־לעכע פסיכיק האט א צומיש פון איינגעבוירענער ביאלאגישער אג־רעסיוויטעט, וואס מיינט נישט בלויז דעם פיזישן אימפולס זיך צו באשיצן פון די ארומיקע געפארן, נאר אויך די נאטירלעכע טענ־דענץ צו אינדיווידועלער אומאפהענגיקייט, די אינערלעכע רעאקציע קעגן די דרויסנדיקע אנגריפן, און דעם עקשנותדיקן ווילן צו זיכערן די אייגענע זעלבסטשטענדיקייט און פרייהייט פון האנדלונג. דער דאזיקער אגרעסיווער אינסטינקט איז פארבארגן אין קינד און ווערט פערמאנענט געשטארקט און געשפייזט דורכן צוואנג זיך אונטערצו־ווארפן דעם ווילן פון זיינע עלטערן. עס פארמאגט אגרעסיע־קראפט פון א דערוואקסענעם און די שוואכקייט פון א קינד, אן די פיזישע

מעגלעכקייטן צו אימפּאָנירן זײַן ווילן און אויסלאָדן די אימפּולסיווע אויפבראַזן פון זײַן הילפלאָזן צאָרן. און די אומבאַוווּסטזיניקע אימ־פּולסן זײַנען ווי פליסיקע שטראָמען, ווערן זיי פאַרהאַלטן אין איין ריכטונג פליסן זיי אין אַן אַנדערער, ווערט געשטערט זייער „אויס־לאָדונג" צום דרויסן, פאַרפלייצן זיי דעם אינעווייניק פון מענטש, און מאַכן שטרענגער און האַרטער זײַן געוויסן. אַ קינד וואָס ווערט באַשטראָפט, ווענדעט זײַן פאַרביטערונג — אָדער אַ טייל פון איר — קעגן זיך גופא: — „איך בין ווערט דעם שטעקן"... דער יצר טוב באַקומט אויף אַזאַ מין אופן אַ טרײַען פאַרבינדעטן און שליסט יד־אחת מיט דער אַגרעסיע־קראַפט, וואָס שפּײַזט אים פערמאַנענט מיט איר ענערגיע און שטאַרקט אים אין קאַמף קעגן דעם עגאָ פון מענטשן.

דער דאָזיקער קאַמף, וואָס הייבט זיך אָן אין וויג און ענדיקט זיך אין גרוב, איז די פערזענלעכע געשיכטע פון יעדן מענטשן. בײַ מיסטער סטאָון האָט די געוויסן־שלאַכט אָנגענומען דעם כאַראַקטער פון אַן אמתער אויסראָטונג. די מאַכט פון געוויסן איז אומגעהייער גרויס און דעציִדירנדיק אין מענטשלעכן גורל, און עס גייט נישט אין מעשים טובים, נאָר זײַן הויפּטראָלע באַשטייט אין דער אויפ־גאַבע צו משפּטן דעם מענטשן, אין באַשטימען דעם געפיל פון זײַן זעלבסטווערדע, אין אויפמונטערן אָדער אַנטמוטיקן, אין באַשולדיקן אָדער באַרעכטיקן בעת די דורכפאַלן, שוועריקייטן און לײַדן אויף דער פלאַך פון דרויסנדיקן לעבן.

בעת אַ פײַנלעכער איבערלעבונג פון אומגליק און זאָרג, ווען דער איך ליגט דערשיטערט און געבראָכן, באַהערשט דער געוויסן דעם געמיט־צושטאַנד פון מענטשן און דערגייט אים די יאָרן. לכתחילה, זוכט דער אומגליקלעכער אַ קרבן אויף וועמען אַרויפצו־וואַרפן די שולד, און קיינמאָל פעלט נישט קיין שעיר לעזאָזל, אָבער גיך דערוואַכט דער געוויסן און הייבט אָן אויפמישן די פאַרגעסענע

בלעטער פון לעבן, און אַרויסלייענען עוולות און זוכן זינד, מאַכן פאַרוואָרפן און „עסן אַ לעבעדיקן".

די באַדינגונגען פון גלות-לעבן האָבן שטענדיק געהאַלטן דעם ייִדן אין אַ דראָענדיקן קלעם פון דיסקרימינאַציעס און רדיפות, דער קאַמף אויפן „אויסערלעכן" פראָנט איז פאַר אים געווען פיל שווערער ווי פאַרן נישט-ייִדן; אָבער ער האָט דעם אָנגעזאַמלטן צאָרן אויף זײַנע פאַרפאָלגער נישט געקאָנט אויסלאָדן און האָט געמוזט אַ סך ביטערניש שטילשווײַגנדיק אײַנהאַלטן אין אייגענעם הארצן. און אָט די „אײַנגעשלונגענע" אַגרעסיוויטעט האָט אַקטיווירט דעם געוויסן, אים אָנגעגאָסן מיט אַ צושטראָם פון פריש בלוט, און מיט אַן אויפגעברויזטער רוגזה האָט דער אויפגעלעבטער און געשטאַרקטער יצר טוב זיך געוואָרפן אויף זײַן קרבן, וואָס האָט אָנגעהויבן זיך שלאָגן על חטא און זוכן די סיבות פון זײַנע לײַדן אין די אייגענע דעפעקטן און אין די בעוונותינו הרבים...

דער גלות-קאָמפּלעקס שליסט דעריבער אין זיך אײַן, ווי אַן אָרגאַנישן באַשטאַנדטייל, אַ הויך-אַנטוויקלטן און פילבאַרן געוויסן, אַ פאַרשטאַרקטן עטישן חוש און אַ הומאַניטאַרע סענסיביליטעט, וואָס רופט זיך אָפּ אויף יעדן אומרעכט פון דרויסן מיט אַן אָנרעגונג צו אייגענער דערהייבונג און פאַרפולקאָמונג. אַ קלאַסישער בײַשפּיל פון דעם איז די געניאַלע אידעע פון יבנה — אַ צענטער פון גײַסטיקער איראַדיאַציע — נאָכן חורבן ירושלים. און אין הסכם מיט די פּרינציפּן פון זעלבן פּסיכישן דינאַמיזם קומט נאָכדעם, נאָך די קרייצצוגן, אַ טענדענץ צו פאַרשטאַרקן די אײַזערנע דיסציפּלין פון דין באַגלייט דורך מיסטישע גאולה-טענדענצן. נאָכן גירוש שפּאַניע, בליט אויף די קבלה, און נאָך די גזירות ת"ח (1648) און דער היידאַמאַטשטשינע (1768), קומט אויף די שבתי-צבי-באַוועגונג און שפּעטער — דער חסידיזם, וואָס מאַכט אַן אַ גאַנצע רעוואָלוציע אין ייִדישן לעבן. און צום סוף, ווי אַ רעזולטאַט פון אַנטיסעמיטישער

פאַרפאָלגונג, ווערט געבוירן די נאַציאָנאַלע באַוועגונג, דער געדאַנק פון אַ נאַציאָנאַלער היים, און עס קומט צום אויסדרוק דער גרויסער בייטראָג פון ייִדן פאַר די סאָציאַלע באַפרייאונגס־שטרעבונגען און בכלל דער אַקטיווער אָנטייל פון ייִדישן געדאַנק אין אַלע מאַניפעס־טאַציעס פון דער מענטשלעכער קולטור־שאַפונג.

אונטער דעם שווערן אַטמאָספערישן דרוק פון דרויסן, האָט זיך אויסגעקריסטאַליזירט אין דער ייִדישער נשמה זייער אַן איידעלער און פיינער אינסטרומענט — אַ פילבאַרער אָבער שטרענגער געוויסן, און די שטערונגען פאַר פּסיכישער עקספּאַנסיע אין פיזישן שטח, האָבן באַוועגט די אויסשפּרייטונג פון דער דאָזיקער ענערגיע אין דער ריכטונג פון גייסטיקן רוים.

## די ייִדישע קולטור - ירושה

ווען מיסטער סטאָונס ייִדישער געוויסן לאָזט אים דעם אָטעם אָפּכאַפּן, דערמאָנט ער זיך פון זיין קינד און אַ גרויסע פרייד פילט אָן זיין האַרץ ביז איבער די ברעגעס. ער דערפילט טרערן אין די אויגן. גערטרוד איז געווען דער אינדזל, אויף וועלכן דער טרינקענ־דיקער האָט זיך געוואָלט ראַטעווען...

„ווער וועט וואַגן צו צווייפלען אין מיינע אמתע געפילן צו מיין קינד? קעגן דער גאַנצער וועלט בין איך געווען פאַלש און גענאַרע־ריש. מיין קינד האָב איך ליב מיט אמתער ליבע. פאַר איר האָב איך עס אַלץ געטאָן — זי איז געווען מיין ציל אין לעבן, כדי זי גליקלעך צו מאַכן...“

אָבער באַלד באַווייזט זיך דער יצרטוב און שטעלט אים אַ גרויסן אמת פאַר די אויגן:

— ווי שווער עס זאָל נישט זיין דאַרפסטו אָנערקענען, אַז דו האָסט דיין קינד באַדעקט מיט שאַנד...

און ער קומט צו אַן אַנטשלאָסענעם אָבער פעסטן אויספיר:

— אַז איך וועל בלײַבן לעבן — וועל איך זיי יעדן טאָג דער־מאָנען אין מיר, וועל איך שטאַרבן — וועל איך פאַרגעסן ווערן...

און ווען דער אַדוואָקאַט שלאָגט אים פאָר אַפּעלירן דעם אורטייל, ווײַל עס זײַנען פאַראַן נײַע באַווײַזן, אַז די פרוי איז אים געווען אומטרײַ, האָט ער עס קאַטעגאָריש אָפּגעוואָרפן. ער האָט נישט גע־וואָלט דעם שאַנדפלעק אויסשפּרייטן אויף דער פאַמיליע און צונע־מען בײַ זײַן קינד אויך די מוטער. „דאָס נישט, האָט ער אַנטשלאָסן געענטפערט דעם אַדוואָקאַט, דאָס איז ערגער ווי דער טויט...״ ראַ־טעווען דאָס לעבן און בלײַבן אַ באַפלעקטער, אין שמוץ וואַרפן די פרוי, און מיט וועמען וועט בלײַבן גערטרוד? פון דעם אָפּגרונט האָט ער זיי געוואָלט ראַטעווען, און איז דערפאַר גרייט געווען צו באַצאָלן מיטן לעבן.

ער האָט אויך נישט געוואָלט אונטערשרײַבן קיין פּעטיציע פאַר באַגנעדיקונג צום גובערנאַטאָר. „דאָס קאָן נאָר טאָן מײַן פאַמיליע, האָט ער געזאָגט, קענען קיינעם בין איך נישט שולדיק, נאָר קענען זיי; וועט מײַן פאַמיליע באַשטימען צי איך זאָל לעבן אָדער שטאַרבן...

אָבער ער האָט יאָ אָנגעשריבן אַ פּעטיציע צום גובערנאַטאָר פאַר אַ מינדעריעריק נעגער־יינגל, וועלכער איז געווען פאַרמישט אין אַן איבערפאַל אויף אַ ווײַס מיידל. אָפטמאָל פלעגט ער זיך גאָר פאַרגעסן אין זיך און טראַכטן וועגן נעגער: „ער האָט דאָך גאָרניט געלעבט. מיר אַלע האָבן כאָטש געגאָסן פון לעבן, קענען געלערנט זײַן זיסקייט און ביטערקייט — אָבער ער האָט דאָך נאָך גאָרנישט פאַרזוכט — פאַרוואָס שיקן זיי אים אַוועק פון דער וועלט?״

אויך דאָס איז די שטימע פון געוויסן. מיסטער סטאָונס יצר טוב איז טאַקע לויטן יידישן נוסח אַ נוקם ונוטר, אָבער נישט אויס שלעכטהאַרציקייט און אוודאי נישט אויס בלוטדורשטיקייט — וואָס

איז אַזוי פֿרעמד דעם ייִדישן גײַסט — נאָר פּונקט פֿאַרקערט, אויס ליבע צו מענטשן, אויס טיפֿן הומאַניטאַרן געפֿיל, וואָס ווערט אָפֿט ניט דערהערט אין טומלדיקן רויש פֿון לעבן; אָבער וואָס באַהערשט דעם געמיט אין מאָמענט פֿון נסיון בײַ אַ קינד פֿון די ווײַטע אורעל־טערן, וועלכע האָבן אויפֿגעשריבן אויף זייער פֿאָן: „איר זאָלט נישט גנבענען, און איר זאָלט נישט פֿאַרלייקענען, און איר זאָלט נישט זאָגן ליגן איינער דעם אַנדערן... זאָלסט נישט דריקן דײַן חבר און נישט באַגזלען... זאָלסט נישט לאָזן איבערנעכטיקן דעם לוין פֿון אַ געדונגענעם בײַ דיר, ביז אין דער פֿרי...” (ויקרא). ס'איז אַ גרונט־שטימונג, וואָס לעבט אין קאָלעקטיוון אומבאַוווּסטזײַן פֿון פֿאָלק און באַשטימט די גענעטישע כאַראַקטער־שטריכן, וועלכע גייען־איבער דורך אַ לאַנגער ריי דורות פֿון די אבות צו די אייניקלעך.

אַזאַ קולטור־ירושה האָט געמוזט שאַפֿן אין דער נשמה פֿון ייִדן — און אויך פֿון דעם, וואָס איז ווײַט פֿון לומדות — אַ געוויסע פּרע־דיספּאָזיציע פֿאַר דער מאָראַלישער און הומאַניטאַרער אָנלאָדונג פֿון זײַן געוויסן. אין פֿאַל פֿון מיסטער סטאָון האָט ער מיט דער פּעטיציע פֿאַרן נעגער צוגענומען פֿון זיך דעם לעצטן שאַנס, די לעצטע מעג־לעכקייט אויף רעטונג, ווײַל מער ווי איין ביטע אויף באַגנעדיקונג האָט ער נישט געקאָנט אָנגעבן. אָבער ער האָט אויסגעפֿילט דעם דיקטאַט פֿון זײַן עטישן געוויסן, אין זײַן אונטערבאַוווּסטזײַן האָט ער זיך אידענטיפֿיצירט מיטן שוואַרצן, איז „אַרײַן אין זײַן הויט”, און סימבאָליש געוויזן זײַן פֿאַמיליע און דער גאַנצער וועלט: — זעט, אַזוי דאַרף מען האַנדלען מיט מענטשן!...

מיסטער סטאָונס פּעטיציע האָט נישט געהאָלפֿן, דער נעגער איז געזעצט געוואָרן אויפֿן טויטשטול; ס'האָט אויך נישט געהאָלפֿן, — אָדער אפֿשר איז גאָר נישט געבעטן געוואָרן, — די באַגנעדי־קונג פֿאַרן מיסטער סטאָון...

און ער האָט אָנגענומען פֿאַר ליב די שטראָף און האָט שלום

געמאַכט מיטן טראַגישן גורל. ער האָט נישט געצווייפלט אין ליבע צום קינד און איז פאַר איר גרייט געווען אויפן גרעסטן קרבן. ער האָט אָבער יאָ געצווייפלט, — און דאָס איז געווען מער אַן אומבאַ-וווסטזיניקע שפּירונג, — אין דער אויפריכטיקייט פון זײַן ליבע צו דער פרוי, און דאָס האָט געהאַלטן געפּענטעט זײַן געמיט אין קייטן פון שווערן שולד-געפיל, און אויף זיך אויסצוקויפן פון אַזאַ זינד מוז מען אויף זיך נעמען די גאַנצע שולד און די פולע שטראָף — סײַדן „זי וועט אים מוחל זײַן און בעטן פאַר אים באַגנעדיקונג".

אָבער מיסטער סטאָון איז געווען נישט מער ווי אַ קינד פון זײַן צײַט, אַ פּראָדוקט פון די ניכטערע און „פּראַקטישע" באַדינגונ-גען פון זײַן לעבן, וואָס טעמפּן אָפּ די נאַטירלעכע, ספּאָנטאַן-אַקטיווע קראַפט פון געפילן און דער מאַן זוכט קודם-כל אין דער פרוי אַן אַפעקטיוון שטיצפּונקט, אַ מין געמיש פון מוטער און שותף, וואָס זאָל אים אַרויסהעלפן אין קאַמף פאַרן לעבן. אין דראַמאַטישן מאָ-מענט פון טעלעפאָן-שמועס האָט ער מיט ציטער אין האַרצן געוואַרט זי זאָל אים בעטן ער זאָל קומען — האָט די „מאַמע" נישט געבעטן און דאָס „קינד" איז ניט געפאָרן... אַזאַ פּאַסיווע באַציִאונג לגבי דער פרוי איז כאַראַקטעריסטיש פאַר שלום אַשס מענער-העלדן. מיסטער סטאָון האָט זיך פון דעם קאָמפּלעקס נישט געראַטעוועט און ער שטאַרבט מיטן אימאַזש פון דער מוטער אין האַרצן.

אָבער די דאָזיקע „קינדער פון סוחרים, זײַנען אויך אייניקלעך פון נביאים". מוז צווישן די צוויי עקסטרעמען ערגעץ ווו זײַן אַ געהיימע פאַרבינדונג, און אין געוויסע פאַלן פון נסיון איז גובר די אַטאַווישע נשמה פון אייניקל איבער די געפילן פון סוחר און ער נעמט אויף זיך דעם קדושה-קראַנץ פון מסירת נפש. עס איז אַ ריין ייִדישער דרך אין לעבן, אויף וועלכן ער ווערט געפירט דורך דער קראַפט פון זײַן עטישן אינסטינקט.

ג. סאַפּאָזשניקאָוו

# די קדושה פון מסירת-נפש

„...אין האַרצן האָבן זיך פונאַנדערגעבליט געפילן, וואָס סטאָון האָט קיינמאָל נישט געקענט, און וואָס האָבן אים אין זײַן איצטיקער פאַרצווייפלטער לאַגע געבראַכט טרייסט און באַרואיקונג.

„ער האָט מער נישט געפילט קיין שנאה צו זײַן פרוי און אַפילו נישט צו איר געליבטן. „ער וועט זײַן אַ גוטער פאָטער פאַרן קינד", האָט ער געטראַכט. „דער געדאַנק, וועלכער האָט אים שטענ־דיק געפּײַניקט, אַז נאָך זײַן טויט וועט סילוועס חתונה האָבן מיט קראָזן, האָט אים מער נישט אַרויסגעבראַכט פון גלײַכגעוויכט. עפּעס אַ באַהאַלטענע הנאה האָט געזעטיקט אַן אומפאַרשטענדלעכן געפיל איבער די געדאַנקען. ער האָט ליב געקראָגן זיך זעלבסט הנאה צו טאָן מיט די געדאַנקען, אַז דער שונא הערשט אין זײַן הויז, ווערט דער מאַן פון זײַן פרוי, דער פאָטער פון זײַן קינד..."

און ווי אויסטערליש דאָס זאָל נישט קלינגען פאַרן אויער פון „גראַדן שכל" האָט אַזאַ ברייטהאַרציקער אויסגוס פון „צידקות" ביים שטאַרק זינדיקן מיסטער סטאָון זײַן פּסיכאָלאָגישע באַרעכטי־קונג. די געדאַנקען פון זעלבסטפּײַניקונג זײַנען די איבערצײַגנדיק־סטע אַרגומענטן, וועלכע דער איך רוקט אַרויס קעגן זײַן געוויסן. ווי ער זאָל זאָגן: — זעסט, איך וויים, אַז ער וועט זײַן דער מאַן פון מײַן פרוי, דער פאָטער פון מײַן קינד און דער באַלעבאָס פון מײַן הויז, און דאָך בין איך גרייט צו נעמען אויף זיך די שולד און זיך מקריב זײַן פאַר זייער גליק... דאָס מאַכט גרעסער דעם אויפטו אין זײַנע אויגן, דערהויבט דעם געפיל פון זעלבסט-ווערדע און באַ־פעסטיקט אים אין זײַן הערשאַפט באַשלום. דער סופּער-איך ווערט פולשטענדיק אַנטוואָפנט און בלײַבט אָן לשון, ער האָט נישט קיין מאָטיוון פאַרן מינדעסטן פאַרוואורף... דער איך איז גובר דעם געוויסן און דערגרייכט די העכסטע מדרגה פון הייליקער עקזאַלטאַציע, פון געפינען פאַרגעניגן אין די אייגענע לײַדן.

די גנעדיקייט און די „אומפאַרשטענדלעכע" הנאה פון די געדאַנקען, אַז „דער שונא הערשט אין זײַן הויז" האָט דעריבער אַ וואָרעמען טאָן פון אמתער איבערלעבונג. ס'איז אויך אמת, אַז דער בעל־דבר האָט נישט פאַרשטאַנען די סיבה פון אַזאַ געמיט־צושטאַנד און אויך דער מחבר האָט עס נישט באַגריפן מיטן שכל. אָבער דער ערשטער, האָט עס געפילט אינעם שטומען געזאַנג פון זײַן בלוט און דער צווייטער, האָט אינטואיטיוו באַנומען מיט זײַן אינעווייניקסטן אויג — אַ ניצוץ פון רוח הקדוש — די אונטערערדישע שפּיל פון געפילן און דאָס ליכט, וואָס שײַנט אַרויס פון אַ צעבראָכן מענטשלעך האַרץ אין אַ מאָמענט פון אַנגסטלעכער פאַרצווייפלונג.

דער קינסטלערישער און דויערהאַפטער ווערט פון אַ ליטעראַריש ווערק איז נישט פאַרבאָרגן אין דער שיינער מעטאַפאָרע און אין דער טרײַקייט צו די אויסערלעכע „פאַקטן", נאָר אין דער צווײַבער־שפּיל פון די אינעווייניקסטע געפילן און אינעם שטומלשון פון די באַגערן, וואָס וויברירן אין דעם מענטשנס האַרצן. דער קינסטלער דאַרף אָפּשפּיגלען די אינערלעכע וועלט, אַנטפּלעקן דאָס פאַרהוילענע פאַר די חושים פון חומר, און בויען מיט מאַטעריאַלן נישט בלויז פון דערווירקלעכקייט, נאָר אויך פון דער אינטואיציע און פאַרשטעלונגס־קראַפט, וואָס זאָל ווײַזן דאָס לעבן, און אויך דעם מענטשן, נישט „ווי ער איז", נאָר „ווי ער קאָן זײַן" און „ווי ער דאַרף זײַן". נאָר אַזעלכע קינסטלערישע בנינים האָבן אַ האַפט, און אַזוי בויט שלום אַש זײַנע ווערק און אַזוי שילדערט ער זײַנע העלדן.

מיסטער סטאָון האָט פאַרלאָרן דעם פּראָצעס, אָבער ער האָט געוווּנען דעם משפּט מיט זײַן געוויסן. אין דער שווערער שטילקייט פון די תּפיסה־נעכט האָט ער געלײַטערט זײַן נשמה אין די פײַערן פון לײַדן און האָט דעם נסיון אויסגעהאַלטן. אַליין האָט ער פאַר זיך געעפנט אַ באַשולדיקונגס־אַקט פון זינד, וועלכע זײַנען געווען פאַרשריבן בלויז אין זײַן האַרצן, און האָט זיך פאַרמשפּט צום טויט.

ער האָט אַרויסגעהויבן דעם מאָראַלישן אויטאָריטעט פון זײַן אייגע־נער פּערזענלעכקייט — זײַן מענטשלעכע ווערדע — איבער אַלע גע־ריכטן, ווי ער זאָל זאָגן: „נישט איר האָט מיך פאַרמשפּט פאַר אַ פאַרברעכן, וועלכן איך בין נישט באַגאַנגען, נאָר איך אַליין פאַר־משפּט זיך פאַר פאַרברעכנס, וועלכע איך אָנערקען און בין יאָ באַ־גאַנגען!"

אָפּטמאָל האָט ער זיך געפרעגט: — אין וועמען ליגט די שולד, אין מיר צי אין איר, מײַן פרוי? און ער האָט זיך אַליין געענטפערט:

— עס איז די שולד פון אונדזער לעבן...

„...עס וואַלגערט זיך גליק איבער דער ערד, און איך האָב ניט געוווּסט, איך האָב עס געזוכט אויף אַזעלכע פאַרפּלאָנטערטע און גע־פערלעכע וועגן. געמיינט אַז עס ליגט נאָר אין עשירות און דערגיין קאָן מען דערצו דורך גנבה, גזלה, דורך מענטשלעכן אומגליק, דורך דעם מענטשנס טרערן און צרות..."

מיסטער סטאָון האָט אַנטוואָפנט זײַן געוויסן, האָט צוגענומען בײַ אים זײַן אַגרעסיע־קראַפט און געשטילט זײַן צאָרן.

ער האָט פרײַוויליק אויף זיך גענומען זײַן שטראָף און זיך גע־געבן ווי אַ קרבן פאַר זײַנע לײַבלעכע און נאָענטע און אויך פאַר ווײַטע און פרעמדע. דאָס איז דער עקזאַלטירטער געפיל פון דער מאַיעסטעטיש־מענטשלעכער ווערדע, דער באַוווּסטזײַן פון חשיבות פון דער מענטשלעכער פערזענלעכקייט, וועלכע איז באַשאַפן אין גאָטס „געשטאַלט און אין זײַן גלײַכעניש", וואָס קוקט מיט אָפענע און אומדערשראָקענע אויגן אין געזיכט פון טויט און גייט מיט אַ געהויבענעם קאָפּ אויף קידוש השם.

עס איז נישט „אויב נישט נאָך העכער" — ס'איז „דאָס העכ־סטע!", דער מענטש ווערט דער שעפער פון זײַן אייגענעם גורל.

## גײַסטיקער גלײַכגעוויכט

וווען דער געוויסן האָט מיט האַפּערדיקער עקשנות געלייענט זײַן באַשולדיקונגס־אַקט איז דער עגאָ געלעגן אין שטויב, אין אַנגסט־לעכער שרעק, אײַנגעהילט אין שוואַרצן שולד־געפיל, פאַרצווייפלט און געבראָכן. אָבער ווי נאָר דער הערזאַישער באַשלוס איז אָנגע־נומען געוואָרן, האָט די סיטואַציע ראַדיקאַל זיך געביטן. דער אי־בערפלוס פון דער אַגרעסיווער ענערגיע אין געוויסן האָט אַרײַנגע־שטראָמט צוריק אין זײַן נאַטירלעכן בעקן — אין עגאָ, און דריקט זיך אויס נישט אין קיין פיזישן אָנגריף, נאָר אין אַ פּסיכישן, שטו־מען און ביטערן פאָרוווּרף דער קאַלטער און האַרצלאָזער וועלט, וואָס פאַרשטאַרקט אין אים זײַן גלויבן אין די אייגענע מאָראַלישע קרעפ־טן, אין דער ריכטיקייט פון זײַן אמת און אין דער פולווערטיקייט פון זײַן פּערזענלעכקייט אין פאַרגלײַך מיט די אַלע אַנדערע, וואָס זוכן זײַן אומקום. דער איך גלײַכט אויס דעם רוקן, באַפרײַט זיך פון יעדן שולד־געפיל, ער איז מער קיינעם קיין בעל־חוב; פאַרקערט, אַנדערע זײַנען אים שולדיק... דער קרבן איז אַ העלד געוואָרן, עס שײַנט די שכינה אויף זײַן שטערן, דער געוויסן איז מער נישט אָנגעלאָדן מיט צאָרן און גיט שטיל זײַנע ברכות דעם נײַ־געבוירע־נעם וועזן...

מיסטער סטאָון האָט צוריקבאַקומען זײַן גײַסטיקן גלײַכגעוויכט, דער אינעווייניקסטער קאָנפליקט איז פאַרענדיקט מיט אַ זיג פון דער טאָטאַלער פּערזענלעכקייט, וואָס האָט דעראָבערט איר מענטש־לעכע ווערדע, איר זעלבסט־חשיבות, דורכן גלויבן אין אייגענער גערעכטיקייט און אין איר שטיצע אין די אייגענע קרעפטן.

די אינערלעכע האַרמאָניע דאַרף מען ווערט זײַן, זי האָט איר פּרײַז, מען דאַרף זי אויסקעמפן מיט אייגענע לײַדן און אָפּט — מיט דער קדושה פון מסירת נפש און קידוש השם... עס איז אַ יִדישע

סטיכיע, און אין מיסטער סטאָון, וואָס האָט אפשר קיין עברי נישט געקענט, וועלכן עס האָבן דערצויגן די ניו־יאָרקער גאַסן, דערוועקט זיך עפּעס אַן אַטאַווישער געפיל, אַ קינדישע בענקשאַפט צו זײַן יידישער היים, צו זײַן מוטער, און בײַם ראַבינער בעט ער ער זאָל אים אויפמישן אין סידור די תפילה, וועלכע אַלטע יידישע פרויען זאָגן פאַר זייערע קינדער.

„ער האָט אויפגעמישט און אַוועקגעלייגט זײַן קאָפּ דאַרויף, האָט צוגעמאַכט די אויגן און עס האָט זיך צו אים באַוויזן אַן אַלטע אײַנגעשרומפּענע פרוי... „די מוטער וועט מיר קיינמאָל קיינער נישט קאָנען אַוועקנעמען, איך בין פון איר געבוירן און צו איר גיי איך צוריק...״ און ער איז ווידער אַ קליין קינד געוואָרן און האָט אײַנגע־שלומערט אין אירע ברוסטן אַ גאַנצע נאַכט, ביז מען איז אים געקו־מען וועקן צום טויט... און ווען מען האָט אים אויפן שטול געזעצט, האָט זי זיך געשטעלט הינטער אים און גענומען זײַן קאָפּ אין איר שויס אַרײַן, און אַזוי איז ער אײַנגעשלאָפן זײַן אייביקן שלאָף...״

מיר האָבן אויסגעקליבן „טויט אורטייל״ ווי אַן אילוסטראַציע פון דעם אינערלעכן קאַמף, וואָס שפּילט זיך אָפּ אין דער נשמה פון מענטשן, און וואָס ווערט אין דעם ווערק סכעמאַטיזירט און מיט אַ באַזונדערער אָנשוילעכקייט אַרויסגעבראַכט אין דער קינסטלערישער פּערזאָניפיקאַציע פון די אינערלעכע קרעפטן. די שילדערונג פון פּסיכישן דינאַמיזם אין מאָמענט פון דראַמאַטישן אויסברוך, אין אַן אַטמאָספער, וואָס איז אָנגעהיצט ביזן פּונקט פון זידן, פאַרוואַנדלט דאָס ווערק אין אַ מין בייזן חלום, וואָס ווערט דערציילט אין איין אָטעם, ווי אַ קאָשמאַר, עקזאַלטירט, און דאָך שטרענג אויסגעפּלאַ־נירט דורכן שכל און אונטערוואָרפן אַן אויסגעהאַלטענער אָרדענונג.

אָבער ווי שאַפעריש עס זאָל נישט זײַן דער אויפטו פון אַש אין דער געשטאַלט פון מיסטער סטאָון, איז סענסאַציאָנעל אויסטער־ליש די פאַבולע, וואָס פאַרמינערט די טראַגיק פון דער האַנדלונג.

הגם די סאָציאַל-עטישע פּראָבלעם, וואָס ווערט באַהאַנדלט אין דעם ווערק, און וואָס וואַרפט אַ שאַרפן קריטישן בליק אויף דער איינגע־שטעלטער אָרדענונג, איז פון קאָנסטרוקטיווער באַדייטונג. ס'איז אונדז לכתחילה ווילד-פרעמד דער הויפּט-העלד, וואָס ווערט אָבער צום סוף אַזוי נאָענט, טיף-מענטשלעך און סימפּאַטיש.

## ייִדיש-נביאישער שאַפונגס-מעטאָד

חיים לעדערער („חיים לעדערערס צוריקקומען"), ווי פיל אַנדע־רע שלום אַשס פּערסאָנאַזשן, מאַכן דורך דעם זעלבן אינערלעכן פּראָ־צעס, הגם ביי גאַנץ אַנדערע באַדינגונגען פון לעבן. אַנדערש איז די סיפּור-המעשה, און אויך אַנדערש דער צושטאַנד, וואָס פאַראורזאַכט דעם דראַמאַטישן אויסברוך. אָבער די אינעווייניקסטע „העלדן", וואָס נעמען אָנטייל אינעם גייסטיקן קאָנפליקט און וואָס שפּילן די הויפּט-ראָלן אין דער דראַמע, זיינען דורכאויס די זעלבע.

חיים לעדערער איז שוין אַריבער די זעכציק, און האָט זיך צו־ריקגעצויגן פון דער גרויסער העמדער-פירמע אויף בראָדוויי „לע־דערער ענד סאָנס". אַ גאַנץ לעבן שווער געאַרבעט, מעג ער שוין אויך אַביסל געניסן דעם רעשט פון זיינע יאָרן. און ווען ער טוט זיך אוים פון דער זאָרג פון געשעפטן און הייבט אָן אונטערציִען אַ סך־הכל פון זיין אייגענעם אויפטו, דערפילט ער אַ מוראדיקע פּוסט־קייט אין זיך און אַרום זיך. די קינדער האָבן זיך דערווייטערט פון אים, אַריינגעוואַקסן אין אַן אַנדער קולטור, די פרוי איז „אַריינגע־וואַקסן" אין די קינדער, איז ער געבליבן אַליין, איינזאַם און פאַר־לאָזן. אַמאָל, ווען ער איז נאָך אַן אַרבעטער געווען, האָט ער ביכלעך געלייענט, רעפעראַטן באַזוכט, וועגן אַ שענערער וועלט געחלומט.

ער האָט עס נאָכדעם אַליין מקריב געווען אויפן מזבח פון די העמדער. מקריב געווען נישט נאָר זיין ציַיט, זיַין געזונט, זיַינע יאָרן — נאָר אויך זיין נשמה. געלט געמאַכט — אַ סך געלט! — איז פאַר וועמען האָסטו דיַין לעבן אָפּגעגעבן? פרעגט אים שוין אונדז אַ גוט־באַקאַנ־טע אינעוויינקסטע שטימע. — כדאי געווען די טירחה?...

און נאָך אַ לאַנגן קאַמף מיט זיך, באַשליסט ער כאָטש צו ראַ־טעווען די רעשטלעך פון זיַין צעבראָכן לעבן. ער פילט זיך נאָך גענוג שטאַרק אויף אָנצוהייבן פון אָנהייב, פאַרלאָזט ער זיַין רײַכע היים, אין וועלכער ער האָט זיך געפילט אַזוי איבעריק און אָרעם, פאָרט אַוועק אין אַ צווייטער שטאָט און גייט אַריַין אין אַ שאַפּ אַרבעטן...

חיים לעדערער — אַ גיַיסטיקער קרוב פון די גראָססמאַנס, מיר־קינס און באַזונדער פון מיסטער סטאָון און אַלע אַנדערע ש. אַשס העלדן — האָט אַ באַגרענעצטן גיַיסטיקן האָריזאָנט און אַ קנאַפּע פאַרשטענדעניש פאַר העכערע ענינים. אַמאָל האָט ער נאָך אַ ביכל געלייענט, היַינט האָט ער שוין אויך די קונסט פאַרגעסן. אַ פּשוטער ייִד, אָבער מיט אַן איידעלער נשמה און ייִדישן געוויסן, מיט אַ שטומען דורשט נאָך אַ שענערן לעבן, און מיט אַ הייסן געפיל פאַר אַ בעסערער וועלט נישט נאָר פאַר זיך, נאָר פאַר אַלע מענטשן. האָט ער דורכגעמאַכט דעם פּראָצעס פון „צוריקקומען" צו זיך, צום פאָלקס־לעבן און צו דער פאָלקס־מאַסע, אין וועלכער ער איז געווען גיַיסטיק טיף פאַרוואָרצלט.

זיַין אַוועקגיין פון דער רײַכער היים איז געווען אַ פּראָטעסט קעגן דער פּוסטקייט און אינהאַלטסלאָזיקייט פון דער מיטלשטאַנד־סביבה און דער עיקר — אַן אומבאַוווּסטזיניקער אַקט פון רעוואַנש קעגן דער פרוי און קינדער, וועלכע האָבן אים אויף דער עלטער, ווען ער האָט זיי אַממערסטן געדאַרפט האָבן, אַזוי אַנטוישט און פאַרלאָזן, אַז ער האָט זיך געפילט אין זייער אָנוועזנהיַיט פרעמד און דערשלאָגן.

דער אַקט פון „צוריקקומען” האָט אים צוריקגעגעבן זײַן זעלבסטווערדע, זײַן גלויבן אין די אייגענע קרעפטן, און דער קרבן פון אַוועקגעבן דאָס רײַכטום, דער מסירת נפש פאַר אַ גלויבן און פאַר אַ העכערן לעבן, האָבן אָנגעפילט מיט שטאָלץ זײַן איך, זײַן אייגענעם באַוווּסטזײַן, וואָס האָט דערפילט דעם שענסטן ווּנטש פון זײַן מאָראַלישן געווּיסן. און נאָך אַ לאַנגן פּעריאָד פון אינערלעכן קאַמף און לײַדן, וואָס האָבן צעריסן די נשמה אויף שטיקער, איז גע־קומען די לאַנג־דערוואַרטע מנוחה, דער גײַסטיקער גלײַכגעוויכט, ווען דער מענטש פילט זיך גאַנץ מיט זיך און בשלום מיט די אַרו־מיקע, ווען ער טראָגט נישט מער קיין שנאה און קיין פאַרביטערונג אין האַרצן, און עס שטראַלט פון אים אַרוים אַ געפיל פון אויפריכ־טיקער ליבשאַפט און גלויבן אין זיך און אין מענטשן. און ווי אין פאַל פון מיסטער סטאָון, איז געקומען דער מאָמענט פון לײַטזעלי־קייט „און נאָך איידער ער האָט אויסגעפירט זײַן באַשלוס, האָט זיך אַ פרייד צו אים אין האַרצן פאַרקליבן, און זי האָט אים געמאַכט גאָר פאַר אַן אַנדער מענטשן... לעדערער האָט דערפילט, ווי ער האָט אַלעמען ליב באַקומען, ער האָט קיינעם נישט פײַנט, אַפילו זײַנע אייגענע קינדער אויך נישט...” דער מענטש האָט געפונען אַן ענט־פער אויף דער פּראָבלעם פון זײַן עקזיסטענץ און אויף אַזאַ מין אופן פּראָדוקטיוו פאַרווירקלעכט זײַנע מעגלעכקייטן, וואָס פאַר־בינדן אים צוריק מיט דער וועלט און באַפעסטיקן זײַן גלויבן אין די אייגענע קרעפטן.

אָט צו דעם צושטאַנד פון העכערער גײַסטיקער שלימות פירט דער קינסטלעריש־עטישער נוסח, דער **יִדיש־נביאישער שאַפונגס־מעטאָד פון שלום אַש.**

אין אַ רעדע בעת אַ פײַערלעכן קבלת־פּנים אין לאָנדאָנער פּען־קלוב, אין יאָר 1939, האָט שלום אַש געזאָגט: „איך זוך אין יעדן ווערק נישט נאָר די קינסטלערישע פאָרעם, נאָר אויך מאָראַלישן,

רעליגיעזן אינהאַלט... און אונטער רעליגיעזן אינהאַלט מיין איך, מענטשן־ליבע און מענטשלעכקייט, ווײַל דאָס העכסטע דינסט פאַר גאָט, איז דאָס דינסט פאַרן מענטש".

## די דיאַלעקטיק פון געוויסן

דער וועג פון מסירת נפש איז נישט קיין רעזולטאַט פון פּאַסיווער רעזיגנאַציע און נישט קיין פאַטאַליסטישער אונטערגעבן זיך דעם בלינדן גורל. אדרבא, ס'איז אַן אויסדרוק פון ברויזנדיק־אַקטיווער אינערלעכער אַקציע און פון זעלבסטשטענדיקן אויפטו, וואָס שטאַמט פון אייגענער אינספּיראַציע אָנגעלאָדן מיט מענלעכן מוט און אַנטשלאָסנקייט.

ס'איז אַ טיף־שאַפערישער אַקט פון פרײַען ווילן און באַוווּסטזיניקן אויסוואַל צווישן אַלטערנאַטיוון, דער מענטש האָט די ברירה, און דאָך לאָזט ער זיך אויפן וועג פון שווערסטן ווידערשטאַנד און פון די גרעסטע לײַדן. דאָס איז אַ מאָראַלישער בנין, וואָס ווערט אויסגעפּלאַנט מיטן שכל און אויפגעבויט מיטן אייגענעם לײַב און לעבן; איז עס אַ זעלבסטשטענדיקע שאַפונג, וואָס מאָביליזירט און לאָזט אין גאַנג אַלע גײַסטיקע קרעפטן, און וואָס גיט אין רעזולטאַט פון פײַנלעכן קריסטאַליזאַציע־פּראָצעס די העראָאישע דעציזיע, אין וועלכער דער מענטש פּראָיעקטירט און פאַראייביקט לדורות זײַן גלויבן און האָפענונג.

אמת, די בחירה איז נישט אין גאַנצן קיין „פרײַע", דער אויסוואַל איז שטאַרק באַגרענעצט דורך די קאָנסטיטוציאָנעלע און פּסיכישע פּרעדיספּאָזיציעס און דורך די סאָציאַל־עקאָנאָמישע באַדינגונגען פון לעבן, וועלכע דעטערמינירן אין אַ גרויסער מאָס די האַנדלונג פון מענטשן. אָבער פון דער אַנדערער זײַט, ווירקט דער מאָראַלישער געוויסן, דער ווילן און באַוווּסטזײַן, וואָס קאָנען בײַ געוויסע

גינציקע פאַר זיי באַדינגונגען, אַריבערציִען די וואָגשאָל פון אוים־וואָל און פאַרענדיקן דעם דראַמאַטישן קאָנפליקט מיט אַ זיג פון דעם חלק העליון, פון די עטיש־הומאַניטאַרע און מאָראַלישע עלע־מענטן אין דער נשמה פון מענטשן...

דאָס איז די דיאַלעקטיק פון געוויסן, וואָס האָט נישט די קראַפט צו אַנולירן די מעכטיקע שטראָמען פון אינסטינקטיווע און סאָציאַלע טענדענצן, אָבער וואָס האָט יאָ די רעלאַטיווע פרייַהייט צו ענדערן זייער ריכטונג און זיך נישט לאָזן בלינד מיטרייַסן מיט זייער געווירבל.

אָבער אַזאַ דערגרייכונג איז נישט קיין רעזולטאַט פון אויטאָ־מאַטישער עוואָלוציע, נאָר איז אַ קאָמפּליצירטער און דינאַמישער פּראָצעס פון אַ „רעוואָלוציע" אין די אינערלעכע נשמה־וועלטן.

לייַדן מאַכן מענטשלעך דעם מענטשן, זיי עפענען ברייט די טירן פון האַרצן, זיי לאָזן קומען צום וואָרט דעם געוויסן און אַקטיווירן דעם קאָנפליקט פון די פּסיכישע אינסטאַנצן, וואָס סטימולירן די שאַ־פערישע און מאָראַלישע קרעפטן.

אַן ענלעכער פּסיכישער מעכאַניזם רעגירט אויך דעם פּראָצעס פון ליטעראַרישן שאַפן. די גרונד־שטימונג פון קינסטלער איז אַ פּאַ־סיוו־קינדישע בענקשאַפט און אומרו פאַרן אומבאַוווּסטן גורל אין לעבן — דער מוטער־קאָמפּלעקס בייַ שלום אַשן — ס'איז אַן אומבאַ־וווּסטזיניקע טענדענץ, וואָס וואָרצלט אין די ווייַטע קינדער־יאָרן און שפּייַזט זיך מיט די טרוימען, וואָס שלומערן דאָרט ערגעץ אין די באַהעלטענישן פון דער פאַרשטעלונג. קעגן דעם טרעט שאַרף אַרויס דער געוויסן. מיט אַן אויטאָריטעטער שטימע גיסט ער מיט צאָרן אויפן קאָפּ פון זייַן שכן און זאָגט אים, אַז ער האָט מורא פאַר פאַראַנטוואָרטלעכקייט אין לעבן, אַז ער זוכט אין יעדן אַ מוטער וואָס זאָל אים באַשיצן, אַז ער איז ווי אַ קינד וואָס קאָן די ווירק־לעכקייט נישט פאַרטראָגן און אַ זעלבסט־פאַרליבטער טרוימער וואָס אַנטלויפט פון מענטשן...

דער עגאָ ווערט צעפּרעסן פון אַ פיַינלעכן שולד־געפיל און מאָ־ביליזירט אַלע זיַינע קרעפטן אין קאַמף קעגן דעם פאַרניכטנדיקן צאָרן פון זיַין געוויסן. ס׳איז נישט אמת, זאָגט ער זיך, אַז איך בין קינדיש־פּאַסיוו, איך בין גענוג מענלעך און פּעאיק צו ליבן; איך דאַרף נישט קיין מוטערס, איך בין אַליין שאַפער פון אומגעהייערע ווערטן און אין מיַין האַרץ שלאָגן לעבעדיקע קוואַלן פון אָפּפערווי־ליקער ליבשאַפט צו מענטשן...

דאָס איז די היפּאָטעטישע סכעמע פון דעם אומבאַוווּסטזיניקן קאָנפליקט, וואָס שפּילט זיך אָפּ אין דער נשמה פון דער שאַפערי־שער פּערזענלעכקייט. צום באַוווּסטזיַין דערגייט נאָר אַ טיף אָנגע־ווייטיקט געמיט און אַן עקשנותדיקער ווילן צו באַפעסטיקן דעם געפיל פון אומאָפּהענגיקייט און דעם גלויבן אין דער שאַפערישער פּאָטענץ פון דער אייגענער פּערזענלעכקייט, דורך דעם פּראָצעס פון קינסטלערישן שאַפן. דער עגאָ פּאָלגט אוים און איז גובר די שטים פון געוויסן, און מיט דער קראַפט פון זיַין אינטואיציע שטעלט פאַר דער מחבר די פּערסאָנאַזשן, וואָס פאַרווירקלעכן זיַינע העכסטע אַספּיראַציעס און אידעאַלן. אין זיַינע העלדן פּראָיעקטירט ער זיַין אייגענעם גורל, ווי ער זאָל זאָגן צו זיַין געוויסן: „זעסט, אַזוי וואָלט איך געהאַנדלט!...״ דאָס קינסטלערישע ווערק — ווי דער הערויאי־שער אַקט, וואָס דערהייבט די זעלבסט־חשיבות פון מענטשן — איז אַ פאַרטיידיקונגס־מיטל קעגן די פאַרוואָרפן פון געוויסן און שאַפט אַ פאַרברידערונג צווישן די צוויי אינסטאַנצן. די קונסט מאַכט שלום צווישן שעפער און זיַינע אינערלעכע טענדענצן, גיט פרידן דעם געמיט און עס קומט דער גיַיסטיקער גליַיכגעוויכט און די לאַנג־דער־וואַרטע באַרויקונג.

דער שריַיבער וואָס איז טריַי זיַין אינערלעכן באַרוף קאָן דערי־בער זיַין אַני־מאמין נישט פאַרלייקענען און נישט פאַרשוויַיגן: ער מוז בעתן שאַפונגס־פּראָצעס פילן די ברכה פון זיַין געוויסן, וואָס

גיט אים גלויבן אין דער פולווערטיקייט און אמת פון זײַן קינסט־לערישער שליחות אין לעבן. דאָרט ווו אַזאַ גלויבן פעלט, פאַרמאָגט נישט דאָס ווערק דעם רוח־החיים פון עמאָטיווער אָנלאָדונג; מיטן „פּראַקטישן" חוש און מינדערווערטיקע כוונות, — אויף וועלכער דער געוויסן גיט נישט זײַן פולע הסכּמה — שאַפט מען נישט קיין קינסטלערישע ווערטן, און ווי בײַ די נביאי־השקר; האָט זייער וואָרט נישט קיין האַפט און קיין מאָרגן.

דעם אינעווייניקסטן קאָנפליקט, וועלכן דער קינסטלער קאָן ניט לייזן אין רעאַלן לעבן, לייזט ער אין זײַן פאָרשטעלונגס־קראַפט און אין זײַן שאַפן.

אָבער דער אומבאַוווּסטזיניקער שולד־געפיל, די אייביקע אום־צופרידנקייט מיט די אייגענע מעשים און טרוימען, פּראָדוצירן אָן אויפהער נײַעם צינדשטאָף, וואָס רײַסן אויף דעם גײַסטיקן פרידן, און ער מוז ווידער שאַפן...

שלום אַש זוכט די דערהויבענע מחשבה אין מענטשן, דעם געט־לעכן פונק, דעם לײַדנשאַפטלעך־יִידישן דורשט נאָך גײַסטיקער שלי־מות, וואָס שײַנט אויף אין דער נשמה נאָך אַ לאַנגן פּראָצעס פון לײַדן און לײַטערונג. אין די לײַדן פון זײַנע העלדן פאַרקערפּערט ער זײַן פערזענלעכן פּײַן און האָט בײַ אַ געלעגנהײַט געזאָגט, אַז ער „האָט געדאַרפט שווער קעמפן אויף צו פאַרבלײַבן אַ שרײַבער, כדי זיך צו ראַטעווען פון פאַרשטויסן ווערן דורך שונאים און קענער".
דערפאַר נישטערט זײַן בליק אין דער מענטשלעכער טיף און פון אירע אָפּגרונטן ברענגט ער אַרויס אויף דער ליכטיקער שײַן אוים־טערלישע פּערל. מיט דער קראַפט פון זײַן דיכטערישער אינטואיציע דערזעט ער מעשה בראשית אין דעם שטורמישן ברויז פון עמאָ־ציעס — אין דעם קאַמף אויף די צווײ פלאַכן — און פאַרנעמט ווי וועלטן פון זעלטענער גײַסטיקער שיינקייט ווערן אין דער נשמה פון מענטשן באַשאַפן.

אויף זײַן ייִדישן געוויסן רוט דער אָפּגלאַנץ פֿון נביאישן גײַסט, און אין הסכם מיט זײַנע געבאָטן איז דאָס ליטעראַרישע ווערק פֿון שלום אַש טרײַ די סאָציאַל-עטישע פּרינציפּן פֿון דער טראַדיציאָנעל ייִדישער קולטור, וואָס האָט פּאָרמירט זײַן פּערזענלעכקייט און געשפּײַזט זײַן ליטעראַרישן שאַפֿן. פֿון מאָראַלישע פֿאָדערונגען צו זיך גייט ער מיט מאָנונג צו דער וועלט און פּירט פֿון אינדיווידועלן מסירת נפֿש צו קאָלעקטיוון קידוש השם, און פֿון מענטשלעכן צום אוניווערסאַלן און אייביקן. דאָס איז זײַן וועג אין דער ייִדישער ליטעראַטור, וואָס האָט זײַן הויכפּונקט אין דער וויזיע פֿון אַל-מענטשלעכער פֿאַרברידערונג און דערלייזונג.

## דער „קולט פֿון מעשים"

„ווען איך וועל קומען אויף יענער וועלט — האָט אין דער זעלבער רעדע געזאָגט שלום אַש — און ווען מען וועט מיך פֿרעגן, וואָס האָב איך געטאָן מיט מײַן לעבן? וועל איך ענטפֿערן: איך האָב דערפֿילט די שליחות, וואָס מען האָט מיר געגעבן פֿון הימל". ס'איז דער נוסח פֿון תנ"ך, וועלכן אַש איז אַזוי טרײַ אין זײַן שאַפֿן, און וואָס איז אין זײַן מויל נישט קיין רעטאָרישע פֿיגור, נאָר אַן אויפֿריכטיק געפֿיל, אַ טיפֿער פּסיכאָלאָגישער אמת, וואָס דריקט אויס דעם אימפּעראַטיוו פֿון זײַן דיכטערישער נאַטור. אַמאָל האָט דער מענטש געגלויבט, אַז די דיכטערישע אינספּיראַציע קומט פֿון אויבן, „פֿון הימל", הײַנט גלויבן מיר אין האָבן געקומען צו דער איבערצײַגונג, אַז די שאַפֿונגס-ענערגיע פֿון מענטשן און זײַן וויזיע פֿון אומבאַוווסטן, שטאַמען פֿון זײַנע אינעווייניקסטע קרעפֿטן, פֿון „אונטן", אָבער אין סוד פֿון דער קינסטלערישער אינטואיציע איז פֿאַרבאָרגן די געהיימע קראַפֿט, וואָס דערהייבט דעם מענטשן אויף די פֿליגלען פֿון גײַסט און פֿאַרבינדט תהום מיט הימל.

הלל הזקן האָט אויסגעדריקט דעם עטישן יסוד פון דער גאַנ־צער תורה אין דער קורצער פאָרמולע: דעלך סני לחברך לא תעביד — דאָס וואָס דו האָסט נישט ליב, זאָלסטו דעם צווייטן נישט טאָן — דאָס איבעריקע איז נישט מער ווי אַ פירוש צו דעם דאָזיקן עיקר־דיקן לעבנס־פּרינציפּ. אָבער לויטן ייִדישן קאָנצעפּט איז נישט גענוג צו גלויבן אין דעם אמת פון דער דאָזיקער פעסטשטעלונג, נאָר מען דאַרף מיט קאָנקרעטע מעשים און מידות טובות עס פאַרווירק־לעכן אינעם טאָג־טעגלעכן לעבן, ווי דאָס האָט געטאָן ר׳ יחיאל דער „תהלים־ייִד״ און ווי דאָס איז געווען די אינערלעכע באַוועג־קראַפט אין לעבן אויך פון אַלע אַנדערע שלום אַשס העלדן.

דאַקעגן אייניקע קריסטלעכע שיטות, און באַזונדערס די פון פּראָטעסטאַנטישן גלויבן, — אויסער טיילווייַז דעם קאַלוויניזם — זייַנען שאַרף און קאַטעגאָריש אַרויסגעטראָטן קעגן ייִדישן „קולט פון מעשים״ און אַרויסגערוקט דעם הויפּט־פּרינציפּ פון גלויבן אין חסד פון אייבערשטן און אין זייַן אַלמעכטיקייט. לוטערס טעאָלאָ־גיע, וואָס איז אַזוי פאַרשפּרייט אין דייַטשלאַנד, האָט נאָך מער אויסגערייניקט דעם גלויבן פון „ייִדישן גייַסט״ מיט דער פעסטשטעלונג, אַז „דער מענטש קאָן נישט דערגרייכן קיין שום גוטס מיט זייַן אייגענער מי און אָנשטרענגונג״, ווייַל אַלץ איז פאַראויס־באַשטימט דורכן ווילן פון גאָט. דער מענטש, הייסט עס, קאָן גאַרנישט מתקן זייַן מיט זייַנע מעשים און די רעליגיע איז אויף אַזאַ מין אופן געבליבן אָפּגעטיילט פון לעבן.

דאָס האָט געהאַט אַ טיפן אייַנפלוס אויף דער אַנטוויקלונג פון דער מערב־קולטור און דער אויטאָריטעט פון גאָט איז נאָכדעם אין אַ גרויסער מאָס איבערגעטראָגן געוואָרן אויף דער אידעע פון שטאַט. דער מענטש איז נישטיק און שוואַך, און דאַרף דעריבער אונטערוואַרפן זייַן ווילן די העכערע אינטערעסן פון דער מלוכה און געהאָרכזאַם אויספילן אירע געבאָטן...

די יִדישע אָנשויאונג, וואָס פאָדערט פון מענטשן אינדיווידוע־לע רעליגיעז־עטישע זעלבסטדיסציפּלין און פאַראַנטוואָרטלעכקייט, האָט אינספּירירט די נביאים אין גײַסט פון אַ העכערער מאָראַלישער אינסטאַנץ, און זיי האָבן מיט לײַדנשאַפטלעכן אייפער, און פיל מאָל מיט מסירת נפש, באַקעמפט דעם אומרעכט פון הערשער, ווײַל קיין שום באַפעל, „פון אויבן" באַפרײַט נישט דעם מענטשן פון דער פּערזענלעכער אחריות צו דערפילן דעם דיקטאַט פון זײַן מאָראַלישן געוויסן.

„אָבער אײַער בלוט, פון אײַערע נפשות, וועל איך אויפמאָנען; פון דער האַנט פון איטלעכער חיה וועל איך עס אויפמאָנען, און פון דער האַנט פון אַ מענטשן... וואָרום אין דער געשטאַלט פון גאָט האָב איך באַשאַפן דעם מענטשן". דאָס מענטשלעכע לעבן איז הייליק, און אַפילו חיות זײַנען פאַראַנטוואָרטלעך און ווערן באַשטראָפט פאַר פאַרגיסן מענטשלעך בלוט.

דער ליטעראַרישער נוסח פון שלום אַש און די טעמאַטיק פון זײַנע ווערק, דער כאַראַקטער פון זײַנע העלדן און דער לייטמאָטיוו פון זײַן אידעאישער אָנשויאונג — די „שליחות" וועלכע ער וויל האָבן — און דער טיפער גלויבן אין מענטשן מיט זײַן גאַנצן אופן פון דענקען און ברענגען צום קינסטלערישן אויסדרוק זײַנע אידעען און געשטאַלטן, זײַנען אינספּירירט אין גײַסט פון די עטישע יִדישע געבאָטן. ער האָט געאָטעמט מיט דער לופט פון תנ"ך און געלעבט מיט דער וויזיע פון די נביאים ניט נאָר ווי אַ טרײַער יִיד, נאָר ווי דער העכסטער פאָרשטייער אין זײַן דור פון אונדזערע קינסטלערי־שע און גײַסטיקע ווערטן. ער האָט זײַן הויכע פּאָעטישע אינספּיראַ־ציע פאַרבונדן מיטן מהות פון דעם יִדיש־עטישן געדאַנק, און אַט דעם בונד און דעם „קולט פון מעשים" האָט ער געדינט קינסטלעריש טרײַ זײַן גאַנץ לעבן און מיטן גאַנצן האַרצן.

# די מיסיע פון דער ייִדישער ליטעראַטור

דער אינעווייניקסטער קאַמף פון אַשס העלדן — און אַלע זיינע העלדן זיינען איבערפולט מיט דינאַמישן עקספּלאָזיע־שטאָף, וואָס זאָגט עדות אויף אַן אינטענסיוון און רייכן עמאָטיוון לעבן — איז אַ ריין ייִדישער קאַמף לשמה, אין וועלכן עס ווערן אויסגעשפּילט מאָ־ראַלע און עטישע ווערטן.

די פּאַרשוינען מיט אַ מער סטאַטישער פּסיכיק זיינען נישט מער ווי די זייטיקע דעקאָראַטיווע פיגורן, זיינע עיקרדיקע ליטעראַרישע טיפּן זיינען אָנגעלאָדן מיט אינערלעכן אומרו און טראָגן אין האַרצן אַ געטלעכן פונק, וואָס צינדט אָן אַלע גייסטיקע קרעפטן אין דער אומקאָמפּראָמיסלאָזער שטרעבונג צו מאָראַלישער דערהייבונג. מיטן כּוח פון אַן איבערמענטשלעכן ווילן זיינען זיי גובר די קרעפטן פון דער נאַטור, די איינגעבוירענע און איינגעווױנטע נטיות, די פּסיכישע און סאָציאַלע טענדענצן, וואָס דעטערמינירן דעם מענטשלעכן גורל, און שאַפן־איבער אין די פייערן פון פיין זייער אייגענעם וועזן — און עס ווערן נייע מענטשן געבוירן. ס׳איז אַ פּראָצעס פון יצירה און לייטערונג, דער מענטש ווערט אַ שותּף צום בורא, ער דערפילט דעם געבאָט פון ייִדישער בחירה, וויילט אויס זיין וועג אין לעבן און באַשטימט זיין אייגענעם גורל.

שלום אַש קוקט און זעט אין אַלע דימענסיעס און דער אומענד־לעכער שטח פון זיין שאַפונגס־פעלד איז אַזוי גרויס און צעשפּרייט ווי דאָס ייִדישע לעבן, אויף אַלע קאָנטינענטן און דורך אַלע היס־טאָרישע צייטן; אָבער אין זיין ליטעראַרישער עקספּאַנסיע האָט זיין שאַפערישע פאַנטאַזיע איין אַטראַקציע־פּונקט, איין מאַגנעטישן פּאָלוס, צו וועלכן עס ציט זיין לאַנגער און פּיליאָריקער וועג אין דער ייִדישער ליטעראַטור, און דאָס איז דער הומאַניסטישער געדאַנק

פון עטישער שלימות און אוניווערסאַלער פאַרברידערונג, וואָס וואָרצלט אין דער וויזיע פון די נביאים און אין דער יִדישער וועלט־אַנשויאונג.

די בכורה אויף דער דאָזיקער גײַסטיקער ירושה קאָנען מיר קיי־נעם נישט אָוועקגעבן, זי זינגט אין בלוט פון פאָלק, וואָס האָט זי מיט פּײַן דורך דורות אויסגעטראָגן און געגאַנגען פאַר איר אויף קידוש השם. דער גורל פון פאָלק איז ענג פאַרבונדן מיטן גורל פון זײַן גײַסטיקער ירושה, און ס'איז אַ הייליקער חוב צו קולטיווירן אירע ווערטן און ווי דער נביא זאָגט, אירע אמתן אויפשרײַבן „אויפן הארצן" פון מענטשן, ביז — „עס וועט זײַן אין סוף פון די טעג, וועלן אַלע פעלקער שטראָמען צום באַרג פון גאָטס הויז... און זיי וועלן שמידן זייערע שווערדן אויף אַקעראײַזנס..."

ביז די דאָזיקע נביאישע וויזיע וועט נישט ווערן קיין „קולט פון מעשים", וועלכן יעדעס פאָלק זאָל דינען באמונה שלימה און עס פאַרווירקלעכן אין זײַן לעבן, דאַרף דער יִדישער געדאַנק וועקן דעם געוויסן פון דער וועלט און עס אַן אויפהער מאָנען מיטן גאַנצן לײַ־דנשאַפטלעכן ברען פון זײַן הארצן. עס איז אַן אויפגאַבע פון דער יִדישער ליטעראַטור, אין קינסטלערישע בילדער ממשיך צו זײַן די טראַדיציע פון דער נבואה, באַקענען די ברייטע וועלט מיט די עטישע יִדישע ווערטן, און מיט זייער קאָנקרעטער פאַרווירקלעכונג דורך „מצוות מעשיות" אין יִדישן לעבן און אין יִדישן מענטשן.

שלום אַש האָט עס געטאָן אין אַלע זײַנע ווערק, אָנהייבנדיק פון די יוגנט־פּרוּוון ביז די פון רײַפן עלטער. ער האָט דורך דער יִדישער ליטעראַטור אַרײַנגעפירט אין באַוווּסטזײַן פון דער וועלט קינסטלערישע געשטאַלטן און דערשײַנונגען פון אויסטערלישער גײַסטיקער שיינקייט, מעשה נסים, וואָס האָבן אַראָפּגעשײַנט נישט פון הימל, נאָר וואָס האָבן אַרויסגעשלאָגן פון די טיפסטע קוואַלן פון פאָלק און פון די פאַרבאָרגענישן פון יִדישן הארצן.

ש. אַשס שליחות אין דער ייִד. ליטעראַטור

# די טראַדיציע פון דער נבואה
# אין קינסטלערישע געשטאַלטן

זײַן אומצייליקע גאַלעריע טיפּן, וואָס הייבט זיך אָן מיט דער פּאַטריאַרכאַלער פיגור פון ר' שלמה נגיד און גרייכט צו דער מאַ־יעסטעטישער געשטאַלט פון אַ משה, זוכט צו באַשיידן פאַר דער וועלט די מיסטעריע פון דער ייִדישער פאָלקס־נשמה, וואָס האָט פון זיך נביאים אַרויסגעגעבן און גלויבנס געשאַפן, און שטרעבט צו אַנטפּלעקן אין איר די הייליקע פונקען, וואָס האַלטן אונטער דעם אייביקן פײַער פון אירע שאַפערישע קרעפטן.

מיטן כוח פון זײַן דיכטערישער וויזיע און מיטן געפיל פון אהבת ישראל, האָט ער פון צווישן די טיפסטע שיכטן פון פאָלק אַרויסגענומען געשטאַלטן, וואָס וועלן זיך אײַנקריצן אין דער געדעכעניש פון דורות מיט זייער גײַסטיקער גבורה, מיט זייער לײַדנשאַפטלעכער ליבע צו מענטשן, מיט זייער העראָישן אַנטשיידן דעם אייגענעם גורל אין הסכם מיט די דיקטאַטן פון זייער עטישער נאַטור און מאָראַלישן געוויסן.

שלום אַש האָט די ייִדישע מידות טובות, די גײַסטיקייט פון ייִדישן אופן פון דענקען און די אייגנאַרטיקייט פון דער ייִדישער פּערזענלעכקייט, פאַרקערפּערט אין די לעבעדיקע געשטאַלטן פון זײַנע ווערק און פאַרוואַנדלט דעם גײַסטיקן יחוס פון פאָלק און זײַן העראָאישע געשיכטע אין אַן אויסגאַנגפּונקט און ענדציל פון זײַן קינסטלערישן וועג אין דער ייִדישער ליטעראַטור.

כרחם אב על בנים, וואָס איז אַזוי כאַראַקטעריסטיש פאַרן ייִדישן געפיל, וואָס איז גרייט אויף די גרעסטע קרבנות פאַר קינ־דער, האָט שלום אַש דערהייבן צו אַ גרונד־שטימונג אין דער נשמה פון זײַנע העלדן און אָפטמאָל אין אַ צענטראַלער אַקס, אַרום וועל־כער עס באַוועגט זיך די אַקציע פון זײַנע ווערק. די סצענעס פון

פּאָטער־ליבע זײַנען פון די רירנדיקסטע אין זײַנע שילדערונגען, און צייכענען זיך אויס מיט אַזאַ טיפער און אויפריכטיקער עמאָציאָנע־לער איבערלעבונג, וואָס איז גאָר זעלטן אין דער וועלט־ליטעראַטור.

אָבער די שענסטע מתנות פון זײַן טאַלאַנט און די וואַרעמסטע געפילן פון הארצן, האָט שלום אַש אָוועקגעשענקט דער יידישער מו־טער־געשטאַלט. ער האָט די באַצויבערנדיקע מוטער־וויזיע דער־הייבן צו אַ סימבאָל פון אַ וועלט־מוטער, וואָס טראָגט, ווי די מו־טער רחל, טרייסט און ליבשאַפט פאַר די אַלע, וואָס בענקען און לײַדן. די פרוי הורוויץ, פון דער טרילאָגיע „פאַרן מבול", איז ווי אַ מין פּראָטאָטיפּ פון אַ מאַמען, אַ טיף־באַשיידענע און דאָך מאַיעסטעטישע פיגור, ווי אַן עדות פון דעם לויטערן פאָלקס־גײַסט, וואָס קאָן אַרויסגעבן פון זיך אַזעלכע געשטאַלטן פול מיט יידישער צניעות, מוטערלעכער זאָרג און גרענעצלאָזער ליבע, גרייט מיט איר מאַמע־מילך צו שפּײַזן אַלע קינדער פון דער וועלט...

שלום אַש האָט אַרויסגעבראַכט אויף דער ליכטיקער שײַן די פאַרבאָרגנסטע אוצרות פון יידישן גײַסט, וואָס לעבן דאָרט ערגעץ אין די טיפענישן פון דער נשמה, פון אייגענע גאַנץ אָפט נישט באַ־מערקט און פון פרעמדע נישט פאַרשטאַנען. אָט איז אַ פּשוטער ייִד, אַ ישובניק, ער זיצט פאַרוואָרפן צווישן קאַזאַקן אין ווײַטן סטעפּ. נישט קיין למדן, קוים אַ פּרשה חומש געלערנט. ער איז אָבער אַרײַנגעוואַקסן ווי אַ דעמב אינעם באָדן, איז פּרנס פון ישוב און זאָרגט ווי אַ טאַטע פאַר זײַן קהילה. יאָרנלאַנג, אַז ער וויל בויען אַ שיל צום דאַוונען, אָבער דער פּריץ האָט עס שטרענג פאַרבאָטן. קומט פאַר אַ באַל אינעם פּאַלאַץ און דער כראַביע וויל משמח זײַן זײַנע געסט און הייסט טאַנצן „אַ בער" דעם ייִדן. טאַנצט ער, דער ייִד. די פּריצים קייכן פאַר געלעכטער און דער ייִד זאָגט פאַר זיך קאַפּיטלעך תהילים...

ער טאַנצט, דער טולטשינער פּרנס, די לאַנגע פּאָלעס פאַררוסן,

מיט באָרד און פּיאות, אָבער נישט פון פּרנסה וועגן, און אַפילו ניט פאַר מורא! ער טאַנצט פאַר דער שיל, וועלכע דער פּריץ האָט אים צוגעזאָגט פאַרן „בער" צו לאָזן בויען... איז וואָס גייט אים אָן דאָס געלעכטער פון די פּריצים, ער איז זיי מבטל כעפרא דארעא, ער טראָגט אין הארצן זײַן אייגענעם יחוס־געפיל, זײַן גײַסטיקע זעלבסט־חשיבות, וואָס שטיצט זיך אויף דער קדושה פון זײַן תורה און אויף דער אמונה אין אחדות הבורא. פאַרקערט, וואָס טי־פער דער שפּאָט, אַלץ גרעסער די מיצווה, שטאָלצער און חשובער דער „איך" אין די אויגן פון זײַן ייִדישן געוויסן.

דאָס געפיל פון ווערדע האָט פאַרשיידענע מדרגות. כאַפּט זיך אַ מענטש צום מעסער קעגן איינעם, וואָס האָט פאַר אים דאָס היטל נישט געצויגן: ער פאַרטיידיקט זײַן כבוד — דאָס איז זעלבסטוווער־דע פון אַ נידעריקער בחינה; אַ צווייטער, איז זיך מקריב פאַר כבוד התורה — דאָס איז זעלבסט־חשיבות און העראָאיזם פון אַ הויכער גײַסטיקער מדרגה. האָט געזאָגט דער נביא: „מײַן רוקן האָב איך אונטערגעשטעלט די שלעגער, און מײַנע באַקן — פאַר די פליקער, מײַן פּנים האָב איך נישט באַהאַלטן פאַר שאַנד און שפּאָט..."

אײַנגעהילט אין אַ קיטל, האָט נאָכדעם דער טולטשינער פּרנס, מיט אַ חלף אין דער האַנט, געפירט זײַן קהילה אין קאַמף קעגן כמעלניצקים פּאָגראָם־באַנדעס. וויפיל גײַסטיקע גבורה איז פאַר־באָרגן אין אַזוינע מעשים, די שכינה רוט אויף אַזעלכע געשטאַלטן! דאָס איז ליטעראַטור וואָס פאַרקערפּערט די עטישע קאָנטינואיטעט פון פאָלק, וואָס ווײַזט דער וועלט אונדזער ריכטיקן מהות, די קראַפט פון זײַן שאַפערישן גײַסט און די ליבע צו העכערע מאָראַלי־שע ווערטן.

און דאָס איז נישט קיין אַפּאָלאָגעטיק און אילוזיע, ס'איז דאָס לעבעדיקע לעבן, ס'איז דער אמת פון דער ייִדישער נשמה, ס'איז היסטאָרישע און פּסיכאָלאָגישע ווירקלעכקייט, קריסטאַליזירט אין

טיגל פון קינסטלערישער אינטואיציע, וועלכע איז ממשיך די קול-טור-טראדיציע פון פאלק צו וועקן דעם געוויסן פון דער וועלט און רופן די פעלקער „צום בארג פון גאטס הויז"...

שלום אש האט געשטאלטיקט א יידישע עסטעטיק, וואס ווארצלט אין עטישן אינסטינקט און וואס שיינט ארויס ווי אן אפ-גלאנץ פון אינערלעכער שלימות און גייסטיקער דערהייבונג. נישט בלויז הארמאניע פון פארמען, נאר דער עיקר — **הארמאניע פון גייסט.** ביי אים וואקסט ארויס די פארמע פון דער אידעע, פון דער עטישער כוונה, אין וועלכער ס'איז פארבארגן א העכערער — אויב נישט דער העכסטער — תכלית: די **קאסמישע הארמאניע פון מענטש, נאטור און וועלט.**

דער עכטער קינסטלער האט א שליחות אין לעבן, ער טראגט אן אידעע אין הארצן, און האט וואס צו זאגן דער וועלט. דער דאזיקער ווילן שלאגט ארויס ווי אן אונטערערדישער קוואל און איז ער טריי צו זיך, און פארנעמט די שטים פון געוויסן, גיסט זיך אן זיין השתפכות-הנפש מיט עלעמענטארער קראפט און עמאציאנעלן פייער, און ער דערגרייכט דעם העכסטן קינסטלערישן אויסדרוק, וואס קומט פון טיפער איבערלעבונג, פון ליבשאפט צו מענטשן, פון אויפריכטיקן גלויבן אין אמת, וואס שטראלט ארויס פון זיין אינטימסטן וועזן.

גאט האט אים געבענטשט — און אפט ווערט די ברכה געפילט ווי א שטראף — מיט א סך טאלאנט, וואס איז אנגעלאדן מיט אהבת ישראל, מיט פאטערלעכער זארג פארן גורל פון יידישן פאלק; ס'איז אן אינערלעכער דראנג פון אומגעצוימטער קראפט, וואס גיסט אן זיין ווארט מיט פאטעטישן אימפעט, — ס'איז דער אימפעראטיוו פון יידישן געוויסן, וואס רופט זיך אפ אין הארצן ווי „א שליחות געגעבן פון הימל"...

# די אידעע פון
# אוניווערסאַלער האַרמאָניע

די עטישע סובסטאַנץ פון דער ייִדישער נשמה, וואָס האָט גע־לייגט אַזאַ אייגנאַרטיקן חותם אויף דער גײַסטיקער קולטור פון פאָלק, האָט געבילדעט דעם שעפערישן קוואַל פון וועלכן עס האָט אַרויסגעשטראָמט די אוניווערסאַלע טענדענץ צו אַלמענטשלעכער האַרמאָניע און פּאַראייניקונג. אין דער ריכטונג שטרעבן די דינאַ־מישע קרעפטן פון דער ייִדישער פּסיכיק, וואָס פירן פון אינדיווידו־עלער צו אוניווערסאַלער האַרמאָניע און פון פרידן אין אייגענעם גײַסט צו אַ פרידן צווישן אַלע מענטשן.

דאָס איז דער נביאישער קאָנצעפּט פון אוניווערס און די נביאים זײַנען געווען די ערשטע, וואָס האָבן ברייט פונאַנדערגעוויקלט די קאָסמישע וויזיע פון פעלקער־פאַרברידערונג און אייביקן שלום, וואָס זאָל אַרומנעמען מענטש און נאַטור: „אַ לייב און אַן אָקס וועלן זײַן צוזאַמען, און אַ קליין קינד וועט זיי אָנפירן...״

אין שלום אַשס קינסטלערישן וועג איז די דאָזיקע אוניווער־סאַלע אידעע דער עמוד האש, וואָס פירט אים איבער די דערשײַ־נונגען פון ייִדישן לעבן און איבער די בלעטער פון דער ייִדישער גע־שיכטע. ער איז קינסטלעריש געבוירן געוואָרן אונטער זײַן פירנדיקן ליכט און לאָזט אים נישט אוים פון אויג אויפן גאַנצן מהלך פון אַלע זײַנע קינסטלערישע ווערק און געשטאַלטן.

זײַן גאַנץ לעבן האָט ער געבויט אַ קינסטלערישן בנין, וואָס זאָל זיך אַרײַנפּאַסן אין דער אוניווערסאַלער ראַם פון זײַן אָנשווי־אונג, וואָס שטרעבט צו דערנעענטערן און פאַרברידערן די ייִדישע און קריסטלעכע וועלט אויפן יסוד פון דעם געמיינזאַמען מקור פון וועלכן זיי שעפּן זייער יניקה: **די קוואַלן פון דער נבואה.**

דאָס איז זײַן אינטימסטער אני מאמין, דער אידעאישער תכלית,

וועלכער איז אויסגעקריסטאַליזירט געוואָרן אין דער נשמה אונטערן אײַנפלוס פון זײַן ייִדישן געוויסן. און דעם גלויבן האָט ער פאַר־טיידיקט מיטן לײַדנשאַפטלעכן ברען פון זײַן טעמפּעראַמענט און מיט דער פולער טיפקייט פון זײַן פּאָעטישער אינספּיראַציע. יעדעס בײַ ווערק וואָס איז דערשינען פון אונטער זײַן פּעדער, איז געווען נאָך אַ קרבן אויפן מזבח פון זײַן קולט פאַר אוניווערסאַלער האַר־מאָניע, וועלכער ער האָט געדינט אַלץ מיט מער התלהבות. ער האָט זײַן קינסטלערישן גורל פאַרבונדן מיט דער נביאישער וויזיע פון „באחרית הימים", וואָס ווײַזט אַ ריכטונג דער וועלט, און פאַרקער־פּערט אונדזער טרייסט און האָפענונג פאַר דער צוקונפט.

פון דער ייִדישער נשמה איז אַרויסגעוואַקסן די אידעע פון אוניווערסאַלער פעלקער־פאַרברידערונג, דער קאָנצעפּט בילדעט דעם יסוד פון ייִדישן אַרט דענקען און דעם ענדציל פון ייִדישן בטחון, ס'איז די לעבנס־פילאָזאָפיע פון אַ פאָלק, וואָס וואַרעמט אין זײַן האַרצן די האָפענונג און דעם גלויבן אין סאָציאַלן יושר און אינטער־נאַציאָנאַלן פרידן. שלום אַש האָט די טענדענץ פאַרקערפּערט אין זײַן ליטעראַרישן לעבנס־ווערק, ווי אַן אויסדרוק פון דער דערלייזנ־דיקער קראַפט פון ייִדישן גײַסט, וואָס ווירקט צווישן פעלקער ווי אַ פאַקטאָר פון שלום און אייניקונג.

דער גאָט פון תנ"ך איז אַ גאָט פון די שוואַכע, ער איז פול מיט גרענעצלאָזער באַרעמהאַרציקייט און פאָטערלעכער זאָרג פאַר די אלמנות און יתומים, פאַר די באַוועלהטע פון דער נאַטור און פון מענטשן, פאַר די קראַנקע, פאַרמידע און אָרעמע וואָס ווײנען אין די טויערן פון ישראל: „דײַן ווײַנגאָרטן זאָלסטו נישט אַרומקלײַבן ריין, פאַרן אָרעמען און פאַרן פרעמדן זאָלסטו עס איבערלאָזן... זאָלסט נישט שעלטן אַ טויבן, פאַר אַ בלינדן זאָלסטו נישט לייגן קיין שטרויכלונג... אַז דײַן ברודער וועט זיך פאַרקויפן צו דיר פאַר אַ קנעכט, זאָל ער דיר דינען זעקס יאָר און אויפן זיבעטן זאָלסטו אים

אַרויסלאָזן פֿרײַ פֿון דיר... און זאָלסט אים נישט אַרויסלאָזן מיט ליידיקן... זאָלסט געדענקען, אַז אַ קנעכט ביסטו געווען אין לאַנד מצרים״... און אויב אַפֿילו דער גאָט פֿון ישראל איז „אַ צערנדיקער גאָט, ער וועט נישט פֿאַרגעבן אײַער פֿאַרברעכן און אײַערע זינד״ (יהושוע כ״ד) איז עס פֿאַר נישט אויספֿאָלגן זײַנע געבאָטן פֿון ליבשאַפֿט און באַרעמהאַרציקייט.

די קליינע ייִדישע מלוכה, וועלכע איז געווען אײַנגעשלאָסן אין קלעם פֿון גרויסע אימפּעריעס, האָט געשאַפֿן אַ גרויסע עטישע קולטור, וואָס בילדעט הײַנט אַן אָרגאַנישן טייל פֿון דער מערב-ציוויליזאַציע. נישט מיט דער שווערד האָט דאָס פֿאָלק זיך דעראַבערט זײַן גײַסטיקן פֿאַרמעגן און נישט מיט פֿיזישן כּוח האָט עס זײַן גלויבן אימפּאָנירט אויף אַלע אַנדערע. די קליינע גריכישע פֿעלקער, די געאָגראַפֿישע פּאָזיציע פֿון וועלכע האָט געצוימט זייער שטרעבונג צו פֿיזישער עקספּאַנסיע, האָבן געלייגט דעם יסוד פֿון די וויסנשאַפֿטן און קונסט.

אין אַן אַטמאָספֿער פֿון אַ באַגרענעצטער טעריטאָריע, אַן מעגלעכקייטן פֿאַר עקספּאַנסיע אין דער ברייט, אַן אויסערלעכע אָביעקטן פֿאַר אַגרעסיווער אויסלאָדונג, איז די ריכטונג פֿון פּסיכישן דינאַמיזם אַ ווערטיקאַלע, וואָס פֿירט אין דער טיף און אין דער הייך, און שאַפֿט אין דער נשמה אַ פּראָצעס פֿון אינטענסיוון גײַסטיקן לעבן, וואָס דערוועקט די אינטואיטיווע קרעפֿטן און פֿאַרטראָגט די פֿאַנטאַזיע אין די גרענעצלאָזע הימלען פֿון אַ פֿרײַער און גליקלעכער צוקונפֿט. דער באַגער צו גאולה גיט פֿליגלען דעם גײַסט און דערוועקט אַ דורשט צו וויסן און אַבסאָלוטער גערעכטיקייט.

געווענדעט דעם בליק צו זיך, פֿאַרנעמט דער מענטש די שטים פֿון זײַן אייגענעם מאָראַלישן געוויסן, און לאָזט ער זיך אויף די פֿליגלען פֿון זײַן פֿאָרשטעלונגס-קראַפֿט, הייבט ער זיך אויף איבער

די האָריזאָנטן פון זײַן צײַט און חלומט לײַדנשאַפטלעך פון א „מלכות שדי", פון אַן אידעאַלער מענטשלעכער אָרדענונג, וואָס וועט ברייט עפענען די הערצער פון מענטשן, און פרײַ מאַכן די וועלט פון אינערלעכע צוימען און אויסערלעכע גרענעצן...

פעלקער מיט אַן עקספּאַנסיווער קראַפט אין שטח מיט א פרײַער האָריזאָנטאַלער טענדענץ פון פּסיכישער אויסלאַדונג, שאַפן זיך נישט קיין אינערלעכע פּראָבלעמען פון עטיש-מאָראַלישער אָר־דענונג. זעלבסטבאַפרידיקונג און זאַטקייט האָקן אונטער די פליגל פון טרוים, און דער באַוווסטזײַן פון אייגענער קראַפט שאַפט א קאָנסערוואַטיוו-ראַציאָנעלן דראַנג אײַנצוהאַלטן און באַפעסטיקן די מאַכט-דערגרייכונגען, וואָס פירט צו גײַסטיקער טעמפּטקייט און מאָראַלישער ירידה. רוים, וואָס האָט געהאַט די אויפגאַבע צו באַ־הערשן און רעגירן פעלקער, האָט אין פאַרלויף פון איר לאַנגן בלי־אונגס-פּעריאָד אין דער געשיכטע — אויסער די הויפּט-פּרינציפּן פון רעכט — נישט איבערגעלאָזן דער וועלט קיין צושטײַער פון דויערנ־דיקע גײַסטיקע ווערטן.

## די וועלט קען האָבן אַ קיום נאָר „מיטן כוח פון שוואַכן..."

**„די וועלט וועט האָבן אַ קיום נישט מיטן כוח פון שטאַרקן, נאָר מיטן כוח פון שוואַכן"**, האָט אין אַ נביאישן טאָן געזאָגט שלום אַש דורכן מויל פון איינעם פון זײַנע העלדן. דער שטאַרקער קאָן שאַפן מער טעכנישע קולטור ווי מאָראַלישע ווערטן, און וואָס מער ער וועט באַהערשן די כוחות פון דער נאַטור, אַלץ שוואַכער קאָן זײַן זײַן קאָנטראָל איבער די אייגענע אַגרעסיווע קרעפטן. די הינ־טערשטעליקייט פון מאָראַלישן פּראָגרעס לגבי דעם טעכנישן — שטעלט הײַנט די וועלט אויפן ראַנד פון אַ מוראדיקן אָפּגרונט...

דער נביאישער געדאַנק, וואָס איז פּאָרויסגעלאָפן דעם גאַנג פון דער געשיכטע אויף טויזנטער יאָרן און די מאָדערנע טעכניק, וואָס האָט די לעצטע צײַט דורכגעמאַכט אַזאַ איבערראשנדיקן קפיצת הדרך, האָבן זיך צוזאַמענגעטראָפן אויף אַ געוויסן היסטאָרישן פונקט, און הײַנט זעט אויס צו זײַן נישט קיין אילוזיע, נאָר אַ רעאַלע מעגלעכקייט, די אידעע פון פעלקער־פאַרברידערונג און די דעראָבערונג פון דער נאַטור — נישט אויף צו שטעלן אין געפאַר די עקזיסטענץ פון דער וועלט, נאָר אויף צו זיכערן דעם פרידן און וווילשטאַנד פון מענטשן.

די גרויסע סאָציאַלע אוטאָפּיע פון „איבערשמידן די שווערדן אין אַקעראײַזנס״, וועלכע איז אויסגעוואָרעמט געוואָרן אין דער ברייט־אַרומנעמענדיקער ליבשאַפט פון יִדישן הארצן, האָט פיל בײַגעטראָגן פאַר דער אַנטוויקלונג פון עטישן געפיל און פון גלויבן אין דעם אייביקן פאָרשריט פון מענטשן. דער דראַענדיקער וווּקס פון דער מאָדערנער מאָרד־טעכניק מאַכט וואָס ווײַטער אַלץ נייטווענדיקער — און גלײַכצײַטיק אויך מעגלעכער — צו פאַרוואַנדלען די אוטאָפּיע אין אַ רעאַלער ווירקלעכקייט, וואָס זאָל לייזן די אַנגעווייטיקטע פּראָבלעם פון אחדות צווישן פעלקער און פאַרווירקלעכן די אַלמענטשלעכע שטרעבונג פון אַלגעמיינעם פרידן.

די דאָזיקע וועלט־דערלייזנדיקע „מיסיע״ איז דאָס וואָפן פון די „שוואַכע״, וואָס זוכן אַ שטיצפּונקט אין דער מאָראַלישער ברייט־האַרציקייט פון מענטשן און וואָס וואַרעמען אין די אייגענע הערצער אַ ברידערלעכע ליבשאַפט צו מענטשן. אויב ס׳איז נאָך באַשערט אַ פרידלעכער קיום דער וועלט, וועט ער זײַן נישט מיטן כוח פון שטאַרקן, נאָר מיט דער גײַסטיקער גבורה פון שוואַכן...

דער מענטש קאָן געפינען זײַן גליק און די פולע פאַרווירקלעכונג פון זײַנע מעגלעכקייטן, נאָר אין אַ סאָלידאַרישער פאַרבינדונג מיט מענטשן און נישט אין קאַמף קעגן זיי. דאָס איז דער אידעאַ־

שער מהות פון שלום אַשם קינסטלערישער שאַפונג. די ליבשאַפט פון מענטשן איז אַ קראַפט, וואָס איז פאַרבאָרגן אין דער מענטש־לעכער נאַטור, וואָס שטראַלט אַרוים פון איר, און דורך וועלכער ער פאַרבינדט זיך מיט דער וועלט און פאַרוואָרצלט זײַן לעבן אין איר פרוכטבאַרן באָדן.

דער „כוח פון שוואַכן" איז דער כוח פון ליבע, וואָס ברעכט דורך די וואַנט צווישן מענטש און מענטשן, צווישן פאָלק און פאָלק און שטעלט איַין דעם אינערלעכן און אויסערלעכן פרידן, דעם טיף־אוניווערסאַלן און הייליקן אַלטרואיזם, וואָס איז אויסגעדריקט מיט אַזאַ מאַיעסטעטישער קראַפט אין דעם קורצן ביבלישן שפּרוך „האָב ליב דעם צווייטן ווי זיך אַליין".

ליבע איז אַן אויסדרוק פון פסיכישער שפע, פון פיזישן און גײַסטיקן געזונט־איבערפלוס, וואָס לאָזט דעם מענטשן צו באַטיילן אַנדערע מיטן גליק פון זײַן אייגענעם פאַרמעגן. אין דער ליבע ווערט באַפעסטיקט די גאַנצקייט און אומאָפּהענגיקייט פון דער פּערזענ־לעכקייט, ווײַל יעדער איינער דערפילט די ראָלע, וואָס די נאַטור האָט פאַר אים באַשטימט, און לאָזט יעדן צו זײַן דאָס, צו וואָס ער איז באַרופן. דאָס זעלבע איז אין דער אַלטרואיסטישער ליבשאַפט צו מענטשן, וואָס קאָן נישט האָבן קיין אַנדער יסוד ווי נאָר דעם קעגנזײַטיקן רעספּעקט פאַר דער אינדיווידואַליטעט און אייגנאַרטי־קייט פון דער מענטשלעכער פּערזענלעכקייט אין איר ברייט־אַרומ־נעמענדיקער היסטאָרישער פאַרוואָרצלונג.

דער מענטש איז דער אומבאַהאָלפנסטער צווישן די לעבעדיקע באַשעפענישן, אָבער די ביאָלאָגישע שוואַכקייט בילדעט דעם יסוד פון זײַן מאַכט און איז געוועזן די שטויסקראַפט, וואָס האָט אים גע־צוווּנגען אַנצוּוועגדן און אַנטוויקלען זײַנע ספּעציפיש־מענטשלעכע — גײַסטיקע — אייגנשאַפטן. די דאָזיקע שוואַכקייט וועט אויך זי־כערן זײַן ווײַטערדיקן קיום, אָבער נישט ביד חזקה פון וואָפן וועט אײַנגעשטעלט ווערן אַן אוניווערסאַלע האַרמאָניע, נאָר בקול דממה

דקה פון גײַסט, מיט דער „שוואַכקייט" פון האַרצן, מיט דער צאַרט־קייט פון געפילן און מיט דער קינדיש־תמימותדיקער ליבשאַפט און צוטרוי צום מענטשן.

**אין דער נבואה און אין דער ייִדישער פאָלקס־פאַרשטעלונג גייט ענג געפּאָרט די אידעע פון אַלמענטשלעכער פאַרברידערונג מיט דער נאַציאָנאַלער באַפרײַאונגס־האָפענונג.**

אַזאַ אידעאישע אײַנשטעלונג בײַ שלום אַשן וואָרצלט אין זײַן עמאָציאָנעלן באַדן, אין דער אינטימער פאַרבינדונג מיט דעם מוטער אימאַזש, וואָס האָט דעצידירט אין דער פאָרמאַציע פון זײַן פּאַסיוו־פרידלעכן כאַראַקטער, אָן אַגרעסיווע אַטריבוטן, מיט אַן אידילישן געמיט און סובטיל־פעמעניגער פילבאַרקייט, וואָס שטרעבט מיט אַ געפיל פון ברידערלעכער ליבשאַפט פאַראייניקן מענטשן, פעלקער, און וועלטן.

ס'איז אַן אידעאָלאָגיע וואָס שטאַמט אַרויס פון אייגן בלוט, און איז טיף פאַרוואָרצלט אין האַרצן און אין דער קולטור־טראַדיציע פון דורות, וואָס האָט נביאיש פאָראויסגעזען, אַז די וועלט קאָן האָבן אַ קיום נאָר „מיטן כוח פון שוואַכן" — מיטן כוח פון אוניווערסאַלער ליבשאַפט, צוטרוי און טאָלעראַנץ פון מענטש צו מענטש, פון פאָלק צו פאָלק און פון קולטור צו קולטור.

אויב אין דער נאַטור הערשט דאָס געזעץ פון „נאַטירלעכן אָפּ־קלײַב", וואָס באַגינציקט דעם שטאַרקן אויפן חשבון פון שוואַכן, דאַרף דער מענטש קעגן דעם בלינדן גזר פון נאַטור, אַרויסשטעלן זײַן מאָראַליש געזעץ, און ווערן דער שעפער פון זײַן אייגענעם גורל און בויער פון אַ גערעכטער מענטשלעכער וועלט־אָרדענונג. דאָס איז די גרונט־אידעע פון דער נבואה, אונטערן שוץ פון אירע פליגל האָט שלום אַש אויפגעשטעלט זײַנע געצעלטן, און האָט די גלאָריע פון די ייִדישע גײַסטיקע ווערטן פאַרקערפּערט אין זײַנע קינסטלערישע ווערק און ליטעראַרישע געשטאַלטן.

# אַן אַנאַליטישע עקסקורסיע אין
# אַפּאַטאַשוס קינסטלערישער שאַפונג

— א —

די מאָדערנע ליטעראַטור-קריטיק האָט היפּאָליט טען׳ס פּרינ־ציפּ: „ווילסטו דעם דיכטער קענען, דאַרפסטו אין זײַן לאַנד גיין״, פאַרוואַנדלט אין אַ שליסל אויף צום עפענען און אַנטפּלעקן די סודות פון קינסטלערישן שאַפן. אַרויסגייענדיק פון דער דאָזיקער הנחה, אַז יעדעס ווערק איז אַ פּראָדוקט פון געוויסע סאָציאַל-שטײַ־גערישע באַדינגונגען אין וועלכע דער דיכטער האָט זיך אויסגע־לעבט, האָט די ליטעראַטור-קריטיק שטודירט די סביבה און אויפ־מערקזאַם אַנאַליזירט דעם באָדן פון וועלכן ס׳איז אַרויסגעוואַקסן די קינסטלערישע דערשײַנונג, ווײַל „אין דיכטערס לאַנד גיין״ מיינט זען די פּאַנאָראַמע, אויף וועלכער די געשעענישן האָבן זיך אָפּגע־שפּילט און אויסגעפינען די מאָטיוון וואָס האָבן אינספּירירט דעם קינסטלער, די אײַנפלוסן וואָס האָבן אים באַווירקט, און מיט דער הילף פון די דאָזיקע עלעמענטן פאַרשטיין און אָפּשאַצן זײַן ווערק ווי אַן אָרגאַניש וועזן, וואָס איז אַרײַנגעוואָקסן אין צײַט און אין רוים, און וואָס איז אַרומגעוואָקסן מיט סביבה און מיט לעבן.

די לעצטע אַנטדעקונגען פון דער פּסיכאָלאָגישער וויסנשאַפט, האָבן געעפנט נאָך ברייטערע האָריזאָנטן פאַר דער ליטעראַרישער פאָרשונג, און האָבן געגעבן דער ליטעראַטור-קריטיק אַ גאַנצע רײ

נײַע עלעמענטן אין דער אָפּשאַצונג פון קינסטלערישע ווערק, וועלכע זײַנען בלי שום ספק אַ פּראָדוקט פון געוויסע אָביעקטיווע, לאָקאַלע און סאָציאַלע באַדינגונגען; אָבער גלײַכצײַטיק, איז אויך אין יעדער קינסטלערישער שאַפונג פאַרקערפּערט די סוביעקטיווע אייגנאַרטי־קייט פונעם קינסטלער, זײַן פּערזענלעכער טאָן, זײַן אייגענער „איך", וואָס האָט אין זײַן סאָציאַלער פאָרמירונג אויך אַ שטאַרקן צומיש פון גענעטישע ירושה־עלעמענטן, וועלכע שטעקן מיט זייערע וואָרצ־לען אין דורות.

פּונקט ווי אַ לעבעדיק וועזן, וואָס קומט אויף דער ליכטיקער וועלט מיט כאַראַקטער־שטריכן געירשנט פון זײַנע עלטערן; אַזוי טראָגט אויך אויף זיך אַ קינסטלעריש ווערק דעם ירושה־חותם פון זײַן שעפער. ס'איז דעריבער ניט גענוג צו גיין „אין דיכטערס לאַנד", נאָר ס'איז דורכאויס נויטיק אויך אַרײַנצובליקן „אין דיכטערס נשמה" און אויסגעפינען אין איר די אינטימע עלעמענטן, וואָס האָבן אינספּירירט זײַן ווערק און די אייגנאַרטיקע שטריכן, וועלכע ער האָט איבערגעגעבן בירושה זײַן שאַפונג.

די נײַסטע דערגרייכונגען פון דער וויסנשאַפט האָבן געגעבן אַ שליסל אויך צו דער נשמה פון קינסטלער, און די ליטעראַטור־קריטיק האָט באַקומען אַ פּרעציזערן אינסטרומענט אויף צו דערגאַנצן איר אָביעקטיוו־סאָציאַלע באַאָבאַכטונג פון דער אַרומיקער סביבה, אויפן באָדן פון וועלכער עס וואַקסט אַרויס און אַנטוויקלט זיך יעדע קינסטלערישע דערשײַנונג. דער פּסיכאָאַנאַליז, באַזונדערס, האָט גע־וואָרפן אַ ליכטיקע שײַן אינעם שאָטנדיקן לאַבירינט פון די מענטש־לעכע געפילן, און דער דאָזיקער מעטאָד איז זייער פּרוכטיק אין דער אויפקלערונג פון דעם דינאַמישן פּראָצעס פון קינסטלערישער שאַפונג, וואָס פאַרפליכטעט אונדז אָבער נישט אָנצונעמען, אַ פּרי־אָרי, זיגמונד פרוידס אַלע אויספירן.

— ב —

פרויד האָט געלייגט דעם יסוד פון פסיכאָאַנאַליטישער פאָר־שונג פון קונסטווערק און קינסטלער מיט זײַנע מײַסטערהאַפטע שטודיומס וועגן די ווערק פון אייניקע רענעסאַנץ־מײַסטער; זײַנע תלמידים האָבן די אַרבעט פאָרגעזעצט, און הײַנט פאַרמאָגן מיר אַ רײַכע ביבליאָגראַפיע, וואָס דערווײַזט ווי פרוכפּערדיק עס איז דער אַנאַליטישער מעטאָד אין דער אויספאָרשונג און באַלײַכטונג פון קונסט־שאַפונגען, וועלכע זײַנען ביז איצט געווען אײַנגעהילט אין טיפן סוד פון יצירה.

עס איז שוין הײַנט אַן אָנגענומענער כלל, אַז חלום און טרוים שטאַמען פון די זעלבע אונטערבאַוווּסטזיניקע קוואַלן, און קינסט־לערישע שאַפונג, זאָגט ד״ר אָטאָ ראַנק, איז „בילדערישער טרוים, וואָס דריקט אויס די אינטימסטע טענדענצן״. אַ מענטש, וואָס ווערט אַנטוישט, וואָס לײַדט דורכפאַלן אין לעבן, געפינט אַ טיילווײַזע און אילוזאָרישע באַפרידיקונג אין חלומות בײַנאַכט און אין טרוימען בײַטאָג; אָבער „אויב טרוימען זײַנען אַ פּריוואַטער ענין — ווי עס זאָגט ד״ר האַנס זאַקס — זײַנען קונסטווערק שאַפונגען פון גרוי־סער סאָציאַלער באַדײַטונג״.

אין זײַן ביאָגראַפיע פון פרוידן, זאָגט סטעפאַן צווײַג, אַז די מענטשלעכע פערזענלעכקייט איז געגליכן צו אַן אײַז־באַרג, פון וועלכן בלויז דער שפּיץ שטעקט אַרויס אויף דער אויבערפלאַך, בעת דער גרעסטער טייל איז באַהאַלטן אין ים פון אונטערבאַוווּסטזײַן. אַ גרויסן טייל פון דעם דאָזיקן אונטערבאַוווּסטזײַן האָט דער פּסי־כאָאַנאַליז אַרויסגענומען אויף דער ליכטיקער שײַן און אַנטפּלעקט אין אים די אַזוי גערופענע „עדיפּ״־עלעמענטן, צוזאַמען מיט אַ גאַנ־צער ריי אַנדערע פּסיכישע קאָמפּלעקסן.

עדיפּ איז אַ מיטאָלאָגישער העלד, וואָס האָט אָן זײַן וויסן דער־מאָרדעט זײַן פאָטער און געהייראַט די מוטער, און דעריבער האָט

פרויד מיט דעם דאָזיקן נאָמען באַצייכנט די איינגעבוירענע צוגע־בונדנקייט פון קינד צו דער מוטער, זיין אינסטינקטיווע שטרעבונג צו מאָנאָפּאָליזירן די מוטער־ליבע, וועלכע ער וויל אפילו מיטן פאָטער ניט טיילן. דער דאָזיקער פרימיטיווער אימפּולס — פון אַפעק־טיווער נייגונג צו דער מוטער און ריוואַליטעט אין דער באַציאונג צום פאָטער — וואָס מאַניפעסטירט זיך, נאַטירלעך, אין אַ פאַרקער־טער ריכטונג ביי דער פרוי, לאָזט איבער טיפע שפּורן אין דער נשמה פון מענטשן און גיט אַ ריכטונג זיינע עיקרדיקע כאַראַקטער־טענדענצן.

עס האַנדלט זיך אויף אַזאַ מין אופן וועגן אַ פרימיטיוון און אומ־באַוווּסטזיניקן קאָמפּלעקס, וואָס האָט זיך אויסגעבילדעט אין די פריסטע קינדער־יאָרן און איז געבליבן ליגן „פאַרגעסן" און פאַר־טאַיעט אין די פאַרבאָרגנסטע ווינקלען פון דער נשמה, צו וועלכע עס דערלאַנגט ניט דאָס באַוווּסטזיניקע אויג פונעם מענטשן, וועלכער וואָלט מיט שרעק און עקל זיך אָפּגעטרייסלט פון די אינסטינקטיווע באַגערן, וואָס האָבן זיך פאַרמירט אין זיינע קינדערישע יאָרן.

אָבער אין דער מענטשלעכער נשמה ווערט גאָרניט פאַרגעסן, יעדע איבערלעבונג לאָזט איבער טיפע שפּורן, יעדער פאַרלאַנג בלייבט איינגעקריצט דאָרטן; יעדע תאווה לאָזט איבער אומזעבאַרע וואָרצלען, וואָס רייסן אָפּט דורך די מאָראַלישע צוימען, און באַווייזן זיך אין חלומות און טרוימען — און ביים קינסטלער: אין „בילדערי־שע טרוימען" — און דערלאַנגען אויך צומאָל, אין אַן אָפענער אָדער פאַרשטעלטער פאָרם, ביזן באַוווּסטזיין פון מענטשן, וועלכער „דער־מאָנט זיך" פלוצים פון זאַכן, וועלכע ער וואָלט גערן געוואָלט פאַרגעסן...

— ג —

די מאָראַלישע פּרינציפּן פון נאָרמאַלן מענטשן שטייען אויף דער וואַך ביי דער טיר פון זיין באַוווּסטזיין, און לאָזן אַהין ניט

אַרײַן קיין פאַרלאַנגען וואָס זײַנען אים דערווידער; און די וואָס שלאָגן זיך יאָ דורך אַ וועג ווערן דורך דער מאָראַלישער צענזור גע־זיפּט און געריייניקט — סובלימירט, באַנוצנדיק אַ פּסיכאָלאָגישן טערמין — און אָפּהענגיק פון דער קוואַליטעט פון דער דאָזיקער צענזור, קען בײַ איינעם די עדיפּישע שנאה צום פאָטער אין פאַר־לויף פון יאָרן זיך טראַנספאָרמירן, און אין באַוווסטזיניקן לעבן זיך מאַניפעסטירן, ווי אַן אומקאָמפּראָמיסלאָזע קעגנערשאַפט צו יעדער אויטאָריטעט און צו יעדער פליכט, וואָס ווערט אַרויפגעצוווּנגען פון דרויסן; און בײַ אַ צווייטן פאַרקערט, — קען די קינדערישע ריוואַלי־טעט מיטן פאָטער דערוועקן אַ דראַנג אים צו אימיטירן און איבער־שטײַגן אין זײַנע פײַנסטע כאַראַקטער־שטריכן.

און דאָס זעלבע מיט דער עדיפּישער ליבע, וואָס האַלט איינעם זײַן גאַנץ לעבן אין אַ צושטאַנד פון אַ קינד, וואָס זוכט אין יעדער פרוי אַ מוטער, וועלכע זאָל אים ניאַנטשען און באַשיצן — דאָס איז די מערכה פון די שוואַכע נאַטורן; אַ צווייטן, פאַרקערט, גיסט עס אַן מיט מענלעכער גבורה, אָדער שאַפט אַנדערע אומצאָליקע וואַריאַנטן און מעטאַמאָרפאָזעס פון די פּרימיטיווע קינדישע עדיפּ־סענטי־מענטן, וועלכע באַשטימען די עיקרדיקע כאַראַקטער־שטריכן און די וויכטיקסטע טענדענצן אין שפּעטערדיקן לעבן פון מענטשן.

אין איינעם פון זײַנע קליינע מײַסטערווערק דערציילט אַפּאַטאָשו וועגן קיווקע גנב, וואָס האָט נאָכן אָפּזיצן אַ לאַנגן סראָק אין תפיסה, באַשלאָסן זיך אַראָפּצוכאַפּן אין זײַן היימיש שטעטל, און כאָטש זײַן אָנוועזנהייט דאָרט איז ניט פרײַ פון געפאַר, האָט ער ניט געקאָנט בײַקומען דעם נסיון צו פאָרן זען זײַן שיקסל, און דער עיקר — צו שטעלן אַ מצבה אויפן קבר פון זײַן פאַרשטאָרבענער מוטער. אַ צווייטער העלד, פון אַן אַנדער דערציילונג, האָט איבערגעריסן מיט דער היים און אַוועק לתרבות רעה, חתונה געהאַט מיט אַ שיקסע און איז אַליין אויך האַלב־פאַרגויִשט געוואָרן. ווען ס׳ברעכט אָבער

אוים אַ שׂרפה אין קאַמף פון זײַנע עלטערן, שטעלט ער אײַן דאָס לעבן און וואַרפט זיך אין ברענענדיקן הויז צו ראַטעווען די קראַנקע מוטער, און אַליין אײַנגעהילט אין פלאַמען, ווי אַ ברענענדיקער שטורקאַץ, האָט ער זי אַ טויטע אויף די הענט אַרויסגעטראָגן.

אַזאַ באַציאונג צו דער מוטער ציט זיך ווי אַ רויטער פאָדעם דורך אַפּאַטאָשוס ווערק. זײַנע פּרימיטיווע און מגושמדיקע טיפּן, די פּראָסטע אַרבעטס-מענטשן, באַזונדערס, די אַלע האַמעטנע און ערדישע ייִדן, וואָס ברויזן מיט אימפּעט פון רויע אינסטינקטן, און אַפילו די אונטערוועלט-העלדן פון זײַנע פּילצאַליקע ווערק, דערמאָנען מיט אַ הייליקן ציטער דעם נאָמען פון זייער מוטער.

— ד —

לויט די באַגריפן פון פּסיכאָאַנאַליז, ווי ס׳האָבן דאָס פאָרמולירט פרויד און זײַנע תּלמידים, איז די נאָרמאַלע אַנטוויקלונג פון דער מענטשלעכער פּערזענלעכקייט, דער גײַסטיקער גלײַכגעוויכט, געזיכערט נאָר דאַן, ווען דאָס קינד, אין דעם פאַל דאָס ייִנגל, באַווײַזט אין זײַן געהעריקער צײַט בשלום צו לייזן זײַנע עדיפּ-קאָנפליקטן; וואָס מיינט, איבערטראָגן די קינדישע ליבע „פון דער מוטער אויף אַ רעאַלן אָביעקט״, ס׳הייסט, אויף אַן אַנדער פרוי, און גלײַכצײַטיק זיך אויך „איבערבעטן מיטן פאָטער״ און זיך אידענטיפיצירן מיט אים אין דער נאַטירלעכער שטרעבונג אַליין צו זײַן פאָטער און מאַן, און אַזוי אַרום ווערן זעלבסטשטענדיק פּסיכיש און סאָציאַל, זיך אײַנשליסן אָרגאַניש אין רעאַלן לעבן, זיך אַרײַנפּאַסן אין דער ווירקלעכקייט, און האַרמאָניש צוזאַמענלעבן מיט דער אַרומיקער סביבה. די וואָס באַווײַזן נישט צו לייזן דעם עדיפּ-קאָמפּלעקס, און קענען נים באַפרײַען זייער ליבע-געפיל צו איינעם פון די עלטערן, אָדער וואָס פאַרבלײַבן מיט אַ באַהאַלטענער שׂנאה צום צווייטן — זײַ־

נען אומפּאַרמײַדלעכע קרבנות פון אַלע פּסיכישע און אויך גײַסטיקע קראַנקייטן.

אָפּאַטאָשעס באַליבטע העלדן פאַרמאָגן אַן איבערפלוס פון פּסי־כישן און פיזישן געזונט, זיי האָבן זייערע אינערלעכע קאָנפליקטן בשלום געלייזט און ווערן ניט צעריסן פון קיין אינערלעכע פּראָבלע־מען, זיי זײַנען גאַנצע מענטשן, וואָס קעמפן ניט מיט זיך, און האָבן דעריבער געננוג כוח און מוט זיך צו ראַנגלען פאַר זייערע רעכט און קעמפן מיט די אַרומיקע אויסערלעכע באַדינגונגען פון לעבן.

פון זלמן רייזענס לעקסיקאָן נעמען מיר אַרויס די פאָלגנדיקע ביאָגראַפישע דאַטן וועגן יוסף אָפּאַטאָשו:

„...דער פאָטער געווען אַ וואַלד־סוחר פון אַן אַלטער פּויליש־חסידישער פאַמיליע, אַ ייִד אַ למדן און איינער פון די ערשטע משכילים אין פּוילן, געשריבן שירים, אויף דער עלטער זיך אָפּגעגעבן מיט קבלה; געלערנט מיט זײַנע קינדער „מורה נבוכים", „כוזרי", „האמונה הרמה" וכדומה.

„די מוטער געשטאַמט פון דורות וואַלד־ייִדן, געבוירן און אויפ־געצויגן אין וואַלד, געווען פול מיט פּוילישע לעגענדעס..."

דער פאָטער אַ למדן און דיכטער; די מוטער אַ וואַלד־קינד פון דורות, אויסגעהאָדעוועט אויפן שויס פון דער פרײַער נאַטור... קנאַפּע ידיעות, זיי וואַרפן דאָך אַ געוויסע שײַן אויף דער פּערזענ־לעכקייט פון שרײַבער, און העלפן אונדז פאַרשטיין זײַנע ווערק און העלדן. די מוטער־געשטאַלט האָט איבערגעלאָזן אומפאַרגעסלעכע שפּורן אין דער נשמה פון קינסטלער, און איז ווי אַ זונען־שטראַל וואָס באַגלייט אויך מיט אַ צאַרטן בליק די טריט פון זײַנע העלדן, וואַרעמט זיי מיט אַ מוטערלעך געמיט, און דערוועקט אַפילו אין די פאַרגרעבטע נשמות טיפע און צאַרטע געפילן, וואָס דער־הויבט זיי ניט איין מאָל צו דער מדרגה פון מסירת נפש און הע־ראָאיזם.

אויב דער קינסטלער „אַנטלויפט פון דער רעאַלער וועלט״, ווי עס פאַרזיכערט ניטשע, אַנטלויפט אָבער ניט אָפּאַטאָשו פון מענטשן. אדרבא, ער שילדערט יעדן מענטשן מיט דער גרעסטער קינסטלערישער אויפמערקזאַמקייט, דערפאַר זײַנען זײַנע פּערסאָנאַזשן ווי אויסגעהאַקט אין שטיין דורך דער האַנט פון אַ מײַסטער, וואָס גיסט אָן מיט לעבן יעדן מוסקול און וואָס לאָזט ריידן יעדן שטריך פון געזיכט. ער מאָלט זײַנע העלדן אויף אַ רײַכער קאַנווע פון זייער שטייגער־לעבן, אין אַלע ניואַנסן און אַמביענטן, מיט אַ טויזנטפאַרביקער גאַמע פון קאָלירן, אַזוי אין נאַטירלעכן פּייזאַזש ווי אויך אין זייערע סאָציאַל־שטייגערישע זיטן.

אונדזער ליטעראַטור, וואָס האָט זיך צניעותדיק אויסגעהיט צו פאַרשעמען דאָס יִדישע וואָרט מיט תאוות פון מענטשן, וואָס האָט געווײַכט פון אינסטינקטן און פון ניט־ריינע באַגערן; וואָס האָט, דאָס רוב, זיך אינטערעסירט מיטן מענטשן נאָר אויף אַזוי פיל אויף וויפל ער איז געווען אַ טרעגער פון אידעאַלן, וואָס האָט געהאַט מער חוש פאַר נשמה יתירה ווי פאַרן לעבעדיקן לעבן; — אין אונדזער ליטעראַטור, האָט דער הייסער אָטעם פון אָפּאַטאָשום פולבלוטיק וואָרט אַרײַנגעבראַכט אַן אָפּפרישנדיקן שטראָם פון אַ פולן לעבן און פון גאַנצע מענטשן, מיט אַלע זייערע חסרונות און מעלות, מיט זייערע אינסטינקטן און אידעאַלן, מיט זייער זינקען אין שערי טומאה און מיט זייער שטײַגן צו דער פמליא של מעלה.

— ה —

אָפּאַטאָשו איז פאַרליבט אין לעבן און אין געזונטע גאַנצע מענטשן. זײַן אויג פאַרמאָגט ניט קיין געפיל פאַר די ווייכלײַביקע, צאַרטע און פרוכטלאָזע מענטשן; די וואָס פאַרמאָגן נישט קיין לעבנס־לוסט, וואָס זײַנען ראַכיטיש געבוירן, מיט וואַסער אין די

אַדערן, מיט אויסגעלאָשענע לײַדנשאַפטן, אינספּירירן נישט זײַנע שעפערישע קרעפטן.

זײַן קינסטלערישע אויפמערקזאַמקייט איז געווענדעט אויף די, וואָס זײַנען אָנגעלאָדן מיט אימפּעט, מיט טעמפּעראַמענט, מיט פײַער אין בלוט, מיט קראַפט אין די מוסקולן און מיט מוט אין די הערצער.

די העלדן פון „אַ ראָמאַן פון אַ פערד־גנב" זײַנען דורכגעפאַלן אין אַ נאַכטישן איבערפאַל. ליגט גראַדול אַ צעמיימעסטער און כאָרכלט אויס דעם לעצטן אָטעם פון זײַן שטורמיש לעבן. אין צווייטן צימער זיצן צוזאַמענגעבראָכן זײַן חבר זאַנוול און זײַן פרוי ביילקע. זי שלוקערצט הילפסלאָז און אים שטיקט אַ קנויל אין גאָרגל. זייער פּײַן איז אויפריכטיק און מענטשלעך. עס ראַנגלען זיך אין זיי געפילן פון טרייקייט צום חבר און מאַן, און די לאַנג־באַהאַלטענע בענקשאַפט פון איינער צום צווייטן.

אין איין צימער שוועבט דער קאָשמאַר פון טויט און אין צווייטן ראַנגלט זיך פאַרצווייפלט דער ווילן צום לעבן. ווער וועט זיגן? עס זיגט די אומגעצוימטע לײַדנשאַפט, וואָס וואַרפט זיי סטיכיש אין די אָרעמס איינער צום אַנדערן.

ס'איז גרויליק, און דאָך נאַטירלעך בײַ אַזעלכע רויע נאַטורן, וואָס לעבן מער מיטן בלוט ווי מיט קאָפּ און מיט נערוון. אָפּאַטאָשו אידעאַליזירט ניט די דאָזיקע העלדן, ער שטעלט זיי פאָר ווי זיי זײַנען, אָן אַ פוץ און אָן פאַרגענבלאַט אויף זייערע נאַקעטע חיהשע אינסטינקטן.

אָפּאַטאָשו שטעלט פאָר די האַנדלונג ווי זי וואַקסט אַרויס פון די אינסטינקטן, און ווײַזט דעם אינערלעכן קאַמף פון פּרימיטיווע אימפּולסן מיט די העכערע מאָראַלישע קרעפטן. נישט שטענדיק ווערט דער מאַרך פאַרגאָסן מיט טריפנדיקע בלוט, עס טרעפט אויך, אַז עס זיגן די העכערע עלעמענטן. אַ מענטשלעכע נשמה איז נישט אָפּצושאַצן, און אָפּאַטאָשו האָט אַ סך גלויבן אין מענטשן; ווײַל

**דאָרט, ווו דאָס בלוט פּולסירט הייס, ווו דער אימפּעט פון די אינס־טינקטיווע אימפּולסן איז שטאַרק, איז אָפט אויך פּעאיק דאָס האַרץ אויף העלדישע טאַטן.**

אָט באַמערקט אַ ייִדישער הפקר־יונג, — ווי ס'ווערט געשיל־דערט אין איינער פון אָפּאַטאָשוס דערציילונגען, — ווי אַ פּריץ רייצט אָן זײַן הונט אויף אַ ייִדן. עס קומט פאַר אין שטאָט־פּאַרק און ייִדן טראָגן זיך אָפּ פאַרשעמט און צעשראָקן. נאָר דער יונג שטעלט אײַן דאָס לעבן און פאַרמעסט זיך אויפן הונט. מענטש און חיה קוקן זיך אָן מיט פאַרלאָפענע אויגן, און ווען דער הונט האָט אַ שפּרונג געטאָן אויפן מענטשן, האָט ער געכאַפּט אַ זעץ מיטן פוס אין בויך און איז געבליבן ליגן מיט אָפּגעריסענע געדערים. אָבער אַזאַ חוצפּה פון אַ ייִדן האָבן גויים ניט פאַרטראָגן, מען כאַפּט אים, און עס הויבן זיך צענדליקער פויסטן און שטעקנס, ביז מען לאָזט אים ליגן אַ טויטן...

— ז —

דער סעקסועלער דראַנג, זאָגט דר. ווילהעלם שטעקעל, דריקט אויס אין אונטערבאַוווסטזײַן די שטרעבונג צו באַפעסטיקן די איי־גענע פּערזענלעכקייט, סטימולירן דעם אייגענעם „איך" אין זײַן באַ־גער צו אומאָפּהענגיקייט און זעלבשטענדיקייט. אָבער אין קעגנזאַץ צום הונגער־אינסטינקט, וואָס ווערט נישט געשטילט אַזוי לאַנג ס'ווערט ניט אָנגעלאָדן מיט שפּײַז דער מאָגן, איז די סעקסועלע ענערגיע עלאַסטיש, און לאָזט זיך אָפּווענדן פון איר פיזיאָלאָגישן ציל און געריכטעט ווערן אויף די וועגן פון סובלימאַציע, פון דער־הויבונג, צו העכערע גײַסטיקע צוועקן.

מיר באַוווּנדערן די שיינקייט פון אַ רויז און בענטשן די זאַפ־טיקייט פון פרוכט, וואָס שעפּן זייער חיות און פאַרב פון שוואַרצן באַמיסטיקטן באָדן, און וואָס מער פויל־פעטס, אַלץ בעסער, ווײַל

אויסגעאיידלטע מיסטלאָזע ערד האָט ניט קיין קראַפט פאַרן לעבן. אָבער די שוואַרצע ערד־זאַפט, וואָס ווערט איַינגעזאַפּט דורך די וואָרצלען, ווערט לאַנגזאַם פילטרירט און גערייניקט אַפן וועג צום אויבן, צו די שפּיצן. דורך מיקראָסקאָפּישע געפעסן ווערט געטריבן דער זאַפט, און געמישט מיט שטראַלן פון דער זון און געוואַשן מיט די שטאָפן פון דער לופט, ווערט צוגעגרייט דאָס שפּיַיז וואָס צייַ־טיקט די פרוכט, וואָס גיסט אים אָן מיט נעקטאַר, מיט פאַרב און מיט לעבן. אַן ענלעכער פּראָצעס קומט אויך פאָר אינעם פּסיכישן אָרגאַניזם מיט די אינסטינקטיווע עלעמענטן.

די גייַסטרייַכע פערזענלעכקייט פונעם ייִדן דעם למדן, משכיל און דיכטער, וואָס האָט מיט זייַנע קינדער געלערנט דעם כוזרי, מורה נבוכים, וכדומה — ווי עס ווערט געזאָגט וועגן פאָטער פון יוסף אָפּאַטאָשו — האָט געמוזט איבערלאָזן אויף זייַנע קינדער אַ טיפן און אומפאַרגעסלעכן איַינדרוק. די אידענטיפיקאַציע מיט דער ליכ־טיקער געשטאַלט פונעם פאָטער איז אין דעם פאַל אומבאַשטרייַט־באַר, און דער זון ווערט דער יורש און נאָכפאָלגער פון זייַנע גע־באָטן, דער טרעגער פון זייַן נוסח, וואָס שעפּט זייַן ענערגיע אינעם פרימיטיוון דראַנג דעם פאָטער צו אימיטירן און איבערשטייַגן אין זייַנע ווערטפולסטע קרעפטן. ס'איז גענעטישער המשך אין די ראַמען פון פּסיכישן אָרגאַניזם, וואָס קומט ווי אַ רעזולטאַט פון אַ גליקלעכער לייזונג פונעם עדיפּ־קאָמפּלעקס און וואָס פאַרזיכערט אַ פרוכטיקן באָדן פאַר די ירושה־עלעמענטן.

אָפּאַטאָשו האָט איַינגעזאַפּט אין זייַן בלוט די שאַרפע ריחות פון וואַלד און דאָס אוראַלטע קול פון ייִדישער יצירה. דורות וואַלד־מענטשן און דורות ייִדישע למדנים האָבן פאָרמירט זייַן שעפערישע נאַטור; דער סטיכישער ברויז פון נאַטור־קרעפטן און דער אָטעם פון תורה און ייִדישן גייַסט, האָבן האַרמאָניש זיך צוזאַמענגעגאָסן אין אָפּאַטאָשוס קינסטלערישע ווערק. טענער וואָס קומען פון פאַר־

שיידענע קוואַלן און וואָס דערגאַנצן זיך אין אַ וווּנדערבאַרער סים־פּאָניע פון אַ גײַסטרײַכן, שעפערישן און גאַנצן מענטשן. אַ גאַנצער מענטש און אַ פרײַ פולבלוטיק און אַלזײַטיק לעבן, אין הסכם מיט די פאָדערונגען פון דער נאַטור און אין איינקלאַנג מיט די העכערע מאָראַלישע ווערטן — דאָס איז די אידעיִשע ריכטליניע פון אָפּאַ־טאָשום שאַפן.

מיר האָבן שוין אויבן דערמאָנט, אַז אָפּאַטאָשו האָט זײַנע „דעק"־העלדן ניט אידעאַליזירט, אָבער ער האָט זיי זייער גערן געשילדערט, און חוקא אפן סאָציאַלן דעק האָט ער אויסגעפונען אויסטערלישע ווערטן און בײַ פשוטע ייִדישע פאָלקס־מענטשן, בײַ פרימיטיווע נאַטורן, האָט ער אַנטדעקט אַ שלל מיט גײַסטיקער גבורה.

אין איינער פון זײַנע קליינע דערציילונגען שילדערט אָפּאַטאָשו אַ ייִדישן באַלעגאָלע, בײַ וועלכן אין אַן עפּידעמיע־צײַט זײַנען אַלע פערד געפאַלן. איין לאָשעקל איז אים נאָר געבליבן, און דער באַלע־גאָלע היט עס אָפּ ווי אַן אויג אין קאָפּ. ער האָט עס אויסגעכאָוועט, עסן געגעבן, אויף די הענט געטראָגן, איז אים דאָס באַשעפעניש טיף אײַנגעבאַקן אין האַרצן. דורך טעג און נעכט שעפּטשען שטום זײַנע ליפּן: גאָטעניו, זאָלסט מיר מײַן לאָשעקל פאַרהיטן!... אָבער דאָס געבעט האָט נישט געהאָלפן, אין אַ פרימאָרגן האָט דער באַלעגאָלע דערזען די פאַרטרערטע אויגן פון זײַן לאָשעקל און פאַרשטאַנען, אַז די מגיפה האָט עס ניט אויסגעמיטן. האָט ער אויפגעהויבן די אויגן צום הימל און געזאָגט בזה הלשון:

„גאָטעניו, דו ווילסט דאָס לאָשעקל בײַ מיר נעמען... איך, באַלע־גאָלע, וועל דיר עס אַליין געבן פאַר אַ קרבן!..."

און איין זעץ מיטן פויסט צווישן די אויערן האָט דאָס לאָשעקל אוועקגעלייגט אַ טויטן...

עס הייסט, ניט דו נעמסט; נאָר איך גיב!... ניט קיין פּאַסיווע

רעזיגנאַציע, נאָר אַקטיווער פּראָטעסט. ניט פאַרצווייפלטע הכנעה, נאָר טראַגישער שטאָלץ, וואָס מאַכט ניט שלום מיטן גורל, און וואָס וויל אַפילו פאַר גאָט דעם קאָפּ ניט בייגן *).

אין די אָרעמע געגנטן פון „אין ניו־יאָרקער געטאָ", אין „די טענצערן" און אין פיל אַנדערע גרעסערע און קלענערע ווערק, האָט אָפּאַטאָשו אַרויסגעבראַכט, און מיט אַן איבערצייַגנדיקער קראַפט געשילדערט, דאָס אַמעריקאַנער ייִדישע און אַלגעמיינע לעבן. אין דער דינאַמיק פון זייַנע פערסאָנאַזשן איז פאַרקערפּערט דער גייַסט פון אונדזער צייַט. אויף דער ברייטער פּאַנאָראַמע פון דער אַמעריקאַנער וועלט האָט ער מיט לייַדנשאַפטלעכער ליבע געשילדערט דעם מענטש, דעם לייַדנדיקן און קעמפנדיקן מענטשן, וואָס טראָגט אומרו אין זייַן בלוט, וואָס טרוימט, שטרעבט און קעמפט פאַר אַ ווערדיקן און פולן מענטשלעכן לעבן.

די ביילקעס און זאַנוולס פון ניו־יאָרקער געטאָ, וואָס לעבן מיט אימפּעט פון „מאַכן אַמעריקע", אַן טראַדיציע און המשך אין געמיט, אַן מאָראַלישע פּרינציפּן, פאַרהאַלטן ניט לאַנג אָפּאַטאָשעס קינסטלעריש אויפמערקזאַמקייט; ווייַל אָפּאַטאָשו באַנעמט דאָס לעבן ווי אַן עוואָלוציע צו העכערע פאָרמען, ווי אַ שטרעבונג צו דערהויבונג, ווי אַ קאַמף קעגן אומרעכט, ווי אַן אינטעגראַציע און סינטעז פון אינסטינקטיווע און גייַסטיק־אינטעלעקטועלע קרעפטן. דאָס לעבן מוז האָבן אַ טיפערן אינהאַלט, אַ העכערן ציל, און פונקט ווי ער האָט מייַסטערהאַפט געשילדערט די לייַטערונג און דערהייבונג פון די פרי־

*) ס'איז טראַגיק וואָס דערהויבט זיך צו דער מדרגה פון פאַרגעניגן, און וואָס באַנוצט דעם זעלבן פּסיכישן מעכאַניזם ווי דער ייִדישער הומאָר, ווי אין דעם פאַל, למשל, ווען דער פאַרמשפּטער צום טויט זאָגט צום רב, וועלכער באַגלייט אים צו דער תליה אין אַ קאַלטן פרימאָרגן: — און איר, רבי, וועט נאָך מוזן, נעבעך, אין אַזאַ קעלט צוריקגיין... דער „סופּער־איך" — דער העכערער געוויסן — איז מבטל די לייַדן פון „איך" און טראַנספערירט זיי אויף אַ צווייטן, אויפן רב. אין פאַל פון באַלעגאַלע באַפרייַט ער דעם „איך" פון דער טראַגישער סיטואַציע צו זייַן דער קרבן: ניט ער (דער באַלעגאַלע) איז דער קרבן — נאָר ער גיט קרבנות!...

מיטיווע ליַידנשאַפטן אינעם יחיד, האָט ער מיט דער זעלבער קינסט־לערישער קראַפט אויך געמאָלן אויף די ברייטע ליַיוונטן פון זיַין „קלאַסנקאַמף", „קוילנגרעבער", „לינטשעריַי" און אַנדערע, די קאָ־לעקטיווע אימפּולסן פון די גרויסע סאָציאַלע באַוועגונגען, וואָס זיַינען אינספּירירט אין אַ טיפן הומאַניסטישן גיַיסט און וואָס דריקן אוים די שפּירונגען פונעם היַינטציַיטיקן מענטש, און זיַין דראַנג צו אַ העכערער ייִדיש־נאַציאָנאַלער און סאָציאַלער ווירק־לעכקייט.

דער אינערלעכער אינטואיטיווער בליק פונעם קינסטלער, וואָס האָט טיף אַריַינגעדרונגען אין דער ספּערע פון די אונטערבאַוווסט־זיניקע מענטשלעכע קרעפטן, האָט מוטיק זיך דערגרונטעוועט צו די וואָרצלען פון דער מענטשלעכער נשמה, וועלכע שאַפט אין דינאַמישן דראַנג אירע אייגענע העכערע וועלטן; מיט דער זעלבער וויזיע האָט אָפּאַטאָשו אויך אויפגענומען און קינסטלעריש **אַנט־בלויזט די וואָרצלען פון סאָציאַלן לעבן**, און איז געוואָרן אין דער ייִדישער ליטעראַטור דער וואָרטזאָגער פון די שטרעבונגען און אי־דעאַלן פאַר העכערע פאָרמען פון לעבן.

— ח —

די טראַדיציע פון דער ייִדישער קולטור איז אָנגעזאַפּט מיטן גיַיסט פון סאָציאַלער גערעכטיקייט. אונדזערע נביאים זיַינען געווען די העכסטע פאָנען־טרעגער פון יושר און גערעכטיקייט, וואָס האָבן מיט ברענענדיקן גלויבן אונטערגעשטראָכן דעם אידעאַל פון אַ פריד־לעכער און פאַרברידערטער מענטשהיַיט. דאָס האָט אָפּאַטאָשו איַינ־געזאַפּט אין זיַין בלוט צוזאַמען מיט די זאַפטן פון זיַינע פּוילישע וועלדער. און אָפּאַטאָשו איז טריַי געבליבן דעם קינסטלערישן גורל, וואָס איז געחתמעט געוואָרן אין זיַין היימישער סביבה, ביַי דעם

טאַטנס ספרים און ביי דער מאַמעס וואַלד־ייִדן, וועלכע האָבן באַ־איינפלוסט זיינע עיקרדיקע כאַראַקטער־שטריכן, און באַשטימט די הויפּט־טענדענצן פון זיין גייסטרייכער און קרעפטיק־מענלעכער נאַטור.

מיט אַן אָדלער־בליק האָט אָפּאַטאָשו טיף און ברייט אַרומ־גענומען דעם מהות פון מענטשלעכן לעבן, אַזוי ווי עס שפּילט זיך אָפּ אין דער נשמה פון יחיד און פון כלל, פון היינט און פון ווייטן היס־טאָרישן נעכטן. ער האָט דורכאויס געשטרעבט און געפונען אַ האַרמאָניע צווישן בלוט און געדאַנק, אַ צוזאַמענהאַנג צווישן אינ־סטינקט און אידעע, אַ צוזאַמענשפּיל פון אינערלעכע און אויסערלעכע קרעפטן, וואָס גיבן גייסטיקן גלייכגעוויכט, און דעריבער אויך עסטי־שע שלימות דעם מענטשן.

אונדזער פאַרגאַנגענהייט איז רייך מיט עלעמענטן פון העראָ־איזם און מיט גרויסע גייסטיקע העלדן. אָפּאַטאָשו האָט דעריבער גע־ווענדעט זיין בליק צום ווייטן ייִדישן עבר, וואָס איז אָנגעזאַפּט מיט טראַדיציע, מיט גרויסע קאַמפן, מיט העלדישע מעשים, מיט גייסטי־קע דערגרייכונגען, און עס קומען אַרויס פון זיין טאַלאַנטפולער פע־דער „די פּוילישע וועלדער", „אַ טאָג אין רעגנסבורג", „רב עקיבא" און אַנדערע, וואָס מאַניפעסטירן דעם פּרוכטיקן גייסט פון ייִדישער המשכדיקייט דורך אַלע דורות און צייטן, און וואָס דינען ווי אַ ריכטליניע, ווי אַ סטימול און ביישפּיל אינעם גרויען לעבן פון די היינטיקע צייטן.

אין אַן אינטערעסאַנטן אַנאַליז פון וויקטאָר הוגאָס קינסטלערי־שער שאַפונג, זאָגט שאַרל באָדין, אַז „אין מאָמענט ווען דער יחיד דערפילט זיך שטאַרק געדריקט און דערנידעריקט, גרייט אַריינצופאַלן אין הילפלאָזן צווייפל אָן האָפענונג צו געפינען אַ רעטונג מיט דער הילף פון זיינע אייגענע כוחות; אין אַזאַ מאָמענט פון פיינלעכן יאוש, שווימען אין אים אָפט אַרויס נייע קרעפטן, וואָס שטאַמען פון

די ווײַטסטע און פּרימיטיוויסטע געביטן פון זײַן „קאָלעקטיוון" אומ-באַוווּסטזײַן, וועלכער שטעלט מיט זיך פאָר די לאַנג-פאַרשוווּנדענע סיסטעם פון טאָטעמיזם *), וואָס דאָס קינד האָט מיטגעבראַכט מיט זיך בירושה פון זײַנע עלטערן און אור-עלטערן", ווי אַ סימן מובהק פון זײַן גענעטישן יסוד, פון זײַן אָנגעהעריקייט צום שטאַם, צום פאָלק, צו דער ראַסע.

„קאָלעקטיווער" אומבאַוווּסטזײַן און „נאַציאָנאַלער" באַוווּסט-זײַן זײַנען קרובישע באַגריפן, דער לעצטער וואָרצלט אין ערשטן און איז אַ רעזולטאַט פון ייִדישער המשכדיקייט, פון דורות ייִדישן לעבן און ייִדישן שאַפן. פון דעם שטאַנדפּונקט גענומען האָט דער דאָזיקער פּסיכישער פּראָצעס אַ געוואַלדיק פּאָזיטיווע באַדײַטונג אײ-נעם זין פון אויפלעבן די אַלטע היסטאָרישע ווערטן, און אין זיי גע-פינען אַ שטיצפּונקט און אַ טרייסט פאַרן הײַנט, און אַ ריכטליניע פאַר דער צוקונפט. ס'איז „די גאָלדענע קייט" וואָס ציט זיך פון בראשית ביזן אחרית הימים, און קומט צוריק צום פּונקט פון איר אויסגאַנג, בילדנדיק אַן אומקרײַז פון האַרמאָנישער גאַנצקייט, פון ייִדישער המשכדיקייט דורך אַלע דורות און צײַטן.

פּסיכאָלאָגיש איז עס אַ „רעגרעסיווער" פּראָצעס, וואָס לאָזט אין גאַנג דעם מעכאַניזם פון צוריקגאַנג צו די קינדער-יאָרן, און וואָס ווערט באַוועגט דורך דער אונטערבאַוווּסטזיניקער בענקשאַפט צום „שויס פון דער מוטער"; און אין פאַל פון צוריקגאַנג צום „קאָלעק-טיוון אומבאַוווּסטזײַן" איז עס אַ בענקשאַפט צום „שויס פונעם פאָלק", וואָס ווערט באַוועגט דורכן היסטאָרישן זכרון און דורך די ביאָלאָגישע ירושה-עלעמענטן, ווי אַ טענדענץ אויפצולעבן די פּרימי-טיווע גענעטישע קרעפטן, וואָס גיבן דעם יחיד אַן אָנשפּאַר אין דער אידענטיפיקאַציע מיט די אבות פון דער אומה, מיטן גײַסט פון דעם

*) טאָטעם — דער אור-פאָטער פון שבט; די אבות פון שטאַם.

פאָלק, מיט דער אור־קראַפט פון דער ראַסע און אירע לעבנס־קוואַלן, וואָס באַדײַט אין סך־הכל אַ באַפעסטיקונג פון זײַן אינדיווידועלער און נאַציאָנאַלער פּערזענלעכקייט*).

— ט —

אין איינער פון אָפּאַטאָשוס דערציילונגען פאָרט אַ פילם־רעזשיסער מיט זײַן סוויטע זוכן אַ ייִדן, וואָס זאָל אויסזען ווי אַ „פּראָפעט"; זיי דאַרפן, הייסט עס, אַ ייִדן מיט אַ שיינער לאַנגער באָרד און פּאַטריאַרכאַלישן אויסזען. אויף די ניו־יאָרקער גאַסן, און אפילו אין די ייִדישע געגנטן, איז עס שווין הײַנט ניט אַזוי לײַכט צו געפינען. נאָר אָט דערזעען זיי ענדלעך אַן אָרעמען ייִדן, וואָס זיצט מיט אַ ספר'ל אין האַנט, און מיט אַ באָרד ווי זיי דאַרפן האָבן פאַר דער „מואַווי". אויף שטום־לשון און אַ צעבראָכענעם ייִדיש דערקלערן זיי דעם ייִדן וואָס זיי ווילן פון אים; מען וועט אים, זאָגן זיי, גוט באַצאָלן... מיט אַן אַנטשלאָסענער באַוועגונג הויבט זיך אויף דער ייִד, און זאָגט — ווען אפילו איר וועט מיר אָנשיטן די שטוב מיט גאָלדענע רענדלעך וועל איך זיך ניט לאָזן פאָטאָגראַפירן, איך וויל נישט גויים זאָלן לאַכן פון אַ ייִדן...

אין אַ צווייטער דערציילונג, האָט דעם אַלעקסאַנדער רבינס אַ קרוב געמוזט, נעבעך, אָנקומען צו בעטל־ברויט. שוין אַ ייִד אין די עלטערע יאָרן, שטרעקט ער אויס אַ האַנט אין די גאַסן ווו מען קאָן

*) דער ייִדישער וויץ געריכטעט קעגן דער אַרומיק־פײַנטלעכע סביבה באַנוצט זיך מיטן זעלבן פּסיכישן מעכאַניזם: דער „איך" רעגיסטרירט צו די טיפע פאַרבאָרגענע קוואַלן פון זײַן „קאָלעקטיוון אומבאַוווּסטזײַן" און געפינט דאָרט אַ שטיצפּונקט אינעם געפיל פון זײַן סופּעריאָריטעט און אין זײַן רײַכער קולטור־ירושה; דערמוטיקט און באַוואָפנט מיט אַזעלכע עלעמענטן גרײַפט ער אָן זײַן קעגנער און איז אים מבטל, ווי אין וויץ פון ייִדן, וועלכער האָט אויף דער טענה פון גוי, אַז — אין דעם הויז פאַרדינגט מען ניט קיין דירות פאַר ייִדן; געענטפערט: איצט פאַרשטיי איך פאַרוואָס יעזוס איז געבוירן געוואָרן אין אַ שטאַל...

אים ניט. שעמט זיך בעטן ביי אייגענע, בעטלט ער ביי פרעמדע. ער שלאָפט אין בית־המדרש, דערעסט ניט, גייט אַרומגעריסן און קלייבט אַ סענט צו אַ סענט פאַר ר׳ פּייזועלען, פאַרן אַלעקסאַנדער רבינס יינגסטן זון, דער איינציקער וואָס איז געבליבן פון דער משפחה נאָך דער שחיטה אין פוילן...

„קאָלעקטיווער אומבאַוווּסטזיין״ גיט אין רעזולטאַט קאָלעקטיוון געוויסן, וואָס שאַפט אַן אידעאַיש־סאָציאַלן ציל, אַ „סופּער־איך״ וואָס גיט אינהאַלט אין לעבן, וואָס אידענטיפיצירט און וואַרפט אונטער די פּערזענלעכע אימפּולסן די העכערע אינטערעסן פון כלל, פון פאָלק, און גיט קרעפטן צו לעבן, צו קעמפן, צו ליבן און ליידן... אָפּאַטאָשו זוכט מיט ליידנשאַפטלעכן נייגער עטישע שלימות אין מענטשן, דעם „אויב ניט נאָך העכער״, דעם מאָראַלישן געוויסן, וואָס וואָרצלט אין די אונטערבאַוווּסטזיניקע עלעמענטן פון אינסטינקט און פון שטאַם, און באַקומט פון זיי קראַפט, פאַרב און בלוט, וואָס גיסט אָן מיט לעבן.

די יידישע קעמפער פון „די פוילישע וועלדער״ און די חסידים, וואָס האָבן געשטרעבט צו אַ העכערן גייסטיקן לעבן און וואָס זיינען געווען דורכגעדרונגען מיט אַ טיפער ליבע צו מענטשן, האָט אָפּאַטאָשו ניט אויסגעלאָזן פון אויג, און האָט זיי געזען און געשילדערט ווי טרעגער פון נייע אידעאַלן אין די אַמעריקאַנער יוניעס, אין דער נאַציאָנאַלער און סאָציאַלער באַוועגונג.

דער קאָצקער פון „אין די פוילישע וועלדער״ אַנטלויפט פון דער רעאַליטעט, וואָס איז אים ניט צום האַרצן, באַהאַלט זיך אין־זיך, און בלייבט פאַרגליווערט אין אַ טיפער מעלאַנכאָליע, וואָס איזאָלירט אים פון לעבעדיקן לעבן; דער באָרוועסער ישראל אַנטלויפט אין נזירות, אין אַסקעטיזם, און רייסט איבער יעדע פאַרבינדונג מיט די לעבעדיקע קוואַלן פון דער אייגענער פּערזענלעכקייט, וואָס פאַרבינדט אים מיט מענטשן; דעם קאָצקערס קינדער לאָזן פריי די אינ־

סטינקטן און פאַרלירן דעם קאָנטראָל פון אַלע עטישע און טראַדי־
ציאָנעלע ווערטן, און צוזאַמען דערמיט אויך דעם איינפלוס אויפן
אַרומיקן לעבן.

די וואָס זײַנען ניט האַרמאָניש מיט זיך קענען אויך ניט געפי־
נען קיין האַרמאָנישע פאַרבינדונג מיט דער אַרומיקער סביבה. אין
דעם זעט אָפּאַטאָשו די ירידה פון חסידיזם; ווײַל עס לאָזן נאָך זיך
אַ פּרוכטבאַרן המשך נאָר די, וואָס אַנטלויפן ניט פון לעבן, וואָס
האָבן כוח צו באַווירקן די רעאַליטעט, וואָס האָבן מוט צו קעמפן
פאַר זייערע רעכט און וואָס ווערן געטריבן פון ליבע צו מענטשן;
אָבער אויף דעם דאַרף מען האָבן גײַסטיקע קראַפט, וואָס וואַרצלט
אין געזונטע אינסטינקטן און וואָס ווערט באַוועגט דורך הויכע
מאָראַלישע ווערטן.

אָפּאַטאָשוס סטיל איז אַזוי ברענענדיק און אימפּולסיוו ווי דער
טעמפּעראַמענט פון זײַנע העלדן. ווערטער שאַרפע, שנײַדיקע, מיט
פולע טענער, מיט געזונטן אָטעם, מיט נאַקעטע גלידער, אָן רמזים
און אָן סימבאָלישע פײַנגעבלעטער; שורות קורצע ווי טרויבן אָנגע־
לאָדענע מיט קערנדיקן זאַפט וואָס שעמערירן מיט זון און מיט לעבן;
בילדער לויטערע און רעליעפע, וואָס אַנטפּלעקן מיט די קנאַפּסטע
ווערטער די דינאַמיק פון לעבן, די נשמה פון מענטשן און פון זאַכן...

# י. ל. פּרץ — דער דיכטער פון נשמות

## די צעפּאַלונג פון דער מענטשלעכער פּערזענלעכקייט

„ער איז געלאָפן אויף און אָפּ באַטאָג איינער אַליין אין בית־המדרש און פלוצלינג זיך אָפּגעשטעלט.

„— ריבונו של עולם! ווער בין איך?

„— ווער בין איך?... מען רופט מיך: בערל חנהטשעס... נו, בין איך דען בערל חנהטשעס? בין איך דער נאָמען? — די שילד איז דאָך נאָך נישט די קלייט! דאָס הויז, ווו דער רב וווינט, הייסט: „פּאָד־קאַרפּיעס" און איך — בערל חנהטשעס!.. "

אַזוי האָט, אין די לעצטע יאָרן פון פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט, פּרץ אָנגעהויבן זיין דערציילונג „דער משוגענער בטלן".

מיט עטלעכע און פערציק יאָר שפּעטער האָט זיגמונד פרוידס אַ תלמיד, דר. טעאָדאָר רעיִק, צום ערשטן מאָל געגעבן אַן אויסשעפּנ־דיקע וויסנשאַפטלעכע אָפּהאַנדלונג וועגן דער „פּסיכאָלאָגיע פון אַנטפּערזענלעכונג" אין וועלכער ער ווייזט אָן, אַז דער דאָזיקער שווערער, פּסיכישער צושטאַנד — וואָס דריקט זיך אויס אין דער אויפלייזונג פון דער מענטשלעכער פּערזענלעכקייט, אין דער צעפּאַ־לונג פון איר אינערלעכער גאַנצקייט, און אין דער פאַרפרעמדונג פון דעם אייגענעם איך, — קען פּלאַסטיש אויסגעדריקט ווערן אין די פאָרמולעס:

וווּ בין איך?, און
ווער בין איך?

עס הייסט, מיט אַנדערע ווערטער: איך אָנערקען נישט די סביבה, און איך וויל ניט אָנערקענען אַזאַ איך; אָדער: די סביבה וועלכע רינגלט מיך אַרום איז מיר פרעמד, און איך גופא בין זיך ווילד פרעמד, ווי פרעמד עס איז געווען אַן אבר ביי אַזאַ פּסיכיש־קראַנקן, וואָס האָט זיך באַקלאָגט, אַז ער פילט ניט זיין רעכטע האַנט, פונקט ווי זי זאָל ניט געהערן צו זיין אייגענעם קערפּער. און ווירקלעך האָט די האַנט, — אין קעגנזאַץ צו די אַלע איבעריקע אברים — אַרויסגעוויזן אַ זעלטענע אומשפּירעוודיקייט צו ווייטיק, און ווי דער אַנאַליז האָט אַרויסגעוויזן, האָט דער דאָזיקער אַנעסטעזיע־איינדרוק געשטאַמט פון פאַרדרוס און חרטה־געפיל, וואָס די האַנט פלעגט אַרויסרופן ביים שרייבן, פונקט ווי ער זאָל זיך זאָגן: עס קען ניט זיין, אַז די האַנט, וואָס שרייבט איצט, זאָל געווען זיין די זעלבע, וואָס האָט געהאַט דורכגעפירט אַזעלכע מיאוסע און פאַרדריסלעכע זאַכן...

מיט דער אומפאַרגלייכלעכער קראַפט פון זיין קינסטלערישער אינטואיציע, האָט פּרץ זיך מקדים געווען דער וויסנשאַפט, האָט טיף אַריינגעבליקט אין דער מענטשלעכער נשמה און אויפגעדעקט אין איר די פאַרבאָרגנסטע עלעמענטן. מיטן דורכדרינגלעכן בליק פון זיין פּסיכישער אָבסערוואַציע, האָט ער אויפגעכאַפּט דעם סודותפולן ציטער פון די פאַרהוילענע אינערלעכע קרעפטן, און האָט אָנגעצייגט געזעצן און אַנטשיידן פאָרמולעס, צו וועלכע די וויסנשאַפט האָט זיך דערטראַכט, און באַשטעטיקט, נאָך דויערהאַפטע קלינישע פאָרשונגען און לאַנגיאָריקע עקספּערימענטן.

„— ווער בין איך?

„— ריבונו של עולם! ווער בין איך פאַרט? ווער זיצט אין מיר און קלערט? אַ פרעמדער? ניט איך? — נו, זאָל זיין אַ פרעמדער!

ווער איז ער אָבער? ווי קומט ער צו מיר? בין איך אַ שטײַג, און ער — אַ פֿייגעלע?..."

מיט אַזעלכע שאלות פּײַניקט זיך דער משוגענער בטלן. ער לויפֿט צו צום כּיור, גיסט זיך אָפּ מיט קאַלט וואַסער, פֿאַרבינדט שטייף דעם קאָפּ מיט אַ שמאַטע, דער מוח זאָל נישט פּלאַצן, און לויפֿט אַרום איבערן פּוסטן בית-מדרש מיט אַ פֿאַרצווייפֿלטן דראַנג צו דערגיין דעם אמת: — ווער בין איך? עס איז פֿאַר אים אַ פֿראַגע פֿון לעבן אָדער טויט, ער האָט מער ניט קיין אינטערעס פֿאַרן אויסערלעכן אַרום און זײַנע אויגן זײַנען מער ניט געווענדעט צום דרויסן. זײַן בליק איז מיט עקשנותדיקער פֿאַרביסנקייט געווענדעט צו זיך, פֿאַרצווייפֿלט נישטערט ער אין זײַנע אייגענע אינגעווײדן, און עס בויערט זײַן מוח איין איינציקער געדאַנק:

ווער בין איך?

„די זעלבסט־באַאָבאַכטונג זאָגט טעאָדאָר רעיִק, ווערט אין צושטאַנד פֿון דער אַנטפּערזענלעכונג דער צענטער און דער עיקר פֿון דער גאַנצער פּסיכישער טעטיקייט". דער סוביעקט אָבסערווירט זיך זעלבסט מיט אַ קרענקלעכער שפּירעוודיקייט, עס אַרבעט עקזאַלטירט דער געדאַנק, ווײַל ער וויל פֿאַרטויבן און פֿאַרשטומען די געפֿילן; זײַן געוויסן איז גרויזאַם שטרענג און אומדערמידלעך וואַך, דער מוח פֿיבערדיק צעהיצט, אָבער דאָס האַרץ איז פֿאַרגליווערט אין פּחד פֿאַר די אייגענע אַפֿעקטן, פֿאַרן שטורעם פֿון די אומבאַוווּסטזיניקע סענטימענטן, וואָס דראָען צו פֿאַרפֿלייצן מיט זייער סטיכישן אויסגוס די שלווה פֿון זײַן אינערלעך לעבן.

די מענטשלעכע פּערזענלעכקייט, וואָס ווערט פֿאַרשטאַנען ווי איין גאַנצער און אומצעטיילבאַרער פּסיכאָפֿיזישער אָרגאַניזם, וואָס דענקט און פֿילט, וואָס רעאַגירט האַרמאָניש מיט געדאַנק און געפֿיל, אויף אַלע דערשײַנונגען פֿון אויסערלעכן און אינערלעכן לעבן, פֿאַרלירט אין צושטאַנד פֿון דער אַנטפּערזענלעכונג דעם וויטאַלסטן טייל

פון זײַן גײַסטיקן מעכאַניזם: די פּעאיקייט נאָרמאַל צו פילן, פרײַ צו ליבן, דעם וואַרעמען אינטערעס צו מענטשן, דעם חשק צום לעבן. די פּערזענלעכקייט ווערט אַף אַזאַ מין אופן פאַרמינערט, פאַראַ־רעמט, דעגראַדירט, — אַנטפּערזענלעכט; אָבער „ניט אויס מאַנגל אין געפילן — זאָגט אויגוסט שילדער, אין אַ שטודיום איבער דער אַנטפּערזענלעכונג — נאָר גאַר דער היפוך, אויס איבערפלוס אין לי־בע־סענטימענטן, וועלכע דער איך האָט מורא אויפצונעמען, און ער ציט זיך צוריק", ער באַהאַלט זיך און אַנטלויפט פונעם שלאַכטפעלד, אויס מורא פאַרן קאַמף מיט די אייגענע אונטערבאַוווסטזיניקע און שטורמישע אַפעקטן . . .

ס'איז ווי אַ נגיד וואָס פאַרגראָבט זײַן פאַרמעגן, און באַקלאָגט זיך אַז ער איז אַ קבצן. ס'איז ווי אַ פאַרליבטער, וואָס האָט דעם אוצר פון געפילן אַרויסגעוואָרפן דורכן פענצטער פון זײַן באַוווסט־זײַן, און איז געבליבן ווי צעמישט אונטערן צוגווינט פון דערמאָנונג־און־פאַרגעסונג; האָט ער שטאַר אָנגעשטעלט די אויגן אויף זײַן אייגן צערודערט וועלטל, מיט דער פײַנלעך־צודרינגלעכער טענה: ווער בין איך? ווו בין איך?

בערל חנהטשעס וויל עס אַזוי פאַרשרײַען אַן אינערלעכן קאָנ־פליקט, אַ שווערע איבערלעבונג, וואָס האָט אים אַרויסגעשטויסן פון זײַן גײַסטיקן גלײַכגעוויכט. ער וויל פאַרטויבן דעם אַנגסטלעכן צי־טער פון האַרצן, וואָס ברעכט אָפּט אויס און גיסט זיך אַריבער איבער די ראַנדן מיט אַ שטומען געיאָמער:

„— אַ רחמנות אויף איר, אויף טויבעלען, וועלכער דער מאַן, וואָלף סוחר, שלאָגט מכות רצח, עם שנײַדט מיך בײַם האַרץ; אָפט חלומט זי זיך מיר... זי בעט מיך אַמאָל בײַנאַכט אין שלאָף, איך זאָל איר העלפן... דאָס הייסט, זי בעט ניט מיטן מויל, זי רעדט נישט, חו"ש! אַ ייִדישע טאָכטער רעדט ניט מיט אַ מאַנספּאַרשוין... איך וואָלט זי פײַנט געהאַט זי זאָל מיט מיר ריידן.. נאָר זי קוקט אויף מיר מיט אַזאַ... מיט עפּעס אַזאַ... מין קוק...

„— ...קוקן זאָל זי, און שטענדיק, און אַ גאַנצע נאַכט; בײַטאָג קען נאָך עמעץ דערזען, חס ושלום! עס איז גענוג יעדע נאַכט.. ״

אויפֿן אינטערנאַציאָנאַלן פּסיכאָאַנאַליטישן קאָנגרעס אין ציריך, אין יאָר 1949, האָט ק. פּ. אָבערנדאָרף, געלייענט אַ קלינישן באַ־ריכט וועגן פֿאַלן פֿון אַנטפּערזענלעכונג און אַנגעוויזן, אַז די סימפּ־טאָמען פֿון דעם דאָזיקן פּסיכישן צושטאַנד „זײַנען אַ רעזולטאַט נישט נאָר פֿון אַ דערווײַטערונג צווישן דעם סופּער־עגאָ און דער סעקסוע־לער סטרוקטור פֿון אָרגאַניזם; נאָר אויך, — פֿון דער עראָטיזאַציע פֿון געדאַנק, וואָס פֿאַרשאַרפֿט דעם אינערלעכן קאָנפֿליקט״ און מאַכט הייסט עס, טיפֿער דעם ריס צווישן די אינסטינקטן און גע־ווויסן, צווישן די פּרימיטיווע פֿאָדערונגען פֿון גוף און די העכערע עטישע השגות פֿון מענטשן.

## דער זין פֿון י. ל. פּרצעס פּינטעלעך

פּרצעס קלאַסישע פּינטעלעך זײַנען דאָ פּילרעדעוודיק און פּילזאָ־גנדיק. אין שײַן פֿון אונדזער אַנאַליז איז אין יעדן פּינטעלע פֿאַרקערפּערט אַ געפֿיל, אַ פֿאַרבאָרגענער באַגער אין יעדן פּאַסיקל. ווי קען מען דעם שטומען צאָפּל פֿון די עמאָציעס אויסדריקן מיט ווערטער, אַז אין דער מענטשלעכער שפּראַך זײַנען נאָך די דאָזיקע ווערטער ניט געשאַפֿן געוואָרן? ווי קען מען די אינטימע שפּירונגען באַנעמען מיט באַוווּסטזיניקע טערמינען, אַז בערל חנהטשעס, „אַ בטלן, אַ יתום, אַ משוגענער, אַן אומגליקלעכער מאַנספּאַרשוין...״ וויל גאָר די אינסטינקטיווע אימפּולסן צו זײַן באַוווּסטזײַן ניט דער־לאָזן? די פּינטעלעך דריקן בעסער אויס דעם צניעותדיקן ציטער פֿון דער פֿרומער נשמה, זיי אינטערפּרעטירן בולטער דעם שטומען צער פֿון די אונטערדריקטע סענטימענטן.

בערל חנהטשעס האָט פֿעסטע מאָראַלישע פּרינציפּן; אין

אַנאַליטישע טערמינען הייסט עס, אַ שטרענגן סופער־איך, אַ הויך־אַנטוויקלטן געוויסן. ער איז שוין ניט איין נסיון בײַגעשטאַנען. אַט האָט די שמשטע אומגעציילטע קיכעלעך, און ער האָט שוין דרײַ טעג קיין ביסן אין מויל ניט געהאַט... האָט ער שטאַרק חשק צו נעמען אַ קיכל, אָבער ער זאָגט זיך: ניין, מען טאָר נישט; און ס'איז געבליבן — נישט! און דאָס אייגענע ווען ער האָט געטראָגן דעם רב שלח־מנות, דער נאַשער, האָט געוואָלט; און דער ערלעכער מאַן, האָט נישט געוואָלט; און ס'איז געבליבן — נישט!

אַזוי האָט ער אויך געצוימט זײַנע אינטימסטע באַגערן, און האָט געשטעלט אַ גדר פֿאַר זײַנע אינסטינקטן, וואָס האָבן אָנגעהויבן זיך ציען אַרויף צום באַוווסטזײַן און באַהערשן די געדאַנקען און געפֿילן, און אויס מורא, אַז דער „אומריינער" שטראָם זאָל אים ניט פֿאַרפֿלייצן איז דאָס הארץ ווי פֿאַרגליווערט געוואָרן, איז געוואָרן טויב און שטום צו די שפּירונגען פֿון דער אויסערלעכער וועלט און וויל אויך ניט פֿאַרנעמען די רעגונגען פֿון די אייגענע בלוטן.

ווי אַ שוץ־מיטל אויף ניט אויסצוגיין פֿון צער, אויף נישט אַרײַנצופֿאַלן אין טומאה, אויף ניט אַראָפּגיין פֿון דרך־הישר, איז אין פּסיכישן אָרגאַניזם אָפּגעשוואַכט און אָפּגעטעמפּט געוואָרן דער לײַדנשאַפֿטלעכער דורשט, וועלכער באַגלייט אין אַ נאָרמאַלן צושטאַנד די אינטימסטע באַגערן פֿון מענטשן.

דער לעבעדיקער אינטערעס, וואָס איז פֿריִער געווען געווענדעט צו דער אויסערלעכער וועלט, ווערט אָפּגעווענדעט אויפֿן אייגענעם גײַסטיקן לעבן, און מיט אַ סאַדיסטישן פֿאַרגעניגן שפּירט נאָך דער געוויסן, ווי אַ שטרענגער ריכטער, יעדן מינדסטן געדאַנק, יעדן שוואַכסטן אימפּולס, יעדן קלענסטן פֿאַרלאַנג, און ווי אַן אומברחמנותדיקער צענזאָר היט ער אָפּ עס זאָלן זיך ניט דורכשמוגלען צום באַוווסטזײַן קיין זינדיקע און ניט־געוווּנטשענע סענטימענטן.

די דאָזיקע זעלבסטבאָבאַכטונג, דאָס אומדערמידלעכע אַרײַנ־

בליקן אין זיך, דאָס נאָכשפּירן די אייגענע געדאַנקען, דאָס נאָכקוקן די אַלע אינערלעכע און אויסערלעכע רעגונגען, — וואָס דריקט זיך אָפּט אויס אין דער מאַניע אָן אויפהער זיך צו באַטראַכטן אין שפּיגל, — שליסט אויס אַלע אַנדערע פּסיכישע פּראָצעסן און פאַרצערט אַ גרויסן סכום גײַסטיקע ענערגיע. וואָס איז פריִער באַנוצט געוואָרן אויף צו דערהאַלטן דעם פולן ריטם פון אַ נאָרמאַלן לעבן.

## די שפּיגל - מאַניע

דער דר. ריכאַרד סטערבאַ, גיט איבער אַ קלינישן בײַשפּיל פון אַן אַנגעשטעלטן, וואָס רײַסט יעדע ווײַלע איבער די אַרבעט און לויפט אַרײַנקוקן אין שפּיגל. אויפן וועג צו דער אַרבעט קוקט ער אויס אַלע שפּיגלען אין די גאַסן. בײַם אַנאַליז ווערט אויפגעקלערט, אַז ער האָט געליטן אַ שווערע איבערלעבונג, וואָס האָט אים פאַר־וווּנדעט אין זײַן מענערישן שטאָלץ; קוקט ער אַרײַן אין שפּיגל מיט אַן אומבאַוווּסטזיניקן דראַנג זיך צו איבערצײַגן, אַז ער איז נאָך גע־נוג עלעגאַנט, און אַז עס איז נאָך ניט אַלץ פאַרלאָרן... דער מחבר פירט אויס, אַז די זעלבסטבאַאָבאַכטונג איז בלויז אַ רעזולטאַט — אָבער ניט קיין גורם — פון דער פּסיכישער שטערונג, און קען בא־טראַכט ווערן ווי אַ פאַרצווייפלטער פּרוּוו צו באַהערשן די זאָרג און לייזן דעם אינערלעכן קאָנפליקט וואָס זאָגט עדות, אַז דער מענטש פאַרמאָגט נאָך אין זײַן נשמה גענוג געזונטע דעפּענסיווע קרעפטן.

די לאָגיק פון די נאָרמאַלע פּסיכישע דערשײַנונגען קען אַ קינסטלער דערפאַרן דורך זײַן פּערזענלעכער איבערלעבונג און באַאָ־באַכטונג. פיל שווערער איז משיג צו זײַן די אומנאָרמאַלע דערשײַנונ־גען, וואָס קומען צום אויסדרוק דורך אומפאַרשטענדלעכע סימפּטאָ־מען, מאָגישע צייכנס און פּאַטאָלאָגישע האַנדלונגען, וועלכע זײַנען נאָך ניט גענוג דעשיפרירט און פאַרטײַטשט דורך דער מאָדערנער

וויסנשאַפט. די אינטואיציע פון קינסטלער, איז אויף דעם געביט נישט איין מאָל פאַרלאָפן דעם שכל הישר פון דער וויסנשאַפטלעכער פאָרשונג; און י. ל. פרץ האָט אין דער רײַכער גאַלעריע פון זײַנע בית-מדרשניקעס, בטלנים און מקובלים, אַנטפּלעקט די טיפסטע טיי־פענישן פון דער מענטשלעכער נשמה, און האָט מיט דער שײַן פון זײַן אינערלעכן בליק באַלויכטן די טיף־פאַרהוילענע קרעפטן וואָס לויערן אין אונטערבאַוווּסטזײַן פון מענטשן.

די פּסיכישע סטרוקטורן פון י. ל. פרצעס ליטעראַרישע געשטאַלטן, זײַנען אַרכיטעקטאָנישע מײַסטערווערק, ווו יעדער פּרט איז האַרמאָניש און פּסיכאָלאָגיש אײַנגעשלאָסן אינעם גאַנצן פּסיכאָ־פיזישן געבוי, פון העלד; און יעדע האַנדלונג פון זײַנע נאָרמאַלע און אַנאָרמאַלע „גרענעץ"-טיפּן האָט אַן אינערלעכע כוונה און אַ טיף־לאָגישע באַרעכטיקונג.

געטריבן דורך אַן אומקלאָרן און אומבאַוווּסטזיניקן אינערלעכן דראַנג, לויפט בערל חנהטשעס צו אַ „שפּיגל". ער כאַפּט די שמאַטע אַראָפּ פון קאָפּ און הייבט אָן רײַבן און פּוצן דאָס מעש פון כיור.

„— איך זע דיך שוין אַ ביסל, בטלן — וואַרט, וואַרט, איך וועל דיך נאָך בעסער זען. איך וועל דײַן גאַנץ טריף פּרצוף זען, דײַן חמור-קאָפּ!...

„— כאַ, כאַ, כאַ! אַזוי זע איך אויס, אַ מת, אַ ריינער מת! צו נעמען אויף דער טהרה-ברעט, צו לייגן שערבלעך אויף די אויגן!

„— זעסט, טויבעלע, ווי איך זע אויס! זעסט! און אַזוי זע איך אויס, ווען דו דערלאַנגסט מיר אַלע מאָל אַ שטיקל ברויט... אַ נישט, ווי וואָלט איך נאָך אויסגעזען?...

„— אַ מת! דאָס בין איך, יאָ! דאָס איז בערל בטלן, בערל יתום, בערל משוגע! אָט דאָס!... איז ווער בין איך פאָרט?..."

# דער דואַליזם אין דער מענטשלעכער נשמה

אויף דער שאַך־ברעט פון דער מענטשלעכער נשמה שפּילן אי־מער צוויי אַנטאַגאָנישע קרעפטן: גוטס און שלעכטס, יצר־טוב און יצר־הרע, ליבע און שנאה, גלויבן און צווייפל, צוטרוי און חשד... יע־דער צד האָט אַ צד־שכנגד, ס'איז דאָס גרויסע לעבנס־געזעץ פון דואַליזם, פון נעגאַטיוו און פּאָזיטיוו, וועלכע בילדן אין נאָרמאַלן צושטאַנד אַ סינטעז פון די קעגנזײַטיקע קרעפטן, וואָס דריקט זיך אויס אין איין האַרמאָנישן גאַנצן. אין צושטאַנד פון נעווראָזיס ווערן אין אַ גרויסער מאָס אַנולירט די פּאָזיטיווע נשמה־עלעמענטן, עס ווערט אויסגעלאָשן די וואַרעמקייט פון הארצן און עס פאַרשווינדן די ליבע־געפילן, וואָס פאַרבינדן דעם מענטשן מיט זײַן סביבה און מיטן גאַנצן אַרומיקן לעבן. עס באַקומען מער שליטה אין דער נשמה די נעגאַטיווע און סאַדיסטישע קרעפטן, די שנאה באַקומט פליגל און פּיקט ווי אַ ראָב דעם אייגענעם צעווייטיקטן איך, און וואַרפט אויף אָן אַ דראָענדיקן מרה־שחורה־שאָטן אויף אַלץ וואָס קומט מיט אים אין באַרירונג.

בערל חנהטשעס רײַסט פון זיך לעבעדיקע שטיקער, מיט אַ מין ווילדער הנאה בײַטשט ער דאָס אייגן לײַב: „— הערסט, בערל חנה־טשעס, ווען דו ביסט אַ מענטש, ווען דו ביסט נישט קיין יתום, קיין בטלן, קיין משוגענער, קיין חקרן, וואָלט שוין אַלץ גוט געווען...

„— מאָלע אַ מענטש בלײַבט אַ יתום, ווײַנט ער אין בית־מדרש? קראַנק בין איך עפּעס צו טאָן? אין שליחות גיין, האַלץ האַקן, אַ משרת ווערן און גיין אָנגעטאָן אַ בגד, נישט קרועה בלויה, נישט זײַן ביז דרײַסיק יאָר אַ ישיבה בחור, עס זאָל מיר פעלן צוויי טעג אין דער וואָך און אַרומדרייען זיך אַלץ און קלערן: ווער בין איך?!"

די זעלבסטפּײַניקונג פאַרשאַפט די אומגליקלעכע אַ געפיל פון

דערלייכטערונג און טיילווייזער באַרואיקונג, ווייל, ווי דאָס פאָלק דריקט זיך אויס, „עס ווערט לייכטער אויף דער נשמה, ווען מען רעדט זיך אַראָפּ פון הארצן". ווען די געפילן פון באַהאַלטענעם צער ווערן געבראַכט צום באַוווּסטזיין און באַקומען אַן אויסדריק, קומט אַ פּסיכישע אויסלאַדונג פון דער אינערלעכער שפּאַנונג און עס ווערט אָפּגעטעמפּט די נאָגנדיקע שאַרפקייט פון די גייסטיקע ליידן. דאָס־טאַיעוווסקים אַ העלד, מאַרמעלאַדאָוו, פון „פאַרברעכן און שטראָף" זאָגט עריגעץ, אַז ער שיכורט זיך אָן ניט אויף צו ווערן פריילעכער, נאָר אויף צו פילן שאַרפער דעם אייגענעם פּיין און קענען גיסן מיט טרערן.

אָבער אין הסכם מיט די אַנאַליטישע נאָרמען איז דער בלינדער צאָרן, וועלכער איז געווענדעט קעגן אייגענעם איך און דאָס געפיל פון פאַרביטערונג, וואָס האַמערט דעם אייגענעם קאָפּ מיט שניידיקן מוסר און שטראָפּרייד, קענען ביי געוויסע באַדינגונגען „פּראָיעקטירט" ווערן, עס הייסט, ספּאָנטאַן זיך אַרויסרייסן אין דרויסן, און מיט אַן אומגעצוימטער קראַפט זיך ווענדן קעגן אַנדערע מענטשן.

די דראַמאַטישע סצענע מיט וואָלף סוחר אין בית־מדרש איז אין דעם פאַל כאַראַקטעריסטיש. „— איך בין אים אַ שונא אויפן לעבן, טראַכט בערל חנהטשעס, איך האָב ביי אים אַ טאָג; נאָר אַ שונא בין איך! שנאת חינם טאַקע, נאָר אַ שונא... איך וואָלט אים געשטאָכן! יאָ!... נאָר נישט דעם וואָלף סוחר, וואָס זיצט און לערנט, אפשר דעם סוחר דעם גנב אויך נישט, נאָר דעם רוצח, וואָס הרגעט דאָס ווייב מכות־רצח...

„— אָ! שיין וואָלט עס געווען! איך וואָלט אַרויסגענומען דאָס קניפּיקל, איבערגעגאַנגען די כאַלעווע, איין מאָל, צוויי מאָל, דריי מאָל, און בוך!...

„— כאַ, כאַ, כאַ! עס וואָלטן אַרויסגעלאָפן געדערים און געדערעמלעך. און בלוט, רויט בלוט... כאַ, כאַ, כאַ!"...

אָבער אַ ייִד, ער מעג אַפּילו זײַן אַ משוגענער בטלן, הרגעט ניט אַזוי לײַכט קיין מענטשן. דער שטרענגער אָבער צניעותדיקער סו־פּער־עגאָ, דער העכערער איך, — דער געוויסן, וואָס האָט זיך פֿאַר־מירט אין דער פֿרומער אַטמאָספֿער פֿון בית־מדרש, האָט ניט פֿאַר־לאָרן דעם קאָנטראָל איבער די אינסטינקטיווע אימפּולסן, און האָט אָפּגעהאַלטן די האַנט, וואָס האָט זיך פֿאַרמאָסטן מיט אַזוי פֿיל שנאה און צאָרן.

דער משוגענער בטלן האָט זיך בלויז צעשניטן די כאַליעווע, אָבער האָט קיין בלוט נישט פֿאַרגאָסן.

„מיטן פֿאַרלוסט פֿון די אינסטינקטיווע טענדענצן, מיט דער אונ־טערדריקונג פֿון די אייגענע לײַדנשאַפֿטן, און מיטן אַנולירן די גע־פֿילן, וועלכע זײַנען פֿאַרבונדן מיטן אינסטינקטיוון לעבן — זאָגט דער דר. רענע אַלענדי, — פֿאַרלירט די פּערזענלעכקייט איר ווערט־פֿולסטן אין לעבעדיקסטן קערן, עס טוען זיך אָפּ פֿון איר די דינאַ־מישע באַוועג־קרעפֿטן, און דער צושטאַנד ווערט אין אונטערבאַוווסט־זײַן געשפּירט ווי אַ פֿאַרלוסט פֿון דער **מענער־קראַפֿט**, ווי אַ צוזאַ־מענבראָך פֿון די עיקרדיקע לעבנס־פּאָטענצן".

ווי געזאָגט. איז די ווויסנשאַפֿט צו דעם אויספֿיר געקומען אויף דער באַזע פֿון פֿיליאַריקער אַנאַליטישער און קלינישער פֿאָרשונג, די קונסט איז פֿריער געקומען צום אמת, און האָט טיפֿער אַרײַנגע־בליקט אין דער נשמה פֿון לײַדנדיקן מענטשן.

אָט טענהט דער משוגענער בטלן:

„ — ...צינד פֿיל איך, אַז „איך" אַליין בין עפּעס אַ גאָר נישט! איך אַליין וואָלט גאָרניט געלעבט. איך אַליין, ווען איך לעב אַפֿילו, וואָלט איך מיך אין דער פֿרי אַפֿילע פֿון דער באַנק ניט אויפֿגעהויבן. איך וואָלט געלעגן ווי אַ גולם עד סוף כל הדורות... איך בין טאַקע אַ גולם, איך האָב גאָר קיין נשמה נישט; וואָס דען? אַליין אַרום לעבט, אַלץ אַרום האָט נשמות, די נשמות זייערע לאָזן אַרויס פֿון זיך

אַזוינע לאַנגע, דינע, שפּיציקע פּעדימלעך, אַזוינע שטראַלן, און זיי כאַפּן זיך און טשעפּען זיך אין מיר; קריכן אין מיר אַרײַן, רירן מיך, שטעלן מיך אויף די פיס, הייסן מיר גיין, טאָן, לויפן... אָבער איך אַליין בין גאָרנישט.

„...איך אַ מאַנספאַרשוין?...״ זאָגט ווײַטער מיט גאַליקן ביטול וועגן זיך בערל חנהטשעס — „וואָלף סוחר איז יאָ אַ מאַנספאַר־שוין, פּוילן זאָל ער... איך וואָלט אים געשטאָכן... אָבער איך אַליין קען ניט, איך אַליין האָב ניט צו שאַפן... מען דאַרף עס זאָל עמעץ הייסן; עפּעס אַ בת־קול... ווער שמועסט ווען זי זאָגט מיר, אַזוי שטיל, בײַנאַכט, אין חלום״...

בערל חנהטשעס האָט ניט קיין ווילן און קיין כוח צו האַנדלען, ער פילט אַז עס זײַנען אין אים פאַרגליווערט אַלע לעבעדיקע שעפע־רישע קרעפטן; זײַן פּערזענלעכקייט, אָדער ריכטיקער געזאָגט: אַ טייל פון איר, איז ווי אָפּגעשטאָרבן, פאַרגולמט; און דער טייל פון זײַן „איך״, וואָס האַלט זיך נאָך בײַם לעבן, מאַכט משונהדיקע און פאַרצווייפלטע באַוועגונגען, ווי איינער וואָס טרינקט זיך וויל מיט די הענט געפינען אַן אָנשפּאַר אין דער לופטן.

„...בין איך אַ דירה וווּ עס וווינען צוויי שכנים. איינער הייסט: יצר־טוב, דער צווייטער — יצר־הרע. ניט אַזוי? ווײַטער די מעשה מיט די נעמען... אָבער ווער זײַנען זיי? און ווער בין איך?״

מיט אַזאַ אײַנגעגעסענער און פײַנלעכער שאַרפטקייט דרייט ער זיך אַרום איין געדאַנק ווי אַ פליג אויף אַ שויב, און זאָגט זיך מיט שרעק: „עס מוז עמעץ זיצן אין מיר און קלערן איבער מיר, און מיר דאַכט זיך: איך אַליין קלער! והא ראיה, ווען איך האָב כוח (אַ גאַנצע וואָך, אויסער מאָנטיק און דינסטיק) האָט יענער אויף מיר קיין שליטה ניט; קלער איך ווייניקער״.

## די ירושה - עלעמענטן

אומגינסטיקע ירושה-עלעמענטן און די איבערלעבונגען פון די קינדער-יאָרן, פאַרשטאַרקט צומאָל דורך אַ פיזישער אויסשע־פונג, באַמיסטיקן דעם באָדן אויף וועלכן עס אַנשטייט די אומגע־זונטע פלאַנץ פון דער אַנטפּערזענלעכונג. די דאָזיקע אַלע פאַקטאָרן האָבן זיך פאַראייניקט אין דער אויסבילדונג פון דער פּערזענלעכ־קייט — און פון דער אַנטפּערזענלעכונג — פון משוגענעם בטלן.

פּרצעס שאַרפער פּסיכאָלאָגישער חוש האָט ניט אויסגעלאָזן די קאָנסטיטוציאָנעלע גרונט-סיבות אין דער פאַרמירונג פון מענטש־לעכן כאַראַקטער, און ער ווייזט אָן, אַז דער פאָטער פון העלד איז אויך געווען אַ בטלן און דער פעטער — אַ חקרן; און דורך־אגב באַמערקט ער אין קלאַמערן: (איך בין, דאַכט זיך, געראָטן אין פּע־טער אַריין)...

וואָס שייך די איבערלעבונגען פון די קינדער-יאָרן האָבן מיר בלויז איין כאַראַקטעריסטישן אויסדרוק, וואָס זאָגט מער ווי אַלע לאַנגע טראַקטאַטן: „איך בין געבעך אַ יתום"... צווישן די אַלע שטראָף- און ביטול-עפּיטעטן מיט וועלכע בערל חנהטשעס באַ־קרוינט זיך, פאַרגעסט ער קיינמאָל ניט צו דערמאָנען מיט פּײַנלע־כער פאַרביטערונג, אַז ער איז געבעך אַ יתום.

ווי עס שײַנט, האָבן די קינדער-יאָרן פון יתומשאַפט איבער־געלאָזן אַן אומפאַרגעסלעכן און קלעמענדיקן אײַנדרוק אין זײַן גע־מיט, און דער טרויער-געפיל, וואָס עס האָט פאַראורזאַכט דער פאַר־לוסט פון זײַנע עלטערן, איז אין אים געבליבן אומהיילבאַר אײַנגע־שניטן ווי אַ ווונד אויפן גאַנצן לעבן. בערל חנהטשעס איז פּסיכיש געבליבן צוגעבונדן צו דער מוטער, און האָט דעריבער צו זײַנע דרײַסיק יאָר נישט אויפגעהערט צו זײַן אַ „יתום".

בערל חנהטשעס האָט אין בית-מדרש מיט זיך מיטגעשלעפּט

דעם שווערן יאָך פון זײַן קינדישער אָפּהענגיקייט, און וואָלט דאָס לעבן ברייטהאַרציק אים אונטערגעטראָגן אַ סובסטיטוט פון זײַן לײַבלעכער מוטער — אַ זיווג — וואָלט ער מעגלעך אויפגעהאַלטן די גאַנצקייט און די אינערלעכע האַרמאָניע פון זײַן פּערזענלעכקייט.

טויבעלע האָט דעם אָרעמען בית-מדרשניק אײַנגעהילט אין אַ וואַרעמער אַטמאָספער פון מאַמישער זאָרג און באַשיצונג, האָט באַהאַלטענערהייט אים געקליידט און געשיכט, אַ שטיקל ברויט אים אַרויסגעטראָגן, און געשטילט זײַן אינטימען הונגער נאָך אויפמערקזאַמקייט און צערטלעכקייט. ווען די סענטימענטן אין דער עלנטער און פאַריתומטער נשמה האָבן אָבער אָנגעהויבן באַקומען אַ לײַדנשאַפטלעכן צומיש פון אינסטינקטיווער קראַפט און בלוט, האָט דער געוויסן אינטערוועניררט, און ווי אין פאַל פון די שלח-מנות „דער נאַשער, האָט געוואָלט; דער ערלעכער מאַן, האָט ניט געוואָלט; און ס'איז געבליבן — נישט!”

אָבער דער פונק פון אַפעקטיווען אויפברויז איז נאָר געבליבן פאַרדעמפט, פאַרטריבן אין אונטערבאַוווסטזײַן, אָבער ניט אויסגעלאָשן. אויף דער באַזע איז אַנטשטאַנען אַ שטורמישער ויתרוצו, וואָס האָט צעריסן די נשמה; און ווײַל די ירושה פון פאָטער, דעם בטלן און פון פעטער, דעם חקרן, האָט אים נישט געגעבן קיין אינערלעכע קראַפט, האָט ניט באַגינציקט קיין נאָרמאַלע און זעלבסטשטענדיקע לייזונג פון קאָנפליקט, האָט בערל חנהטשעס געוואָלט פאַרטרײַבן און פאַרפרעמדן פון זיך דעם יצר-הרע, — דעם אינסטינקטיוון טייל פון זײַן פּערזענלעכקייט, — האָט ער די געפילן און געדאַנקען אַרײַנגעלייגט אין זײַן חקרנישן מוח, און צום סוף אין זײַן נײַעם נשמה-צושטאַנד זיך גופא נישט דערקענט, און פאַרצווייפלט זיך אָנגעהויבן פרעגן:

— ווער בין איך?...

קאָנסטיטוציאָנעל איז ער געווען צו שוואַך אויף איבערצוטראָגן

זײַנע אפּעקטן אויף נײַע ליבע-אָביעקטן און מאָראַליש צו רײן אויף צו ברעכן די אָנגענומענע עטישע נאָרמען פון לעבן — איז ער אַלײן געבראָכן געװאָרן.

**אַ צאַרטע און שװאַכע נשמה, װאָס האָט אָפּגעבריט די פליגל בײַם פלאַם פון רעאַלן לעבן.**

אַ מענטש קלײַבט זיך ניט אױס קײן משוגעת, זאָגט קרעפּעלין, דער פאָטער פון דער מאָדערנער פּסיכיאַטריע; נאָר יעדע פּסיכישע אָדער גײַסטיקע שטערונג, איז אַ פּועל־יוצא פון אַ גאַנצער רײ ירו־שה-עלעמענטן און פון צוגאָב־פאַקטאָרן פון זײַן שפּעטערדיקן לעבן.

די פיזישע אױסשעפּונג, באַזונדערס אין די הונגער־טעג, װען ער האָט קײן „טעג" ניט געהאַט, האָבן פאַרשאַרפט דעם אַנגסטלעכן צושטאַנד און העכערפירט דעם משוגענעם בטלן צו זײַנע פּאַטאָלאָגישע אױסברוכן.

## די גײַסטיקײט פון דער ייִדישער פּסיכישער נאַטור

אין משוגענעם בטלן האָט פּרץ אױפגעשטעלט אַ גאַנץ און פאַר־ענדיקט בילד פון אַן אומנאָרמאַלער פּסיכישער דערשײַנונג אין אַלע אירע פּרטים און סימפּטאָמען. אין „אַז מ'זאָגט משוגע — גלויב" אַנטפּלעקט פּרץ דעם קאָמפּליצירטן מעכאַניזם פון דער מעלאַנכאָליע, און האָט אין צענדליקער אַנדערע דערצײלונגען, און אין אַלע זײַנע װערק, אַרויסגעװיזן אַן אױסערגעװײנטלעכע סענסיביליטעט צו די פאַרבאָרגנסטע װיבראַציעס פון דער מענטשלעכער נשמה, אַזױ אין דער נאָרמאַלער אױסװיקלונג פון אירע פּסיכישע פּראָצעסן, װי אױך אין אירע פּילצאָליקע אָפּנױגן און געהײמנישפולע אומװעגן.

דאָס װאָס די װיסנשאַפט האָט אַנאַליזירט קאַלט און אָביעק־

טיזו, ווי אין אַ לאַבאָראַטאָריע ווערן אונטערזוכט די באַשטאַנד־טיילן פון אַ געוויקס, האָט פּרץ געשילדערט מיט אַלע זײַנע לעבנס־פאַרבן, און זײַנע ווערטער, ווי זײַנע פּינטעלעך, אינטערפּרעטירן דעם לעבעדיקן צאַפּל פון הערצער, דעם שטומען באַגער פון נשמות, דעם פאַרבאָרגענעם ריזל פון בלוטן. **פּרץ האָט נישט קאָפּירט די ווירקלעכקייט, ער האָט די ווירקלעכקייט געשאַפן.**

דער משוגענער בטלן, צום בײַשפּיל, קוקט אַרײַן אין כיור־שפּיגל, און פירט אויס אויף אַזאַ מין אופן אַן אַקט, וואָס איז זייער כאַראַקטעריסטיש — און „נאַטירלעך" — פאַר דעם דאָזיקן פּסיכישן צושטאַנד. דער וויסנשאַפטלער האָט די דאָזיקע האַנדלונג אָבסער־ווירט, דער קינסטלער האָט זי אינטואירט, — און ווי עס שײַנט, איז די לאָגיק פון דער קינסטלערישער אינטואיציע אונטערוואָרפן די זעלבע געזעצן ווי די לאָגיק פון דער נאַטור:

ביידע קומען צו די זעלבע אויספירן.

מיר באַוווּנדערן אין פּרצן זײַן פרוכטבאַרע פאַרשטעלונגס־קראַפט, זײַן וואָגיקע ערודיציע, די רײַכע פאַרשיידנאַרטיקייט פון זײַן טעמאַטיק, די אָריגינעלע זאַפטיקייט פון זײַן סטיל, די טיפע אידעאישע השגות, די ברייטע פאַרמעסטן פון זײַן קינסטלערישער וויזיע און דעם צויבער פון זײַן פּערזענלעכקייט, וואָס שײַנט אַרויס פון אַלע זײַנע ווערק; — אָבער, דער אַמערסטן כאַראַקטעריסטישער און אייגנאַרטיקער שטריך אין דער קינסטלערישער געשטאַלט פון אונדזער גרויסן קלאַסיקער איז זײַן וווּנדערבאַרע פעאיקייט אַרײַנ־צודרינגען אינעם אינעווייניקסטן נשמה־לעבן פון מענטשן, פאַרנע־מען די שטימע פון זײַן פאַרבאָרגענעם איך, און אויפכאַפּן די סו־דותפולע רעגונגען פון זײַנע באַוווּסטזיניקע און אויך אונטערבאַ־וווּסטזיניקע קרעפטן.

די קינסטלערישע סטיכיע פון פּרצן איז די וועלט פון דער נשמה, די גײַסטיקייט, די העכערע כוונה, דער טיפערער מיין, די

אידעע, די נשמה־יתירה. נשמות זײַנען די הויפּט־העלדן פֿון פּרצעס ווערק, און דאָרט ווו עס דערשײַנען רעאַלע מענטשן, ווײַזט זיי פּרץ נישט אין זייער אויסערלעכן לבוש, נאָר אין זייער אינערלעכן, גײַסטיקן, נשמהדיקן וועזן.

י. ל. פּרץ איז דער דיכטער פֿון נשמות.

און אַזאַ הויכע גײַסטיקע פּאָרמאַציע פֿון אַ קינסטלער האָט ניט געקענט זײַן קיין ווערק פֿון יאָרן און פֿון איין מענטשלעכן לעבן. אַזאַ לויטערע דורכזיכטיקייט און גײַסטיקייט, וואָס פֿאַרנעמט דעם סודותפֿולן נשמה־ציטער און וואָס גרייכט ביז די העכסטע וועלטן — אויב ניט נאָך העכער — איז אַ ירושה פֿון אומצייליקע דורות, אַ טראַדיציע פֿון פּותרי־חלומות, פֿון נביאים און דיכטער, פֿון דעם געבאָט לא תעשה לך פסל וכל תמונה אשר בשמים; זאָלסט דיר ניט מאַכן קיין געשניץ אָדער געשטאַלט פֿון דעם וואָס אין הימל; וואָס איז נאָך געזאָגט געוואָרן צו די ייִדן בײַם באַרג סיני, און זינט דאַן האָט דאָס פֿאָלק אָנגעהויבן דענקען מיט סימבאָלן, מיט אַבסטראַקציע, מיט פֿאַנטאַזיעס, מיט אידעען, וואָס האָבן געפֿורעמט די גײַסטיקייט פֿון זײַן פּסיכישער נאַטור.

## ליבע און גלויבן אין מענטשן

צוגלײַך מיט נשמות זײַנען אויך רײַך פֿאַרטראָטן אין פּרצעס ווערק חלומות, דורך חלומות אַנטפּלעקט זיך די נאַקעטע נשמה פֿון מענטשן, און דורך טרוים־סימבאָלן קומען צום אויסדרוק די אינטימסטע נשמה־באַגערן. אַן אַנדער גרויסער זון פֿון ייִדישן פֿאָלק, זיגמונד פֿרויד, איז דורך דער באַשיידונג פֿון חלומות — וואָס איז היסטאָריש אַזוי פֿאַמיליאַר דעם ייִדישן גײַסט — געקומען צו דער אַנטדעקונג פֿון אונטערבאַוווסטזײַן און פֿון פּסיכאָאַנאַליז.

דורך גאַנץ פֿאַרשידענע וועגן — אָבער פֿון די זעלבע ירושה־

קוואַלן — האָבן ביידע געשעפּט, און עס ליגט אַף זייער שאַפונג דער היסטאָרישער חותם פון דער ייִדישער גייסטיקער פערזענלעכקייט.

דורך דער נשמה פון יחיד האָט פּרץ משיג געווען די נשמה פון פאָלק, און אין זײַנע פאָלקסטימלעכע געשיכטן, ווי אין חסידיש, קומט צום קינסטלערישן אויסדרוק דאָס אינערלעכע גײַסטיקע לעבן.

די איבערפלעכלעכע און אויסערלעכע רעאַליטעט האָט נישט געלאָקט פּרצעס קינסטלערישע אויפמערקזאַמקייט, ער האָט גע־נישטערט אין די טיפענישן פון אינערלעכן לעבן.

אינספּירירט אינעם זעלבן גײַסטיקן אומרו האָט ער פונעם הײַנט געווענדעט זײַן בליק צום ווײַטן היסטאָרישן נעכטן.

ווײַטקייט און טיפקייט זײַנען אידענטישע באַגריפן, וואָס ליגן נאָר אויף באַזונדערע פלאַכן.

אַזאַ צאַרטער און פילבאַרער געהער צו די אינטימסטע באַגערן פון דער מענטשלעכער נשמה, זאָגט עדות אויף אַ טיפער ליבע צו מענטשן. אַ וואַרעמע האַרציקייט ליגט אויסגעגאָסן אויף פּרצעס ווערק און אַ פאָטערלעכע ליבע שטראַלט אַרוים פון אַלע זײַנע סאָציאַלע, נאַציאָנאַלע און פאָלקסטימלעכע מאָטיוון, וואָס זײַנען דורכגעדרונגען מיט אַ טיפן עטישן גײַסט און אויפריכטיקן גלויבן אין מענטשן.

# אַ ייִדישע פּסיכאָלאָגיע

„דאָס לעבן ענדערט זיך, און מסתּמא וועט זיך אויך ענדערן דער פּסיכאָאַנאַליז; כ'שטיי בלויז בײַ דער שוועל פֿון אַ נײַער וויסנשאַפֿט. איך האָב באַוויזן אַרויסצונעמען אויף דער ליכטיקער שײַן בלויז איניקע צייכנס אויסגעקריצטע אין די פֿאַרבאָרגנסטע ווינקלען פֿון דער מענטשלעכער נשמה; — אַנדערע וועלן דאָרט געפֿינען גאַנצע קאָנטינענטן".

זיגמונד פֿרויד

## דער פּסיכאָאַנאַליז

דער מאָטאָ, וואָס דינט אונדז פֿאַר אַן אַרײַנפֿיר, איז זייער כאַראַקטעריסטיש פֿאַר פֿרוידן, דעם געניאַלן דענקער און וואָרט־מײַסטער, וואָס דריקט אויס די ערודיציע פֿון אַ פֿאָרשער און די טיפֿקייט פֿון געדאַנק מיט דער בילדערישער קראַפֿט פֿון אַ קינסטלער.

די אויבנגעבראַכטע ווערטער זײַנען געשריבן געוואָרן אין אָנהויב אונדזער יאָרהונדערט, פֿאַר דער צײַט האָט דאָס לעבן ווירקלעך זיך געענדערט, אָבער עס זײַנען געבליבן כמעט ווי אומפֿאַרענדערט די גרונד־פּרינציפּן פֿון פּסיכאָאַנאַליז. עס האָט זיך יאָ געענדערט די באַציאונג צו דער טעאָריע, וואָס איז פֿון אָפֿענער קעגנערשאַפֿט, אומצוטרוי און פֿאַרלייקענונג, אַריבער צו אַ ברייטער אָנערקענונג און אָנווענדונג אויף אַלע געביטן פֿון לעבן.

דער פּסיכאָאַנאַליז ווי פֿרויד רופֿט אָן זײַן טעאָריע, איז פֿון סאַלאָן און לאַבאָראַטאָריע אַריבער אין טאָג־טעגלעכן לעבן, און ווערט דורך דער ליטעראַטור און טעאַטער אַרײַנגעפֿירט אין באַוווּסטזײַן

פון פּשוטן מענטשן, וואָס נעמט אויף אין אָנהויב יעדע נײַעס ווי אַן אומגלויבלעכע סענסאַציע און פאַרדייעט עס צום סוף ווי אַ געזעץ פון דער נאַטור.

פרויד האָט באַוויזן, ווי ער זאָגט „ארויסנעמען אויף דער ליכ־טיקער שײַן אייניקע צייכנס אויסגעקריצטע אין די פאַרבאָרגנסטע ווינקלען פון דער מענטשלעכער נשמה". אָבער זײַן אַנטדעקונג פו־נעם אונטערבאַוווסטזײַן, פון די פאַרבאָרגענע פּסיכישע עלעמענטן, וועלכע ווירקן אין מענטשלעכן לעבן, און וועגן וועלכע דער מענטש האָט באַוווסטזיניק ניט קיין אַנונג, איז פיל מער ווי „אייניקע צייכנס"; דאָס איז שוין אין דער ווירקלעכקייט דער נײַער „קאָנטי־נענט", די הויפּט־קאָנטורן און כאַראַקטער־שטריכן פון וועלכן פרויד האָט געענוי אויסגעפאָרשט און באַשריבן אין זײַנע פילצאָליקע ווערק.

וואָס איז נשמה?

דער סוד פון דער נשמה איז די טיפסטע מיסטעריע, וועלכע דער מענטש האָט אומבאַהאָלפן געשטרעבט צו באַשיידן. דער טויש פון חלום און וואָר און פון לעבן און טויט, האָט שטענדיק געלאָקט די אויפמערקזאַמקייט פון מענטשן, די פאַנטאַזיע פון וועלכן האָט פאַרצווייפלט געבלאָנדזשעט אין די וועלטן פון מיסטיציזם און האָט צו דער מיסטעריע ניט געפונען קיין באַשיידונג.

אַ גרויסן טייל פון דעם סוד האָט אַנטפּלעקט זיגמונד פרויד. די דאָזיקע אַנטדעקונג — דער פּסיכאָאַנאַליז — איז אַנטשטאַנען ווי אַ שטרעבונג צו געפינען אַ דערקלערונג און אַ מיטל אויף צו פאַרשטיין און היילן די פּסיכישע און גײַסטיקע קראַנקייטן, קעגן וועלכע די וויסנשאַפט איז געווען אומבאַהאָלפן. אָבער דאָס וואָס ער האָט אויס־געפונען האָט זיך אַרויסגעוויזן צו זײַן ניט נאָר אַ ווערקצײַג פאַרן מעדיקער, נאָר אויך אַ פּרעציזער און וויכטיקער אינסטרומענט אויף צו פאָרשן די נשמה פון מענטשן; אַ מאָס אויף צו מעסטן פיל דערשײַנונגען אין מענטשלעכן לעבן, אויף צו דערקלערן די האַנד־

לונגען פון מענטשן, אויף צו פאַרשטיין די פאַרשיידנאַרטיקייט פון מענטשלעכן כאַראַקטער, פון זײַנע אינסטינקטן, זיטן און טענדענצן.

## די וועלט פון חלומות

פאַרשנדיק די „פאַרבאָרגענע ווינקלען פון דער מענטשלעכער נשמה" וווּ עס קאָנען זײַן באַהאַלטן די וואָרצלען פון פּסיכישע און ג ײַ ס ט י ק ע קראַנקייטן, איז פרויד אַרײַנגעדרונגען אין דער מיסטעריעזער וועלט פון חלומות. זײַנע צוויי ביכער וועגן דעם ענין, אין וועלכע ער אַנאַליזירט מיט אַן איבעררעאַשנדיקער אָביעקטיוויטעט און אָפנהערציקייט זײַנע אייגענע חלומות, זײַנען זיכער די אָריגינעלסטע שאַפונגען פון אונדזער יאָרהונדערט.

דער שלאָף, זאָגט פרויד, איז אַ צוריקקער פון מענטשן צו זײַן פּרימיטיוון, עמבריאָנעלן צושטאַנד אין דער מוטער־טראַכט. די פּאָזיציע פון אַ שלאָפנדיקן איז ווי די פּאָזיציע פון אַ ולד, פון אַן עמבריאָן, וואָס דאַרף וואַרעמקייט, פינצטערניש און רו. דער שלאָפנדיקער איז אויסן זיך צו איזאָלירן פון דער רעאַלער וועלט און ניט דערלאָזן צו זײַן באַוווּסטזײַן קיין שום געדאַנקען און אויסערלעכע אײַנדרוקן, וואָס זאָלן פאַרשטערן זײַן אָפּרו. ס'איז אַ גן־עדן צושטאַנד פון אַבסאָלוטן גליק; און מעגלעך, אַז די ביבלישע לעגענדע פון פאַרלאָרענעם גן־עדן דריקט אויס סימבאָליש דעם גורל פון מענטשן, וואָס ווערט אויף גוואַלד אָפּגעשיידט פון זײַן מוטער־טראַכט און אַרײַנגעוואָרפן אין שווערן קאַמף פון אַ זעלבסטשטענדיקן לעבן.

אָבער אין שלאָף „שלאָפט" בלויז איין טייל פון דער מענטשלעכער פערזענלעכקייט, דער טייל פון זײַן באַוווּסטזײַן; אַ גרויסער טייל פון דער נשמה ווייס ניט פון קיין רו, און קומט צום אויסדרוק דורך דער שפּיל פון חלומות. עס איז גוט באַוווּסט דער פאַקט, אַז קינדער

פּאַרווירקלעכן אין שלאָף זייערע אומבאַפרידיקטע פאַרלאַנגען פון טאָג. אַ נאַשעריי וועלכע דער קליינער שטיפער באַקומט נישט ביי־טאָג, עסט ער אָפּט אין שלאָף ביינאַכט.

ביי דערוואַקסענע איז דער פּראָצעס פון חלום קאָמפּליצירטער, ווייל ביי אים גאָרן נאָך באַפרידיקונג פאַרבאָרגענע פאַרלאַנגען, תאוות און שטרעבונגען, וואָס שפּאַרן זיך מחנותוויז אין אַ פאַנ־טאַסטישן הארמידער, פאַראוים, אַרויף, צום באַוווסטזיין פונעם שלאָ־פנדיקן מענטשן.

אָבער דער מענטש רייסט ניט איבער זיין זיסן דרימל. זיין מוח איז פריי פון די זאָרגן פון טאָג, און פון יעדער אויסערלעכער שפּי־רונג, — זאָל זיין שטיל! אַ מענטש געניסט פון זיין כשר־פאַרדינטן אָפּרו. — אָבער ס'איז נישט שטיל, די אינסטינקטן בושעווען, עס קאָכן ווי אין אַ קעסל די תאוות, עס קלאַפּן ערגעץ אין דער טיף די דערשטיקטע אַמביציעס און די איינגעגעסענע זאָרגן; עס ברענט ווי אין אַ גהינום, און עס רייסן זיך אין דער הויך, צום באַוווסטזיין, די פלאַמען.

## דער אומבאַוווסטזיין

ווי קומען פאַר די דאָזיקע מיסטעריעזע פּראָצעסן? — זיי קומען פאַר אין אומבאַוווסטזיין, זאָגט פרויד, וועלכן מיר קאָנען פאַרשטעלן ווי אַ מין אומענדלעכן קעלער, אין וועלכן עס הויזן די אינסטינקטן, און אין וועלכן דער מענטש וואַרפט אַריין און פאַרטרייבט, — פאַר־דרענגט — לויט פרוידס אויסדרוק, זיינע תאוות און אינסטינקטיווע אימפּולסן, וועלכע ער האָט ניט געקענט, אָדער ניט געוואָלט, באַפרי־דיקן. דאָס זיינען אין דער ערשטער ריי אינסטינקטן פון סעקסועלן כאַראַקטער, וואָס האָבן ניט געשטימט מיט די מאָראַלישע פּרינציפּן

פון מענטשן, וואָס זײַנען אים געווען דערווידער, און וואָס האָבן נאָך געקענט שטאַמען פון די ווײַטע קינדער־יאָרן.

האָט דער מענטש די אַלע נים־פאַרווירקלעכטע און ניט־באַפרידיקטע טענדענצן „ארויסגעוואָרפן" פון זײַן באַוווּסטזײַן; עס הייסט, אַז ער האָט זיי „פאַרגעסן", אָבער זיי זײַנען שפּורלאָז ניט פאַרשווונדן, נאָר געבליבן „שטעקן" אין דעם טייל פון זײַן נשמה, וועלכע דער פּסיכאָאַנאַליז באַצייכנט מיטן נאָמען אומבאַוווּסטזײַן.

דער באַוווּסטזײַן שטעלט מיט זיך פאָר בלויז אַ קליינעם טייל פון דער מענטשלעכער נשמה, איר גרעסטער טייל איז דער אונטערבאַוווּסטזײַן, אין וועלכן עס ליגן אָנגעהויפנט, נאָך פון די קינדער־יאָרן, אַלע באַהאַלטענע כוונות, אַלע געירשנטע אינסטינקטן, אַלע פאַרבאָרגענע און אונטערדריקטע טענדענצן.

קאַרל אַבראַהאַם, איינער פון די טאַלאַנטפולסטע נאָכפאָלגער פון פרוידן, זאָגט, אַז דער גוף טוט זיך אויס פאַרן שלאָף, און די נשמה טוט זיך אויס אין שלאָף; זי וואַרפט פון זיך אַראָפּ די פענטעס, באַפרײַט די אינסטינקטן, און זוכט פאַר זיי אַ באַפרידיקונג. אָבער זי קען די תאוות נאַקעט און אָפן ניט באַווײַזן פאַרן באַוווּסטזײַן פון מענטשן. דער מענטש וואָלט אָנקוקנדיק זײַנע פאַרבאָרגענע פאַרלאַנגען מיט שרעק און עקל זיך אויפגעכאַפּט פון שלאָף, ווי דאָס טרעפט אָפט אין אַזעלכע פאַלן. פאַלט ער אויף אַ שפּיצל, דער יצר־הרע, וואָס קיניגט אין דער וועלט פון אונטערבאַוווּסטזײַן, און ער קליידט אָן זײַנע פערסאָנאַזשן אין מאַסקעס, ער פאַרשטעלט זיי, ער פאַרוואַנדלט זיי אין סימבאָלן, און אויף אַזאַ מין אופן לאָזט זיי אַרײַן דער שומר, דער יצר־טוב, אין זאַל פון באַוווּסטזײַן. דער שלאָפנדיקער מענטש זעט דעריבער אַ שפּיל פון מאַסקעס, אַ מאַסקאַראַדן־באַל — **אַ חלום,** וואָס פאַרשאַפט אים פאַרגעניגן, וואָס פאַרוויגט אים און פאַרזיסט אים די שעהן פון אָפּרו.

אין חלום ווערן די פאַרבאָרגענע כוונות פאַרווירקלעכט אומדי־

רעקט, אילוזאָריש; די תאוות ווערן באַפרידיקט סימבאָליש, אין דער פאָרם פון האַלוצינאַציעס, פון פאַנטאַזיעס און וויזיעס. די חלומות באַפרייַען דעם מענטשן פון דער אינערלעכער פּסיכישער שפּאַנונג, וואָס קומט פון די אונטערדריקטע אינסטינקטן אין אונטערבאַוווסטזיין. די חלומות זייַנען אויף אַזאַ מין אופן די גוטע מלאכים, וואָס היטן אָפּ דעם אָפּרו פון מענטשן. רואיק און טיף שלאָפט דער בעל-חלום, בלויז דער טויט איז פרייַ פון חלומות...

## די מעמקים - פּסיכאָלאָגיע

מיטן אַרייַנדרינגען אין דער וועלט פון חלום האָט פרויד גע־שאַפן דעם יסוד פון דער מעמקים-פּסיכאָלאָגיע, טיפקייט-פּסיכאָלאָ־גיע, ווי אַנדערע רופן דעם פּסיכאָאַנאַליז. ער האָט מיט דער וויסנ־שאַפטלעכער אינטערפּרעטאַציע פון חלומות אַנטדעקט דעם דינאַ־מיזם פון דער מענטשלעכער פּסיכיק און האָט געוואָרפן אַ שטראַל ליכט אויף די פאַרבאָרגנסטע טיילן פון דער מענטשלעכער נשמה.

דאָס וואָס מיר געדענקען פון חלום, וואָס אונדז בלייַבט אין זכרון פון דעם חלום-שפּיל, זעט אויס ווי אַן אַבסורד, ווי אַן אָפּגעּ־ריסענע שטיק פון אַ קינדער-מעשהלע, דער פולער אינהאַלט פון וועלכער מען דאַרף זוכן אין אונטערבאַוווסטזיין, ווו עס ליגן די באַהאַלטענע כוונות פון אַלע מענטשלעכע חלומות און פאַנטאַזיעס.

און מיט אַן אייַזערנער לאָגיק, וואָס שטיצט זיך אויף וויסנ־שאַפטלעכער דיסציפּלין, אויף קלינישער דערפאַרונג און לאַנגיאָרי־קער פערזענלעכער באַאָבאַכטונג, קומט פרויד צום אויספיר, אַז די אַלע עלעמענטן וואָס לעבן פאַרבאָרגן אינעם אונטערבאַוווסטזיין — און אין דער ערשטער ריי די אינסטינקטן און סעקסועלע טענדענצן — פּראָוואָצירן ניט נאָר דאָס חלום-שפּיל, נאָר זיי באַווירקן אויך

אויף דער וואָר די האַנדלונגען פון נאָרמאַלן מענטשן און פאָרמירן זייִנע עיקרדיקע כאַראַקטער־שטריכן.

אין זייִן וווּנדערבאַר ווערק וועגן דער פּסיכאָלאָגיע פון וויץ, דערציילט פרויד, אַז אַ הויכער עסטרייַכישער באַאַמטער, וואָס האָט זאָרגפעליק אויסבאַהאַלטן זייִן ווייַטן יִדישן אָפּשטאַם, האָט אין אַן עפנטלעכן פּלאַץ אומדערוואַרטעט זיך געווענדעט צו זייִנע זין מיטן אויסרוף „יודענקינדער...״ די ווערטער האָבן זיך אַרויסגעכאַפּט „צופעליק״ און די באַהאַלטענע כוונה פון דער דאָזיקער צופעלי־קייט, וואָס איז אגב נישט שווער צו באַשיידן, וואָרצלט אינעם באָדן פון אונטערבאַוווּסטזייַן, פון וועלכן ס׳האָט בייַ דער ערשטער געלע־גנהייַט זיך אַרויסגעכאַפּט דער אונטערדריקטער און באַהאַלטענער „יודע״.

אַ ווינער סאָציאַליסטישע צייַטונג איז באַשטראָפט געוואָרן פאַר אַ דרוקפעלער „קאָרנפּרינץ״ אַנשטאָט „קראָנפּרינץ״. אויפן צווייטן טאָג איז די צייַטונג אַרויס מיט אַ תיקון טעות און האָט גע־שריבן „קראָנפּריץ״... אַ מאָנאַרכיסטישע צייַטונג וואָלט וואַרשייַנ־לעך אַזאַ פעלער נישט געמאַכט. מען דאַרף פאַרשטיין, אַז אויך די סאָציאַליסטן האָבן באַוווּסטזיניק ניט בדעה געהאַט צו פאַרגרייַזן דעם טיטל קרוינפּרינץ. די כוונה אַרייַנצוזאָגן דעם פּרינץ איז געקו־מען פון דער טיף, פון די לציבּ וועלכע ליגן אין אומבאַוווּסטזייַן פון מענטשן.

דער פּרעזידענט פון עסטרייַכישן פּאַרלאַמענט האָט פּאַראויס־געזען אַ שטורמישע דעבאַטע און ער האָט געעפנט די זיצונג מיט די ווערטער: „מייַנע הערן, איך דערקלער די זיצונג פאַר געשלאָסן...״

דער ווילן איז דער פאָטער פון וואָרט און פון טאַט; דער פּרע־זידענט האָט געוואָלט וואָס גיכער צו דערקלערן דעם סוף פון דער זיצונג, און די געגאַרטע ווערטער האָבן זיך בייַ אים „אַרויסגעכאַפּט״ פאַר דער צייַט. אָבער דער ווילן, וואָס מיינט, אין אַ טיפערן זין די

שטרעבונג צו גענום און פאַרגעניגן, קומט ניט פון אויבן, פון באַ־וווּסטזיַין; נאָר שטאַמט פון אונטן, פונעם קעניגרײַך ווו עס הערשן די אינסטינקטן.

די אַלע פעלערן און טעותים פון געזונטן מענטשן כאַפּן זיך אַרויס, ווי באַוווּסט „ניט ווילנדיק". ווען מיר דריקן דאָס אויס מיט אַנאַליטישע טערמינען וועט דאָס הייסן, אַז די עלעמענטן פון אונ־טערבאַוווּסטזיַין, וואָס ווערן אונטערדריקט און געהאַלטן אין שפּאַן, כאַפּן זיך אַרויס ווי קינדער־שטיפער פון קלאַס ווען דער שטרענגער לערער, דער באַוווּסטזיַין, פאַרקוקט זיך אַביסל, ווערט מיד אָדער — כאַפּט אַ דרימל.

## דער פּסיכישער קאָנפליקט

איזהו גיבור, הכובש את יצרו, און עס ווערט געטײַטשט גע־ווײנלעך, אַז אַ גיבור איז דער וואָס באַזיגט זיַין יצר־הרע. אָבער אַ זיג פון איין צד קען באַדיַיטן, לויט פרוידן, אַ צוזאַמענברוך פון דעם פּסיכישן און גייַסטיקן גלײַכגעוויכט פון מענטשן. טייל פּסי־כאָזן זייַנען אַ רעזולטאַט פון די אונטערדריקטע און באַזיגטע אינ־סטינקטן, וועלכע האָבן ניט געפונען קיין נאָרמאַלע און נאַטירלעכע באַפרידיקונג; אין אַנדערע ווידער, קומט די פּסיכישע קראַנקייט ווי אַ קאָנסעקווענץ פונעם טריאומף פון די בלינדע אינסטינקטן, וואָס פאַרפּלייצן און פאַרבלענדן דעם באַוווּסטזיַין פון מענטשן.

דאָרט ווו עס ווערט אונטערדריקט און איגנאָרירט איינער פון די צדדים, מוז קומען צו אַ צוזאַמענשטויס און דער באַזיגטער צד וועט זוכן אַ קאָמפּענסאַציע און אַן אַרויסגאַנג דורך אומנאָרמאַלע און זײַטיקע וועגן. אַזוי אַנטשטייען די סימפּטאָמען פון אַלע פּסיכישע און גייַסטיקע קראַנקייטן. נאָר אַ נאָרמאַלע באַפרידיקונג פון די אינסטינקטן, אין פולן הסכם מיט די עטישע און עסטעטישע פּרינ־

ציפּן פון דער פּערזענלעכקייט, שאַפן די באַזע פאַר אַ גײַסטיקן גלײַכגעוויכט און פּסיכישן געזונט פון דעם מענטשן.

די אינערלעכע האַרמאָניע פון דער פּערזענלעכקייט, דער פרידלעכער צוזאַמענלעבן פון אַלע עלעמענטן אין דער נשמה, די אָנערקענונג פון זייער עקזיסטענץ-באַרעכטיקונג, און אַ בשלומדיקע און פרידלעכע לייזונג פון אַלע פּסיכישע קאָנפליקטן, אָן זיגער און אָן באַזיגטע — דאָס איז דער מקור און ענדציל פון פרוידס מעמקים-פּסיכאָלאָגיע.

די אָנערקענונג, אַז די מענטשלעכע פּערזענלעכקייט ווערט רעגירט דורך די מיסטעריעזע קרעפטן פון אומבאַוווסטזײַן, מיינט, אַז עס דאַרפן געשאַפן ווערן לעבנס-באַדינגונגען דער מענטש זאָל זיך קאָנען אויסלעבן אין האַרמאָניע מיט זײַנע נאַטירלעכע, און גלײַכצײַטיק אויך, מיט זײַנע סאָציאַל-עטישע באַדערפענישן; עס הייסט, אין האַרמאָניע מיט די ביאָלאָגישע געזעצן פון דער נאַטור און אין פולן הסכם מיט די מאָראַלישע פּרינציפּן פון דער געזעלשאַפט.

טאָמאַס מאַן זאָגט, אַז „דער פּסיכאָאַנאַליז איז איינער פון די וויכטיקסטע עלעמענטן אינעם אויפבוי פון אַ בעסערער צוקונפט און פונעם אויפקום פון אַ מענטשהײַט, וואָס זאָל זײַן פריי נישט נאָר פון אויסערלעכע, — נאָר אויך פון אינערלעכע קייטן".

אַ גבור איז ניט דער וואָס „באַזיגט" זײַנע אינסטינקטן, נאָר דער וואָס הערשט איבער זיי; הכובש את יצרו, דער וואָס „האַלט אײַן" דעם יצר-הרע. פרויד אַנטוויקלט די טעאָריע פון סובלימאַציע און דערווײַזט, אַז די אינסטינקטיווע אימפּולסן זײַנען פון אַ בייגזאַמער עלאַסטישער קאָנסטרוקציע, און קאָנען געריכטעט ווערן אויף פאַרשידענע געביטן און געפינען אַן אויסלאָדונג און באַפרידיקונג אין אַזאַ אַקטיוויטעט, וואָס זאָל באַהערשן אַלע חושים און געדאַנקען פון מענטשן און באַפרידיקן זײַנע אינטימסטע טענדענצן. אַזוי אַז דאָס פײַער פון די אינסטינקטן קען געהייליקט ווערן, און ווי

אַ נאַטירלעכער קוואַל פון ענערגיע דינען ווי אַ באַוועג־קראַפט פאַר העכערע צוועקן.

## ווער, און פאַרוואָס איז קעגן ?

ווייניק נײַע וויסנשאַפטלעכע דערפינדונגען און אַנטדעקונגען האָבן אַרויסגערופן אַזאַ מין געאייניקטן און שטורמישן ויצעקו, ווי דער פּסיכאָאַנאַליז. דער באַרימטער פּסיכאָלאָג, יונג, האָט באַצייכנט די טעאָריע ווי אַ „יודען־וויסנשאַפט״ וואָס קען אָנגעווענדעט ווערן נאָר אויף „פאַרקריפּלטע״ ייִדישע נשמות; און דעם זעלבן אַנטי־סעמיטישן גיפט, פאַראַכטונג און ביטול, האָט דער פּסיכאָאַנאַליז און זײַן מחבר אָנגעטראָפן אויף שריט און טריט.

און עס האָט אויך אַנדערש נישט געקענט זײַן. דער פּסיכאָאַנאַליז האָט געוויזן די „לינקע זײַט״ פון דער מענטשלעכער פּערזענלעכקייט, און אין אַזאַ בילד קען רואיק אַרײַנקוקן נאָר אַ ריינער גײַסט, וואָס איז בכוח אָפּצושיידן יראה פון טומאה, וואָס זעט די ביאָלאָגישע קראַפט פון די אינסטינקטן און וואָס געפינט אויך די וועגן פון סובלימאַציע. נאָר אין אַ קרעציקן כאַראַקטער ליגט בטבע די מורא אַרײַנצוקוקן אין אַ נשמה־שפּיגל.

וואָס ווייניקער דער מענטש קען זיך, אַלץ ווייניקער איז ער פאַראַנטוואָרטלעך פאַר זײַנע מעשים; און וואָס נידעריקער ער פאַלט — אַלץ שטאַרקער איז זײַן שטרעבונג ניט אַראָפּצוקוקן אין אָפּגרונט אין וועלכן ער איז געזונקען. די נאַציס האָבן מיט אַ באַזונדער אײַפער געברענט פרוידס ווערק, און האָבן שטרענג פאַרבאָטן דעם פּסיכאָאַנאַליז.

אוודאי האָט דער פּסיכאָאַנאַליז שטאַרק געטראָפן די אויפגעבלאָזענע זעלבסטליבע פון מענטשן, וואָס האָט זיך געוואָלט אײַנ־

רייִדן, אַז זײַנע מעשים ווערן רעגירט דורך דער אָביעקטיווער לאָגיק פֿון זײַן שכל און דורך די געזעצן פֿון אינטעלעקט.

די אַנטדעקונג פֿון קאָפּערניק, וואָס האָט אָפּגעלייקנט, אַז די ערד איז דער צענטער פֿון וועלט־אַל און די לערע פֿון דאַרווין וועגן אָפּשטאַם פֿון מענטשן, וועלכער איז ניט מער ווי אַ רינגעלע אין דער אומענדלעכער קייט פֿון אַנטוויקלונג, האָבן צוגלײַך ווי דער פּסיכאָאַנאַליז, פֿאַרווונדעט די אײַנגעבילדעטע אייגנליבע פֿון מענטשלעכן מין, וואָס ווערט זיך מיט אַלע מיטלען און וויל ניט אָנערקענען די אמתן, וואָס אַנטפּלעקן זײַנע אינסטינקטיווע און הערשעריש־סאַדיסטישע טענדענצן.

אַנגעמען די טעאָריע פֿון אינסטינקטן, הייסט אָבער נישט אָנערקענען זייער רעכט אויף צו הערשן, נאָר להיפּוך, די ייִדישע פֿאָלקס־פֿאַנטאַזיע האָט געגעבן עקזיסטענץ־באַרעכטיקונג דעם יצר־הרע און האָט גלײַכצײַטיק געשאַפֿן דעם יצר־טוב ווי אַן אידעאַל, וואָס דאַרף אינספּירירן — סובלימירן, אויף דער פּסיכאָאַנאַליטישער שפּראַך — די מעשים פֿון מענטשן. דאָס טראַדיציאָנעלע ייִדישע פֿאַמיליען־לעבן, די געזונטע ייִדישע סעקסועלע מאָראַל, וואָס איז רעגירט געוואָרן דורך רעליגיעזע נאָרמען און זיטן, וועלכע האָבן גוט פֿאַרשטאַנען און אין אַכט גענומען די נאַטור פֿון מענטשן, האָבן אין פֿאַרגלײַך מיט פֿיל אַנדערע פֿעלקער, אויפֿגעהאַלטן די מאָראַלישע ריינקייט און דעם גײַסטיקן גלײַכגעוויכט פֿון דער ייִדישער פֿאָלקס־נשמה.

פּרושים זײַנען בײַ אונדז אויסנאַמען, אַסקעטיזם איז בײַ ייִדן ניט קיין אינסטיטוציע, און ס'איז אונדז אויך פֿרעמד דער צווייטער עקסטרעם פֿון אומגעצוימטער סאַדיסטישער אינסטינקטן־אָרגיע, וואָס קומט צו איר העכסטן אויסדרוק אין יעדן בלוטיקן קריג. ייִדן זײַנען היסטאָריש אַ פֿאָלק פֿון פֿרידן און די ייִדישע פּסיכאָלאָגיע איז רײַך מיט סובלימירטע עלעמענטן, וואָס איז אין אַ גרויסער מאָס אַ רעזול־

טאַט פונעם שווערן היסטאָרישן צופּאַסונגס-קאַמף פאַר עקזיסטענץ, און פון דער אינטענסיווער פסיכיש-אינטעלעקטועלער און גייסטיקער טעטיקייט, וואָס איז אַזוי כאַראַקטעריסטיש פאַרן ייִדישן מענטשן.

אינעם אומגעהויערן אוצר פון ייִדישן הומאָר פעלן כמעט אויס פּיקאַנטע וויצן, מיט וועלכע עס זײַנען אַזוי רײַך פיל אַנדערע פעל־קער. דאָס ייִדישע פאָלק, האָט סובלימירט אַ גרויסן טייל פון זײַן אינסטינקטיווער ענערגיע, און די סובלימאַציע-קראַפט איז געוואָרן אַ טייל פון זײַן נאַטור, וואָס איז טיילווײַז אויך געקומען צום אויס־דרוק אין די מאַסן-באַוועגונגען פון רעליגיעזן, סאָציאַל-נאַציאָנאַלן און מיסטישן כאַראַקטער.

## אַ פאָלק פון בעלי־חלומות

מיר זײַנען שטענדיק געווען אַ פאָלק פון בעלי-חלומות, די גאַנ־צע ייִדישע געשיכטע און דער ייִדישער פאָלקלאָר זײַנען דורכגע־וועבט מיט חלומות, ווו טרוים און וואָר גייען האַנט בײַ האַנט און מען פילט ניט די גרענעצן וואָס שיידן אָפּ איינס פון צווייטן.

יעקב, יוסף, דניאל, די גאַנצע נבואה, איז אַ וווּנדער-געמיש פון חלום און וואָר, ווו די רעאַליטעט זעט אויס ווי אַ טרוים און ווו יע־דער חלום-וויזיע איז אָנגעקליידעט אין רעאַלע פאָרמען, אין וועלכע עס ווערט דורך די טויזנטער יאָרן ניט אויסגעלאָשן דער אָטעם פון לעבן.

דער ייִד האָט פרײַער זיך אויסגעלעבט אויפן הימל ווי אויף דער ערד, און איז געווען היימישער אין דער פמליא של מעלה, צווי־שן דער אויבערשטער פאַמיליע, ווי צווישן זײַנע שכנים אויף דער זינדיקער ערד.

אויף דעם האָבן מיר אַ טראַדיציע פון אונדזערע אבות.

דאָס קליינע ייִדישע לאַנד, אַרומגערינגלט מיט שטאַרקע און

קריגערישע שכנים, האָט ניט געלאָזן דאָס ייִדישע פאָלק צו וואקסן אין דער ברייט; האָט עס געריכטעט זײַן געדאַנק אין דער הויך — און האָט אַנטדעקט דעם מאָנאָטעאיזם; און האָט געווענדעט זײַן בליק אין דער טיף — און האָט פּותר חלום געווען, און האָט נבואה געזאָגט, און האָט געשאַפן די מעמקים-פּסיכאָלאָגיע...

זאָל מען יאָ אָדער ניט וועלן — און עס וועלן זײַן בעלגים אויף „יאָ" און אויף „ניין": — דער פּסיכאָאַנאַליז איז אַ ייִדישע פּסיכאָלאָגיע; ריכטיקער געזאָגט: אַ שאַפונג פון ייִדישן גײַסט, אַ לײַבלעך קינד פון דער ייִדישער היסטאָרישער פּערזענלעכקייט, בלוט און פלייש פון ייִדישן גײַסט.

קיין דאַרווין האָט דאָס ייִדישע פאָלק אין גלות נישט געקענט געבן, ווײַל מיר זײַנען צו פיל אָפּגעריסן פון דירעקטן קאָנטאַקט מיט דער נאַטור; אָבער דער אַנטדעקער פון אונטערבאַוווסטזײַן, וואָס האָט אָנגעהויבן מיט דער אינטערפּרעטאַציע פון חלומות, און וואָס האָט געענדיקט מיט דער דערפינדונג פון פּסיכאָאַנאַליז, האָט נישט געקאָנט זײַן קיין אַנדערער ווי אַ ייִד . . .

---

ווי אַ ייִדן, און נאָך מער ווי אַ געניאַלן ייִדן, וועלכן ס'האָט גע־קומט אַן ערשטראַנגיקע פּאָזיציע אין די אַקאַדעמישע קרײַזן פון זײַן היימלאַנד, וועלכע ס'איז אים אָפּגעזאָגט געוואָרן צוליב זײַן ייִדישן אָפּשטאַם, האָט פרויד געפילט אויף זיך די אָפּשטויסנדיקע און פײַנטלעכע ווירקונג פון דער אַרומיקער סביבה. נאָך אַלס סטו־דענט האָט ער אָנגעשריבן די בעסטע אַרבעט וועגן אַנעסטעסיע און האָט ניט באַקומען קיין אָנערקענונג. ער האָט שפּעטער אויך נישט פאַרנומען דעם פּראָפעסאָרן-אַמט, וואָס איז אים געקומען ווי אַ זוי־סנשאַפטסמאַן און ערשטראַנגיקן ערודיט. זײַן געדאַנק האָט דעריבער נאָך פון דער יוגנט זיך צוגעוווינט צו אַרבעטן זעלבסטשטענדיק און

זוכן אייגענע און אייגנאַרטיקע וועגן, אין קעגנזאַץ צו די אָנגענו־מענע מיינונגען פון דער וועלט און אין אָפּאָזיציע צו דער אָרומי־קער מערהייט.

אַ גרויסן טייל פונעם רוי־מאַטעריאַל וועלכן פרויד האָט באַאַר־בעט אין זיינע ווערק האָט ער געשעפּט פון יידישן פאָלקלאָר, און האָט אַנטפּלעקט די עכט־יידישע קאָנסטרוקציע פון זיין גייסט אין דער מאָראַליש־אידעאישער איינשטעלונג פון זיין פּסיכאָאַנאַליטישער טעאָריע. די ערשטע, און די אָמערסטן באַגאַבטע נאָכפאָלגער, פון פרוידן, ווי אדלער, שטעקעל, אַבראַהאַם, טעאָדאָר רייק, ראַפּאַפּאָרט, און פיל אַנדערע, זיינען יידן. אָבער דער פּסיכאָאַנאַליז איז שוין היינט אַ פּאַטרימאָניום פון דער מענטשהייט, וואָס האָט אין פרוידן איינעם פון די טיפסטע און אָריגינעלסטע דענקער פון אַלע צייטן.

# אייגנאַרטיקע כאַראַקטער־שטריכן

אין פאַרלויף פון זײַן לאַנגער טויזנטיאָריקער גלות־געשיכטע האָט דאָס ייִדישע פאָלק זייער זעלטן געקאָנט פון אַן אַבסאָלוטן און פולשטענדיקן פרידן; פאַקטיש איז יעדער שטילשטאַנד־פּעריאָד אין אונדזער לעבן געווען ניט מער ווי אַ צײַטווײַליקער בורג־פרידן, וואָס האָט זיך געענדיקט מיט גירושים, גזירות און שחיטות. מיר האָבן די יסודות פון אונדזער לעבן פאַרוואָרצלט אויף אַ ווולקאַנישן באָדן, וואָס לויערט מיט געפאַר און וואָס אָטעמט מיט שטורעם אפילו אין די רואיקסטע צײַטן.

און ווו האָבן מיר געשעפּט כוחות אויף צו קענען לעבן אין אַזאַ שטיקנדיקער אַטמאָספער, וואָס איז אָנגעלאָדן מיט גיפט און מיט האָס צו ייִדן? אין וועלכע קוואַלן האָבן ייִדן געשעפּט קראַפט, גלויבן און מוט אויף צו קענען עקזיסטירן, און אויף צו קענען איבער־טראָגן די רשעות און די קלעפּ, וואָס האָבן זיך געשאָטן אויף ייִדישע קעפּ אין משך פון הונדערטער און הונדערטער יאָרן?

עס איז שווער צו געבן אַן אויסשעפּנדיקן און קאַטעגאָרישן ענטפער אויף די אַלע פראַגן. אונדזערע דענקער, היסטאָריקער, פּי־רער און קינסטלער, האָבן פון פאַרשיידענע שטאַנדפּונקטן געפּרווט באַטראַכטן און דערקלערן דעם סוד פון דער מערקווירדיקער וויטאַ־ליטעט מיט וועלכער עם צייכנט זיך אויס דער עם קשה עורף, וואָס איז נים צוזאַמענגעבראָכן געוואָרן פיזיש, גײַסטיק און פּסיכיש אונ־טער די קלעפּ פון זײַן אומברחמנותדיקן גורל.

באַטראַכטן אייניקע די רעליגיע ווי דעם הויפּט-קוואַל פון וועלכן דאָס יידישע פאָלק האָט געשעפט זיין גלויבן און לעבנס-מוט; אַנדערע, שרייבן צו דער יידישער קולטור דעם מערקווירדיקן כוח, וואָס האָט פאַרזיכערט אונדזער קיום אין פאַרלויף פון אומצייליקע דורות; לעצטנס, ווערט באַטראַכט די שפּראַך ווי אַ סטימולירנדיקער פאַקטאָר פון נאַציאָנאַלער אחדות און די נאַציאָנאַלע באַוועגונג ווי אַ דעצידירנדיקע קראַפט, וואָס גיט דעם פאָלק אַ צענטראַלע אידייע און אַ ווילן צו לעבן, וואָס האַלט צוזאַמען און צעמענטירט אַלע זיינע וויט-פאַרשפּרייטע און צעזייטע טיילן איבער דער גאַנצער וועלט.

און אונטערן איינפלוס פון די אַלע אויבנדערמאָנטע פאַקטאָרן, וואָס האָבן געהאַט זייער ווירקונג אין יידישן לעבן, און אונטערן דרוק פון די אַרומיקע סאָציאַל-עקאָנאָמישע באַדינגונגען, האָט זיך פאָרמירט די יידישע פּערזענלעכקייט, און עס האָבן זיך אויסגעאַרבעט אין דער יידישער נשמה אַ גאַנצע ריי אייגנאַרטיקע כאַראַקטער-שטריכן.

די אַרומיקע סביבה, וואָס איז געווען אויב נישט פיינטלעך, איז קאַלט און פרעמד, האָט דעגראַדירט און פאַרמינערט די חשיבות פון יידן; און פון דער אַנדערער זייט, האָט דער ייד אין דער טיפעניש פון זיין האַרצן זיך געפילט געגנוג חשוב, געערעכט און ווערטפול אונטער דער ווירקונג פון זיינע גערירשנטע היסטאָרישע און גייסטיקע עלעמענטן. דער צוזאַמענשטויס פון די צוויי קעגנזעצלעכע קרעפטן: — די דעגראַדירנדיקע ווירקונג פון דרויסן און די רעאַקציע פון אינעווייניק — האָט אין רעזולטאַט געגעבן אַן אייגנאַרטיקע יידישע כאַראַקטעריסטיק, וואָס דריקט זיך טיילווייז אויס אין דער בייסיקער שאַרפקייט פון יידישן וויץ, אין יידישן הומאָר, אין דעם ספּעציפיש יידישן געלעכטער, וואָס האָט צו זיך ניט קיין גלייכן אין די ענלעכע פסיכישע מאַניפעסטאַציעס פון אַנדערע פעלקער.

# די סטימולירנדיקע קראַפט פון געלעכטער

געלעכטער איז די שענסטע און טײַערסטע מתנה, וועלכע די נאַטור האָט געגעבן דעם מענטשן. בלויז מיט זײַן שכל אליין קען דער מענטש נישט שטאָלצירן, אויך חיות פאַרמאָגן שכל, לאַכן אָבער קענען זיי נים. נאָר דער מענטש פאַרמאָגט די געטלעכע פרייד פון געלעכטער, וואָס דערהויבט אים איבער אַלע באַשעפענישן פון דער נאַטור.

די גרעסטע דענקער און פאָרשער, זײַט די אוראַלטע צײַטן, האָבן געזוכט צו אַנטפּלעקן דעם סוד פון געלעכטער. אָבער דער סוד ליגט טיף פאַרבאָרגן אין דער מענטשלעכער נשמה, און כאָטש דער הײַנטיקער מענטש איז שוין אַרײַנגעדרונגען אין אַלע פאַרבאָרגע־נע ווינקלען פון ערדקוגל, איז נאָך פאַר אים די „מאַפּע" פון זײַן אייגענער נשמה אײַנגעהילט אין געדיכטע שלײַערן.

שוין אין די עלטסטע צײַטן האָבן די יִידן אַרויסגעוויזן אַ נייגונג און אַ פאַרשטענדעניש פאַר הומאָר. די חכמי התלמוד האָבן אָפּגע־שאַצט די טיפע און פאַרבאָרגענע קראַפט, וואָס ליגט אין געלעכטער. אין גמרא שבת ווערט דערציילט וועגן רבהן, וואָס פלעגט פאַרן אָנ־הייבן לערנען דערציילן זײַנע תלמידים אַ וואָסערן ניט איז קאָמישן עפּיזאָד. די גרויסע באַדײַטונג פון אַזאַ מין הומאָריסטישן אַרײַנפיר אין אַ לעקציע האָט אין דער פולער מאָס אָפּגעשאַצט די מאָדערנע פּעדאַגאָגיק.

אין די צײַטן פון גזירות פלעגן קומען פאַרבאָטן אויף לאַכן. אין דער גמרא ברכות איז דאָ אַ מאמר וואָס זאָגט, אַז אַ מענטש טאָר אויף דער דאָזיקער וועלט ניט לאַכן. (אסור לאדם שימלא שחוק פיו בעולם הזה). אָבער די פאַרבאָטן האָבן געטראָגן בלויז אַ צײַטוויי־ליקן און פאַרבײַגייענדיקן כאַראַקטער. דער יִדישער פאָלקס־אוצר,

אָנהייבנדיק פון די עלטסטע צײַטן, איז פול מיט הומאָריסטישן חן. אונדזער פאָלקלאָר פאַרמאָגט די רײַכסטע פּערל פון הומאָר, וואָס פינקלען מיט אַ סך חכמה און שאַרפזין. אַ פאָלקס-ווערטל זאָגט, אַז גאָט שיקט צו די רפואה פאַר דער מכה; מיר האָבן מיט דער הילף פון דער דאָזיקער ווונדערבאַרער רפואה, איבערגעטראָגן און איבער־געלעבט אַ סך מכות...

העברי בערגסאָן, דער באַרימטער ייִדיש-פראַנצויזישער דענקער און שריפטשטעלער, זאָגט, אַז געלעכטער פאָדערט אַ צושטאַנד פון גײַסטיקער רואיקייט, גלײַכגילטיקייט און געפיל-לאָזיקייט. ווען מיר זעען אַ מענטש פאַלן אין גאַס, גיבן מיר אָפט אימפּולסיוו אַ שמייכל; פאַלט אָבער אַ באַקאַנטער אָדער אַן אייגענער שרעקט מען זיך אי־בער. געלעכטער איז מער פאַרבונדן מיטן שכל ווי מיטן הארצן, דאָס הייסט ניט, אַז מיר זײַנען ענגהאַרציק, אָדער איבערגעשפּיצט, אָבער צופיל מיטגעפיל, סענטימענטאַליזם, פאַרוואָלקנט דעם מוח פון מענטשן, רופט אַרויס טרערן, און קען יעדער קלייניקייט פאַרוואַנד־לען אין אַ טראַגישער איבערלעבונג. דאַקעגן אָבער, באַטראַכטן מיר די זאַכן רואיק, גלײַכגילטיק, פון אַ פּערספּעקטיוו, באַקומען אַ סך דראַמעס אַ קאָמישן אויסזען. הערן מיר זיך צו צו דער מוזיק פון אַ טאַנץ-זאַל ווילט זיך טאַנצן; פאַרשטאָפּן מיר די אויערן, — זעען אויס קאָמיש די פּאָרלעך, און עס ווילט זיך גאָר לאַכן.

## דער ייִדישער וויץ

דער פּסיכאָאַנאַליז גייט נאָך טיפער און דערווײַזט, אַז אַ וויץ דריקט אויס אָנגריף, — גײַסטיקער און פּסיכישער אָנגריף, פאַר־שטייט זיך — וואָס פאַרשאַפט דעם „אָנגרײַפער" זעלבסטבאַפרידי־קונג און באַרואיקונג. דערציילט דער וויץ, וועלכן מיר האָבן שוין דערמאָנט בײַ אַ געלעגנהײַט, אַז אַ ייִד האָט זיך געלאָזט זוכן אַ דירה

אין אַ קריסטלעכער געגנט און איז אַרײַן אין אַ הויז מיט דער כוונה אַנצוקוקן אַ דעפּאַרטאַמענט, וואָס האָט זיך דאָרט פאַרדונגען. דער אַקיי בײַ דער טיר, האָט אים אָפּגעטאַטשט פון קאָפּ ביז די פיס, און אים העפלעך באַמערקט — אַז אויב ער איז אַ ייִד, איז זאָל ער אַנטשולדיקן, אין דעם הויז פאַרדינגט מען נאָר פאַר קריסטן...

דער ייִד איז אויף אַ ווײַל געבליבן צעטומלט און פאַרשעמט, אָבער ער איז גיך געקומען צו זיך, און שאַרף אָנקוקנדיק דעם יונג האָט ער געענטפערט:

— אַזוי?, איצט פאַרשטיי איך פאַרוואָס יעזוס איז געבוירן געוואָרן אין אַ שטאַל, מען האָט אים אין קײַן שטוב ניט אַרײַנגעלאָזן...

דער וויץ שפּיגלט אָפּ אַ שטיק ייִדישעווירקלעכקייט. די אַרומיקע סביבה גרײַפט אָן דעם ייִדן, דערנידעריקט אים און פאַרמינערט זײַן מענטשלעכע ווערדע, דער אָנגריף רופט אַרויס אַ נאַטירלעכע רעאַקציע, אַ קעגן־אָנגריף, עין תחת עין. נאַטירלעך, דער ייִדישער קלאַפּ איז ניט מער ווי אַ גײַסטיקער קלאַפּ, מיט די ידים קען ער ניט דערלאַנגען, ווײַל הידים ידי עשו; פּאַטשט ער מיט אַ וויץ, וואָס דערלאַנגט ביז דער זיבעטער ריפּ, און גיט אָנצוהערן, אַז מיטן באַליידיקן דעם ייִדן, באַליידיקט ער זיך, און פאַרשוועכט זײַנע אייגענע הייליקייטן...

אין אַן ענטפער אויף אַן אַנטיסעמיטישער רעדע אין דער אַמאָליקער רוסישער דומע, האָט דער דר. שמריהו לעווין געזאָגט:

— איר זאָגט, אַז אײַער גאָט איז אַ גאָט פון ליבע, און אונדזערער איז אַ גאָט פון נקמה. ס'איז אמת. מיר האָבן די גאַנצע נקמה פון אונדזער האַרצן אַריבערגעענטפערט און צוגעשריבן צו אונדזער גאָט — איז אונדז פון דעם מין גאָרניט געבליבן. און איר? איר האָט אײַער ליבע צוגעשריבן אײַער גאָט — איז אײַך גאָרניט געבליבן...

אין קאַמף מיט דער אַרומיקער סביבה איז דער ייִד אַרויסגעטראָטן באַוואָפנט מיט אַ שטאָלענעם פּאַנצער פון זײַן גלויבן

און מיט פּיַילן געשמידטע פון שאַרפע און בייַסיקע וויצן. אין האַרצן האָט דער ייִד געפילט, אַז ער האָט דער וועלט געגעבן די תורה און די נביאים, אַז ער איז דער טרעגער פון אַ גרויסער היס־טאָרישער ירושה און פון אַן אומגעהייער רייַכער קולטור. דער דאָ־זיקער באַוווּסטזייַן האָט אים געגעבן מוט, כּוח און פאַרשטעלונג־קראַפט, אויף זייַן שטייגער, זיך צו באַשיצן קעגן יעדן פּייַנטלעכן אָנגריף.

כאַראַקטעריסטיש איז אין דעם פאַל דער ענטפער פון ייִדן, וואָס האָט אויף דער פראַגע פאַרוואָס ייִדן מאַכן אַזעלכע קולות און הוויות בייַם דאַווענען, געענטפערט אַז די גויִים האָבן דאָך זייער גאָט „מיט דער האַנט צו דערלאַנגען", דאַרפן זיי צו אים נישט שרייַען; אָבער דער ייִדישער גאָט זיצט הויך אויף זייַן כּסא של מעלה, מוז דער בן־אדם צו אים אויפהייבן זייַן שוואַכע שטימע...

## הומאָר האַלט אויף דעם גייַסטיקן גלייַכגעוויכט

אמת, דער גאַנצער געשמידט פון שיינע פּסוקים און קלוגע וויצן, האָט וויייניק וואָס געקענט באַשיצן דעם קערפּער און דעם פאַרמעגן פון דעם ייִדן, **אָבער זייַן נשמה האָט ער יאָ באַשיצט.** הומאָריזם באַטייַט די באַפרייַאונג פון אונטערדריקטן „איך", די באַפרייַאונג פון אַ לאַסט וואָס פאַרביטערט די שטימונג; די באַפרייַ־אונג פון אַן אונטערדריקטער גייַסטיקער ענערגיע, וואָס גייט אַרויס אין דער פאָרם פון געלעכטער. אויב געלעכטער פאָדערט אַ צו־שטאַנד פון גייַסטיקן שטילשטאַנד, ווי בערגסאָן זאָגט, העלפט דער געלעכטער צוריקשטעלן די גייַסטיקע רואיקייט און שאַפט אַ צו־שטאַנד פון פּסיכישן גלייַכגעוויכט. געלעכטער שאַפט אַ הייטערע

שטימונג און אַ פריידיק געמיט, וועלכע בילדן די פּסיכישע באַזע אויף וועלכער עס שטיצט זיך די מענטשלעכע האָפענונג, דער נאַטירלעכער אָפּטימיזם, דער גלויבן אין דער צוקונפט, וואָס כאַראַקטעריזירן דעם נשמה-צושטאַנד פון דער יִידישער פּערזענלעכקייט.

זאַנגוויל, דער באַרימטער יִידיש-ענגלישער שריפטשטעלער, האָט אַמאָל אויף אַ פאַרזאַמלונג אין אַן אַריסטאָקראַטישן קלוב, זיך צוגעהערט ווי אַ יונגערמאַן האָט דערציילט זײַנע ליבע-אַוואַנטורעס פון אַ רײַזע איבער די ווײַטע קאָנטינענטן. אָבער אַזוי ווי דער דערציילער האָט גאָר נישט אויפגעהערט מיט זײַנע אומענדלעכע געשיכטעס, האָט אים זאַנגוויל געפרעגט, וואָס נאָך ער האָט דאָרט געזען אויסער פרויען.

— קײַן יִידן און חזירים האָב איך דאָרט נישט געזען, האָט ער באַקומען אַן ענטפער.

— ווען מיר ביידע פאָרן אַהין מאַכן מיר די אמתע סענסאַציע, האָט אים אויף דעם זאַנגוויל אַרײַנגעזאָגט.

אַ פאַרצײַטיקער רוימער וואָלט אָפּגעוואַשן אַ באַליידיקונג מיט בלוט; און אַ יִיד קען „אָפּוואַשן" אַ באַליידיקונג מיט וויצן. ווי איז דאָס מעגלעך? גאַנץ פשוט. אויב די באַליידיקונג הילט אײַן אין אַ וואָלקן פון פאַרביטערונג די נשמה פון מענטשן, גיט דער וויץ די מעגלעכקייט גלײַך אויסצולאָדן דעם אָנגעזאַמלטן צאָרן, און ווי נאָר די פײַלן פון חוזק טרעפן אין ציל, ווערט אויסגעלײַטערט די שטימונג און דער מענטש פילט זיך באַרואיקט און צופרידן.

דער יִיד, וועלכן עס האָט זיך פאַרגלוסט אַ דירה אין אַ קריסטלעכער געגנט, איז טאַקע שווער באַליידיקט געוואָרן. אָבער ער איז ניט געבליבן שולדיק קיין חוב, ער האָט „אַרײַנגעזאָגט" דעם קענער ווי אים קומט, און איז פון דעם געפעכט אַרויס מיט אַ געהויבענעם קאָפּ און מיט אַ געפיל פון אַ זיגער.

דאָס „אַרײַנזאָגן" איז זייער כאַראַקטעריסטיש פאַרן יִידישן

וויץ. אויף די אָנגריפן פון דרויסן האָט דער ייִד שטענדיק געענט־פערט מיט זײַן בײַסיקן סאַרקאַזם, און וואָס מער די שונאים האָבן אים געוואָלט דערנידעריקן, אַלץ מער האָט ער אָנגענומען אַ פּאָזע פון סופּעריאָריטעט און האָט פון זײַן אילוזאָרישער הויך „ליקווי־דירט", מבטל געמאַכט, זײַנע קעגנער מיט אַ מבול פון שאַרפע און בײַסיקע וויצן.

מעגלעך, אַז דער דאָזיקער פּסיכישער מעכאַניזם האָט עס אויך געשאַפן אונדזער אתה בחרתנו־געפיל. ווײַל די וועלט האָט אונדז אַרומגערינגלט מיט אַ קאַלטער אַטמאָספער פון שנאה, האָבן מיר זיך געוואָרעמט מיטן פריידיקן געדאַנק פון „אויסדערוויילטקייט". פּער־רענץ מאָלנער, אַ ייִדיש־אונגאַרישער דראַמאַטורג, איז אַמאָל אַרוים מיט אַ טענה צו גאָט, און האָט צו אים געזאָגט: — גאָטעניו, גענוג האָסטו שוין אונדז געהאַלטן פאַר דײַן אויסדערוויילט פאָלק; קלײַב שוין זיך אויס עמעצן אַנדערש...

דאָך האָט דאָס געפיל פון דער דאָזיקער אויסדערוויילטקייט געגעבן אַ סך לעבנס־קראַפט אונדזער פאָלק, אַ סך פרייד און לעבנס־לוסט, וואָס האָט אים געשטיצט און געטרייסט אין זײַנע ביטערע צײַטן. פון אַלע שלאַכטן זײַנען ייִדן אַרויס באַזיגט פיזיש און מאַ־טעריעל, אָבער ניט אַזוי פּסיכיש און גײַסטיק. דורך אַלע פײַערן האָט דער ייִד דורכגעטראָגן זײַן נשמה גאַנץ, און די דאָזיקע גײַסטיקע גבורה האָט אים, אין אַ גרויסער מאָס, געגעבן זײַן זעלטענע פעאי־קייט צו קענען לאַכן, מאַכן לאַכן, און אויסלאַכן...

## מיר לאַכן פון אַלע המנס...

מיר האָבן שוין אַן אַלטע טראַדיציע אויף דעם געביט. נאָך מיט טויזנטער יאָרן צוריק האָבן מיר אויסגעלאַכט המנען און האָבן אים אײַנגעשפּאַנט צו פירן אויף אַ פערדל רײַטנדיק מרדכין. און זײַט דאַן

לאָכן מיר פון אַלע המנס. און דאָס געלעכטער איז אַרײַן אין גײַסט פון פאָלק, און ניט אים אַן אינערלעכע וואַרעמקייט, אַ טיף־פאַרבאָר־גענע לעבנס־פרייד,וואָס שאַפט גלויבן אין די אייגענע קרעפטן און אין דער אייגענער צוקונפט, אַן וועלכע עס וואָלט גאָר אוממעגלעך געווען אַזאַ לעבן.

קײַן שום פאָלק אויף דער וועלט האָט נישט אין זײַן פאָלקלאָר, אין זײַן ליטעראַטור און אין זײַן גאַנץ וועזן, אַזוי פיל געלעכטער, ווי מיר ייִדן. מיר לאַכן פון זיך און פון יענעם. מיר האָבן פאַרוואַנדלט כעלם, אַ גאַנצע שטאָט מיט ייִדן, אַן עיר ואם בישראל, אין אַ ציל־ברעט פון אונדזערע שפּאַסן און וויצן.

מיר האָבן אַ הערשעלע אָסטראָפּאָליער און אַ מאָטקע חב"ד, וואָס לאַכן מיטן געלעכטער פון פאָלק, און וואָס דריקן אויס זײַן בלי־ציקן שאַרפזין, זײַן בײַסיקן סאַרקאַזם און זײַן טיפזיניקן הומאָר. אין דער טיפעניש פון אונדזערע פאָלקס־שיכטן האָט שטענדיק געשלאָגן אַ פרישער קוואַל פון פריידיקער לעבנס־לוסט, וואָס האָט אָנגעפילט אונדזערע שפּעטערדיקע ליטעראַטור מיט אַ זוניקער וואַרעמקייט פון געלעכטער, וואָס האָט אָפטמאָל געשמיסן מיט ריטער, ווי בײַ מענ־דעלען; אָדער וואָס האָט געלאַכט דורך טרערן, ווי בײַ שלום עליכמען. — וואָס מער קבצן, מער הוליאַקע, האָט געזאָגט שלום עליכם. און ייִדישע קבצנים, אונדזערע שער־און־אײַזן, באַלמעלאָכעס און גענזלען, האָבן באַפרוכפּערט די שוואַרצערד פון אונדזער פאָלקלאָר מיטן חן פון פאָלקס־הומאָר און מיטן רייץ פון ייִדישן וויץ. דורך דער איראָניע, הומאָר און סאַטירע, האָט דאָס פאָלק אויס־געלאָדן זײַן „פאַרביטערט האַרץ" און האָט מיט דער הילף פון גע־לעכטער אַראָפּגעשווענקט די מרה־שחורה, וועלכע די שווערע לעבנס־אומשטענדן האָבן אָנגעוויייעט אויף זײַן נשמה.

אָט ווערט הערשעלע אָסטראָפּאָלער מיט מזל אַ שדכן, קומט ער אַרײַן צו אַן אויפגעקומענעם גביר, אַ געוועזענער שוסטער, וואָס

האָט אַ טאָכטער צו פאַרקנסן, און לייגט אים פּאָר אַ שידוך פון זיין גלייכן.

— דו, פאַרך, צעבייזערט זיך דער גביר, ווי אַזוי וואַגסטו מיר פאַרצולייגן אַזאַ שידוך? — און ער ווייזט אים די טיר.

אין אַ פּאָר וואָכן אַרום קומט הערשעלע ווידער. אַ האָפּערדי־קער גייט ער אַריין אין שטוב און לייגט פאָר דעם גביר דעם יאַנאָ־ווער רבס אַ זון...

— אַ פיינער שידוך, איז צופרידן דער גביר. האָט איר שוין גע־רעדט מיטן רב?

— אוודאי, גערעדט, ענטפערט הערשעלע.

— איז וואָס האָט ער אייך געזאָגט?

— דאָס אייגענע, וואָס איר, ווען איך בין צו אייך געקומען דאָס ערשטע מאָל... ער האָט מיר געוויזן די טיר.

הערשעלע האָט אָפּגעוואַשן די באַליידיקונג מיט אַ... וויץ. איצ־טער איז ער שוין קוויט מיטן גביר, ער האָט אים „אַריינגעזאָגט" און ס'איז אים לייכט אויפן האַרצן. ער האָט אָנגעגריפן, געטראָפן אין ציל און טראָגט פאַרריסן דעם קאָפּ ווי אַ זיגער. די פאַרביטערונג האָט ער „אויסגעלאָדן" אין וויץ און די אומצופרידנקייט און פאַר־דרוס איז פאַרשוווּנדן אין געלעכטער. הערשעלע איז מער ניט קיין קרבן, ער פילט זיך אַלס העלד פול מיט נייער האָפענונג און גלויבן, און מיט אַ פרישן ענטוזיאַזם און בטחון, וועט הערשעלע ווייטער פירן זיין שדכנות, אָדער וועט זיך נעמען צו אַ נייער פרנסה, וועט ווערן אַ מעקלער, אַ חזן, אַ בעדער, אַ שמש, אַ בדחן... ווייניק פרנסות זיינען פאַראַן ביי ייִדן? אָדער וועט גאָר נעמען דעם רייזע־שטעקן אין האַנט, און היידאַ קיין אַמעריקע, און אויפן באָדן פון קאָלומבו־סעס מדינה וועט ער בויען זיינע געצעלטן און וועט זיך פילן ווי ביים טאַטן אין וויינגאָרטן...

מען דאַרף נאָר האָבן האָפענונג, ווילן, פאַנטאַזיע און גלויבן.

און דאָס פעלט נישט דעם ייִדן. אויף דעם האָט ער אַ חזקה נאָך פון יענע צײַטן, ווען משה האָט אַרויסגעקלאַפּט מיט אַ שטעקן וואַסער פון אַ שטיין, און ווען די ייִדעלעך האָבן זיך געשפּײַזט מיט מן אין דער מדבר...

ווען דער ייִד זאָל נישט פאַרמאָגן די ווונדערבאַרע פעאיקייט צו גלויבן אין מן פון דער מדבר; ווען ער זאָל ניט האָבן די רײַכע פאַנטאַזיע, וואָס צאַפּט אים מילך פון אַ שטיין און וואָס שפּײַזט אים מיט האָפענונג, וואָלט דער ייִד שוין לאַנג צוזאַמענגעבראָכן אונטערן דרוק פון זײַן ביטערן גורל, און די מרה־שחורה און פאַרצווייפלונג וואָלטן אונטערגעגראָבן דעם גלויבן אין זײַנע אייגענע קרעפטן, דעם מוט צו קעמפן און דעם אַפּעטיט צו לעבן. די ברענענדיקע שטראַלן פון ייִדישן געלעכטער האָבן אָבער דורכגעריסן די וואָלקנס פון מרה־שחורה, האָבן דערוואַרעמט די ייִדישע נשמה און אַרײַנגעבלאָזן אין ייִדישן גײַסט דעם רוח־החיים פון גלויבן און האָפענונג.

די וועלט האָט אויף אונדז אָנגעשטעלט אַ צאָרנדיקן פּנים, און דער ייִד האָט איר אויסגעשטעלט אַ צונג; די רעאַליטעט איז צו שוואַרץ, — פאַרבט ער זי צו מיט אַ קאָלירן־פּראַכט פון זײַן אילוזיע; די שונאים צו שטאַרק — איז ער זיי מבטל מיט די שאַרפע שפּיזן פון זײַן בײַסיקער איראָניע.

אַלצדינג האָט מען בײַם ייִדן געקענט צונעמען, אָבער ניט די לעבנס־פרייד פון זײַן אָפּטימיזם און פון זײַן ביטחון. עס קען אויסזען, אַז מיר האָבן אַ קורצן היסטאָרישן זכרון, אָבער דערפאַר אַ לאַנג לעבן; טאַקע אַ שווערע מערכה, אָבער — אַ לײַכט געמיט, וואָס העלפט דעם ייִדן צו באַטראַכטן די וועלט פון אַ פּערספּעקטיוו, פילאָזאָפיש, פון אויבן־אַראָפּ, מיט אַ געלעכטערל, אָן נערוון, אָן היסטעריע און אָן טראַגעדיעס...

# שטריכן צו דער פּסיכישער
# פיזיאגנאמיע פון דער
# יידישער פּערזענלעכקייט

— 1 —

קײַן ייִדישע נאַציאָנאַלע פּסיכאָלאָגיע איז נאָך נישט געשריבן געוואָרן, כאָטש אין דער וועלט־ליטעראַטור זײַנען שוין אָנגעזאַמלט וויכטיקע מאַטעריאַלן פאַר אַזאַ וויסנשאַפטלעכער אויפגאַבע. דער טראַגישער גורל פון ייִדישן פאָלק האָט צו זיך נישט קײַן גלײַכן אין דער מענטשלעכער געשיכטע, און אויב ייִדן האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט אַזאַ וווּנדערבאַרער וויטאַליטעט, וואָס האָט זיך אויסגעדריקט נישט נאָר אין פיזישן קיום נאָר אויך אין אַ הויכער גײַסטיקער שעפערישקייט, איז עס, אין דער ערשטער ריי, אַ רעזולטאַט פון זייער אייגנאַרטיקער פּסיכישער סטרוקטור, וואָס האָט אונטערן שווערן דרוק פון די גרויזאַמע אויסערלעכע באַדינגונגען, אויסגעאַרבעט אין זיך אַן אינערלעכן קעגן־דרוק, ווי אַ רעאַקטיווע פּסיכישע פאָרמאַציע קעגן דער אַרומיקער פײַנטלעכער סביבה.

די אויסטערלישע בעלי־חיים וואָס לעבן אין די גרונטלאָזע טיפענישן פון ים, צייכענען זיך אויס מיט אַ גוואַלטיקער אינערלעכער פּאָטענץ, וואָס העלפט זיי אויסצוהאַלטן דעם מוראדיקן וואַסער־דרוק, וואָס פּרעסט אויף זיי פון די אויבערשטע שיכטן. אין דער קלוגער שפּיל פון דער נאַטור, וואָס שטרעבט אין זײַן ענדציל צו גלײַכגעוויכט און האַרמאָניע, רופט אַרויס יעדער אָנגריף אַ ווידערשטאַנד,

וואס דריקט זיך אוים אויפן פיל-טויזנט-יעריקן שטח פון דער יידי־שער געשיכטע, אין וואנדערבארע שוץ-ווערק געבויטע אויף דער טעריטאריע פון דער יידישער פסיכיק, די איינציקע טעריטאריע, וואס האט באצייכנט די גרענעצן פון דער לעבעדיקער יידישער נאציע.

„א נאציע, — זאגט דער גרויסער יידישער היסטאריקער און דענקער, שמעון דובנאוו, — איז נישט בלויז א סומע פון יחידים, נאר אויך א סומע פון דורות; ווירקט דעריבער הינטערן שוועל פון באַ־ווּסטזיין א כוח פון ירושה, דער רעזולטאט פון פארשיידענע היס־טארישע איבערלעבונגען, וואס פירט אן מיטן לעבן פון דער נאציע און ריוואליזירט מיט די איינפלוסן פון דער אויסערלעכער סביבה".

„הינטערן שוועל פון באוווסטזיין", אדער מיט אנדערע ווער־טער: אינעם אונטערבאוווסטזיין פון יעדן פאלק שלומערן די היסטא־רישע איבערלעבונגען, וואס האבן געלאזט שפורן אין דער פאלקס־נשמה, און וואס באווירקן אויף אזא אדער אנדער אופן, דאס לעבן פון פאלק, וועלכעס ווערט אין זיינע גרונט-שטריכן געפורעמט דורך די סאציאל-עקאנאמישע באדינגונגען.

— 2 —

וועלכע זיינען די אמערסטן כאראקטעריסטישע „היסטארישע איבערלעבונגען" פון יידישן פאלק, וואס זיינען עלול געווען צו שלאגן טיפע ווארצלען אינעם „אונטערבאוווסטזיין" פון דער פאלקס־נשמה, פון דארט ווירקן און שטארקן דעם גייסט פון פאלק און אים העלפן אויסהאלטן דעם ארומיקן פיינטלעכן דרוק, און מיט דערפאלג אזוי לאנג און עקשנותדיק „ריוואליזירן מיט די איינפלוסן פון דער אויסערלעכער סביבה"?

**אין אלגעמיינע און ברייטע שטריכן גענומען,** זיינען פון איין זייט, איבערגעגאנגען פון דור צו דור די פיינלעכע היסטארישע

איבערלעבונגען, וואָס האָבן זיך געשאָטן אויפן ייִדישן גרייז־גראָען קאָפּ אַלס רעזולטאַט פון זיין פּאָליטישער און סאָציאַל־עקאָנאָמישער רעכטלאָזיקייט צווישן די פעלקער; און פון דער אַנדערער זייט, האָט אים באַגלייט אין זיין גלות־וועג די דערפאַרונג פון זיין רייכער היס־טאָרישער קולטור־ירושה.

די ערשטע, האָבן דעם ייִד אָפּגעזאָגט דאָס רעכט אויף לעבן, אים פאַרפּאַלגט און דערנידעריקט אין די אויגן פון דער וועלט; און די צווייטע, האָט דאָקעגן, געשטאַרקט זיין לעבנס־דורשט, מבטל און קליין געמאַכט אין די אויגן פון ייִד די אַרומיקע סביבה, און אים סטימולירט צו זוכן אַ טרייסט און געפינען אַ שטיץ־פּונקט אין זיין אינערלעכן גייסטיקן וועזן.

די ערשטע, האָבן געזייט וועראַמדיקע קערנער פון מינדערווער־טיקייט אין דער פאָלקס־נשמה, און די צווייטע, פאַרקערט, האָבן געשאַפן אַ קעגנזעצלעכע רעאַקטיווע פאָרמאַציע פון סופּעריאָריטעט, פון אתה־בחרתנו, ווי אַ שוץ־מיטל קעגן אַרומיקן ביטול און פאַר־פאָלגונג.

די אוממענטשלעכע רדיפות, וואָס האָבן באַגלייט דעם ייִדן אויף דער גאַנצער לענג פון זיין גלות־געשיכטע, די שנאה וואָס האָט געברענט זיינע טריט און פאַרפעסטעט די לופט וועלכע ער האָט געאָטעמט, האָבן געמוזט שאַפן אַ גרונט־טענדענץ פון אינפעריאָריטעט און אָפּהענגיקייט; און אַט קעגן דער דאָזיקער דעגראַדי־רנדיקער טענדענץ פון שרעק און אונטערטעניקייט, האָט די נשמה זיך פאַרטיידיקט און געלאָזט אין גאַנג דעם וווּנדערבאַרן מעכאַניזם פון פּסיכישער קאָמפּענסאַציע, וועלכער האָט מאָביליזירט אַלע גייסטי־קע כוחות און דערהויבן דעם מוט אין קאַמף קעגן די דעגענערירנ־דיקע ווירקונגען פון די פיינטלעכע קרעפטן.

נאָר אַ פולשטענדיק געזונטער קערפּער איז אימשטאַנד צו שטעלן אַ ווידערשטאַנד דער צעשטערנדיקער אַרבעט פון די שעד־

לעבּע מיקראָבּן, וואָס האַלטן, אונטער אַ פּערמאַנענטן אָנגריף דעם מענטשלעכן אָרגאַניזם. דער ייִדישער פאָלקס־אָרגאַניזם האָט אין דעם זין באַוויזן אַ גײַסטיקע גבורה, וואָס האָט צו זיך נישט קיין גלײַכן אין דער מענטשלעכער געשיכטע, און וואָס האָט אין זײַן אָפּוווער־קאַמף געשאַפן אַזעלכע כלי־זיין, וועלכע זײַנען כאַראַקטעריסטיש בלויז פאַר דער ייִדישער פאָלקס־פּסיכיק, ווי אַ רעזולטאַט פון דער צאָלרײַכער — באַנוצנדיק דובנאָווס טערמינען — „סומע אומצייַליקע דורות" און ווי אַן אויסדרוק פון אַן אומגעהײַער גרויסן „כּוח פון ירושה"

— 3 —

אין דער שטרעבונג צו נייטראַליזירן און קאָמפּענסירן די שפּירונג פון זײַן פיזישער שוואַכקייט און אומזיכערקייט אין דער אַרומרינגלונג פון פרעמדע און שטאַרקע פעלקער, האָט דער ייִד לבּר־חילה מבטל געמאַכט די קראַפט פון אויסערלעכע אַטריבוטן און מאַטעריעלע עלעמענטן, און האָט העכער פון אַלץ געשטעלט די מאָראַליש־גײַסטיקע פּרינציפּן פון אינדיווידועלן און קאָלעקטיוון לעבן.

דער געבאָט „כּי לא בחיל ולא בכּוח, כּי אם ברוח" האָט באַצייכנט די ריכטלייניע פון דער ייִדישער נאַציאָנאַלער עקזיסטענץ, האָט אויסגעפורעמט דעם רוקנביין פון דער **נאַציאָנאַלער פּסיכיק**, און דער נאַציאָנאַלער געניוס פון ייִדישן פאָלק איז באַזונדערס געווען אייגנאַרטיק אין שעפעריש אויף יענע געביטן, וואָס האָבן צו טאָן מיט גײַסטיקע ווערטן.

אין דראַנג צו פאַרזיכערן די אייגענע עקזיסטענץ, און אים נישט צו פאַלן אונטער דער לאַסט פון די שווערע באַדינגונגען פון לעבן, האָט דער געזונטער לעבנס־אינסטינקט פון פאָלק, מבטל געמאַכט די ענגע ראַמען פון צײַט און פון רוים, און האָט באַוויזן אַרײַנצובליקן אין דעם באחרית הימים. דערפאַר האָט דאָס ייִדישע פאָלק, אָנהייִ־

בנדיק פון די נביאים ביז אונדזער צײַט, געגעבן אַזוי פיל פּריסטער און קעמפער אין די אַלע וועלט-באַוועגונגען פאַר סאָציאַלן און עטישן פאָרשריט.

דער גרענעצלאָזער בטחון, וואָס שאַפט און שפּײַזט דעם אָפּטימיזם, איז געוואָרן אַן אינטעגראַלער טייל פון דער ייִדישער נאַטור, וואָס האָט גײַסטיק באַוואָפנט און געשטאַרקט דעם געמיט פון פאָלק אין דעם שווערן קאַמף פאַרן לעבן.

דער „אתה בחרתנו" איז אַזוי אַרום געוואָרן אַ וויכטיקער פּסיכאָלאָגישער עלעמענט אין דעם טאָג-טעגלעכן לעבנס-קאַמף פון דעם ייִדן; נישט קיין שאָוויניזם, און אוודאי נישט קיין אימפּעריאַליזם אויף אונטערדריקן און באַצווינגען פרעמדע פעלקער — נאָר אַ פּשוטער און אומשולדיקער פּסיכישער מעכאַניזם, אויף אונטערצוהאַלטן דעם אייגענעם גײַסט און סטימולירן דעם מוט אום נישט צו פאַלן אונטער דער לאַסט פון די שווערע אויסנאַמלעכע באַדינגונגען פון לעבן.

ווי אַ צעזייטע און צעשפּרייטע מינדערהײַט צווישן קאָמפּאַקטע און גוט-באַוואָפנטע פעלקער, אָן דער מינדעסטער מעגלעכקייט צו פירן אַ פּאָליטישן קאַמף און שטעלן אַ ווידערשטאַנד זײַנע אונטערדריקער מיטן כוח פון זײַן פיזישער קראַפט, האָט דער ייִד זיך קעגנגעשטעלט מיטן אינערלעכן כוח פון זײַן גײַסטיקן וואָפן, געווענדעט נישט קעגן דרויסן, נאָר אויף צו קרעפטיקן דעם אייגענעם „איך" און אים באַוואָפענען מיט גרענעצלאָזן בטחון, פאַרפּאַנצערן מיט אָפּטימיזם און מיט אַ פריידיק געמיט, וואָס האָט מיט אַ טאָן פון אילוזאָרישער סופּעריאָריטעט געקעמפט קעגן זײַנע אַרומיקע שונאים...

— 4 —

אין זײַן לעצט לעבנס-ווערק „משה און דער מאָנאָטעאיסטישער גלויבן", זאָגט זיגמונד פרויד, אַז די פּרימיטיווע פעלקער באַשטראָפן

זייערע געטער נאָך יעדן דורכפאַל און אומגליק; און אַפילו די מאָ־דערנע פעלקער שטירצן זייערע הערשער נאָך יעדער צרה, וואָס פאַלט אויף זייערע קעפּ. איז ווי קומט עס, פרעגט פרויד, וואָס די ייִדן האָבן אין פאַרלויף פון טויזנטער יאָרן מיט אַזאַ עקשנות און טרײַ־קייט זיך געהאַלטן בײַ זייער גלויבן און בײַ זייער גאָט?

ווי אַן ענטפער אויף דער דאָזיקער פראַגע מאַכט פרויד אַ טיפן פּסיכאָלאָגישן אַנאַליז פון די הויפּט־פּרינציפּן פון מאָנאָטעאיסטישן גלויבן און ווײַזט אָן, אַז זיי זײַנען גורם געווען און געווירקט אין דער אויסבילדונג פון אַ גאַנצער ריי אייגנאַרטיקע עלעמענטן אין דער פּסיכיק פון ייִדישן פאָלק.

לויט פרוידן, איז דער פאַרבאָט פאַרצושטעלן גאָט אין בילד, געווען אין יענער ווײַטער צײַט אַן איבערראַשנדיק נײַע קאָנצעפּציע, וואָס האָט פון איין זײַט, אויסגעדריקט אַ טיפע אינערלעכע טענ־דענץ צו גײַסטיקייט און פון דער אַנדערער זײַט, האָט עס באַשטימט אַ דאָמינירנדיקע ראָלע פאַר אידעאיש־אַבסטראַקטע קאָנצעפּטן אי־בער די זינלעך־קערפּערלעכע עלעמענטן; מיט אַנדערע ווערטער: די פאָרשטעלונג פון גאָט ווי אַ ריינע אַבסטראַקציע, אָן קיין שום מאַטעריעלער פאָרם, ווי אַן אידעאַל פון בלויז עטישע ווערטן, האָט אין דער ווירקלעכקייט באַדײַט אַ נעגאַציע פון די אינסטינקטיווע אימפּולסן, אַ זיג פון די העכערע גײַסטיקע עלעמענטן איבער די חיהש־אַגרעסיווע און עראָטישע טענדענצן אין דער נשמה פון מענטשן.

פרויד מאַכט דעם אויספיר, אַז „דער פּראָגרעס פון גײַסטיקייט איבער די פּרימיטיווע אינסטינקטן אין מענטשן דערהויבט דעם גלויבן אין זיך, און שאַפט אַ געפיל פון אַ מין סופּעריאָריטעט, אַזוי אין באַוווּסטזײַן פון יחיד ווי אויך אין באַוווּסטזײַן פון גאַנצע פעל־קער", און ער דערקלערט עס אויף פאָלגנדיקן אופן:

ווען די עראָטיש־אַגרעסיווע אינסטינקטן פאָדערן באַפרידיקונג,

זוכט דער „איך" — דער רעגירנדיקער צענטער אינעם מענטשן, — די אינסטינקטן צו שטילן און זעטיקן. דערגרייכט ער אַ באַפרידיקונג — גיט עס פאַרגעניגן, און אויב נישט — שאַפט די אומבאַפרידיקטע שפּאַנונג אַ געפיל פון לײַדן.

באַפרידיקט מען נישט די אינסטינקטיווע אימפּולסן, זאָגט פרויד, ווײַל מען קען נישט (צוליב מניעות וואָס ליגן אין דרויסן) שאַפט עס לײַדן; באַפרידיקט מען זיי נישט ווײַל מען וויל נישט (צוליב סוביעקטיוו־אינערלעכע מניעות) גיט עס פאַרגעניגן; אַ העכערן גײַסטיקן פאַרגעניגן, פאַרשטייט זיך, וואָס דערהויבט און פילט אָן מיט שטאָלץ, וואָס גיט זעלבסטווירדע, וואָס שאַפט אין דער מאַסן־פּסיכאָלאָגיע, און אין דעם פאַל פון ייִדישן פאָלק, אַ מאַסן־באַוווסטזײַן פון אויסדערוויילטקייט, פון זײַן דער אַממערסטן באַליבטער זון אין דער משפּחה פון גאָט־פאָטער: דער בחרתנו מכל העמים...

דער פאַקט, וואָס דער ייִדישער גלויבן האָט אין קעגנזאַץ צו די פּעסט־אַנגענומענע נאָרמען פון יענע צײַטן, שטרענג פאַרבאָטן צו מאַטעריאַליזירן דעם באַגריף פון גאָט, און אים פאַרגעשטעלט בלויז אַלס אַן אַבסטראַקט־עטישן און גײַסטיקן באַגריף, זאָגט עדות, אַז די דאָזיקע נטיה צו גײַסטיקייט איז אַ גענעטיש־כאַראַקטעריסטישער שטריך אין דער ייִדישער פאָלקס־פּסיכיק, וואָס האָט אויף אַזאַ אײַ־בערצײַגנדיקן אופן זיך שוין מאַניפעסטירט אין יענע אוראַלט־ווײַטע צײַטן.

## — 5 —

אין קעגנזאַץ צו פרוידן, וואָס האָט אָבסערווירט פּסיכישע דער־שײַנונגען, איז דער באַרימטער פיזיאָלאָג, איוואַן פּעטראָוויטש פּאַוו־לאָוו, פון אַ גאַנץ אַנדער אָבסערוויר־פּונקט געקומען צו אַן ענלעכן אויספיר, פעסטשטעלנדיק, אַז „ווען די אויסערלעכע עלעמענטן שאַפן

שווערִיקייטן פאַרן אָרגאַניזם, קומט דער אינערלעכער אַפּאַראַט אים צו הילף מיט זײַנע אייגענע מיטלען".

וואָס שײַך דער ייִדישער פּסיכאָ-פיזישער סטרוקטור האָט דער „אינערלעכער אַפּאַראַט" פאַרנומען אַ דאָמינירנדיקע פּאָזיציע און האָט גובר געווען די „אויסערלעכע עלעמענטן". די ווונדערבאַרע און איינציקע אין איר מין עכט-ייִדישע אידעע פון יבנה, ווי אַ גײַסטיקער צענטער וואָס זאָל אויפהאַלטן דעם קיום פון פאָלק, איז געקומען ווי אַן אָרגאַנישער אויסדרוק פונעם גײַסטיקן יבנה-עלעמענט, וואָס האָט ווי אַ פאַרבאָרגענער שטראָם געקוועלט אין דער נשמה פון דער ייִדישער פערזענלעכקייט.

יבנה דאַרף דעריבער נישט פאַרשטאַנען ווערן ווי אַן אַנטדעקונג פון אַ גאונישן יחיד, נאָר יאָ, ווי אַ גאונישע פאַרווירקלעכונג פון אַ כאַראַקטעריסטישער אייגנשאַפט אין דער פאָלקס-פּסיכיק, וואָס האָט פון די אורעלטערן געירשנט און איבערגעגעבן די אייניקלעך אַן אייגנאַרטיקע טענדענץ צו גייסטיקייט, וואָס איז אין גלות געוואָרן דער שורש, וואָס האָט דעם באַדנלאָזן ייִדישן פאָלק פעסט פאַרוואָרצלט אין די יסודות פון לעבן, און פאַרזיכערט זײַן קיום אין דער אייביקייט.

אַנשטאָט געאָגראַפישע גרענעצן, וואָס באַשיצן יעדעם פאָלק פון פרעמדע און אומגעבעטענע אײַנפלוסן, האָט דאָס ייִדישע פאָלק איבערגעטראָגן דעם צענטער פון דער נאַציאָנאַל-ייִדישער שטאַנדהאַפטיקייט אין דער ספערע פון סאָציאַל-גײַסטיקע אינטערעסן און האָט זיך באַשיצט מיט אַ פאַנצער פון רעליגיעז-עטישע און מאָראַליש שטייגערישע לעבנס-נאָרמען, וועלכע האָבן געפורעמט די ייִדישע פערזענלעכקייט און דורך טויזנטער יאָרן פאַרזיכערט דעם קיום פון דער גײַסטיקער ייִדישער נאַציע, וואָס האָט אָפּגעהיט איר נאַציאָנאַלע אינדיווידואַליטעט אינעם גלות-לעבן צווישן טעריטאָריעלע פעלקער.

און אין דעם אָפּוועּר-קאַמף האָט דער ייִד געשטרעבט צו ייִדן. דער געזעלשאַפטלעכער אינסטינקט איז בײַ ייִדן אַנטוויקלט פיל מער, ווי בײַ אַנדערע פעלקער; בײַ די אומות העולם ווערן די פאָר־מען פון געזעלשאַפטלעכער אָרגאַניזאַציע אימפּאָנירט פון דרויסן, בײַ ייִדן פליסן זיי אַרויס פון אינעווייניק. דער ייִד טראָגט אין זיך גופא זײַנע קהלשע אַנשטאַלטן. אַזוי זײַנען אין די אַמעריקאַנישע לענדער די ייִדישע אינסטיטוציעס געקומען צוזאַמען מיט די ייִדן. נאָך אויף די שיפן האָבן זיי אויפגעשלאָגן די געצעלטן פון זייער אײַ־גנאַרטיק-ייִדישער געזעלשאַפטלעכקייט. ייִדן האָבן געדאַוונט בציבור, און די דאָזיקע בשותפותדיקייט פון גלויבן און פון גורל, און שפּעטער די פרעמדקייט פון דער אַרומיקער סביבה, האָבן געזיכערט און ענ־גער פאַרקניפּט זייער נאַציאָנאַלע שייכות אויפן אַמעריקאַנישן באָדן.

נישט אומזיסט דריקט אוים דער באַגריף „אַ מנין" אַזוי אַ פיזי־שע צאָל ווי אויך אַ גײַסטיקע קאַטעגאָריע — אַן אינסטיטוציע. אַ מנין ייִדן האָט געשאַפן אַ מנין צום דאַוונען, נאָכדעם אַ שול פאַר די קינדער און אַנדערע קהלשע אינסטיטוציעס, וואָס האָבן געגעבן אַן אָרגאַניזאַציאָנעלע פאָרעם דער ייִדישער אייגנאַרטיקייט, וואָס טיילט זיך אוים מיט אייגענע פּרינציפּן, שטייגער און מנהגים אי־נערהאַלב דעם אַלגעמיינעם לעבנס-נוסח פון לאַנד.

דאָרט ווו אַ ייִדישער יחיד ווערט צוזאַמענגעשמאָלצן מיטן פרעמדן כלל, ווערט ער, ווי אַ קערנדל, אײַנגעקנאָטן אין טייג פון דער אַלגעמיינער לאַנד-סביבה, פאַרלירט שפּורלאָז זײַן נאַציאָנאַלע פערזענלעכקייט און לאָזט נישט איבער קיין היסטאָרישן המשך. אַ ייִדישער כלל אָבער, שאַפט ייִדישע געשיכטע. ייִדן פאַרוואַנדלען פיזישן כמות אין נאַציאָנאַל - גײַסטיקן איכות. וואָס מער ייִדן עס קומען צו אין אַ ישוב, אַלץ קאָמפּאַקטער, פאָלקסטימלעכער און קול־טורעל-העכער ווערט דאָרט דאָס ייִדישע לעבן.

דאָס ייִדישע פאָלק האָט אויף אַזאַ מין אופן אַ היסטאָרישע

חזקה אויף דער נאַציאָנאַלער אייגנאַרטיקייט, וואָס שטאַמט אין איר עצם פונעם אורשפּרינגלעכן י ר א ת  ה כ ב ו ד פאַר די אבות פון שטאַם, — אַ קולט וואָס איז געווען שטאַרק פאַרשפּרייט ביי די פּרימיטיווע ייִדן, — וואָס האָט נאָכדעם זיך פאַרוואַנדלט אין יראת שמים פאַר גאָט־פאָטער, און צום סוף אָנגענומען די פאַרשי־דנאַרטיקע פאָרמען פון נאַציאָנאַל־עטישן באַוווסטזיין און אָפּפער־וויליקער צוגעבונדנקייט צום ייִדישן כלל, וואָס האָט דורך לאַנגע דורות זיך מאַניפעסטירט, אַזוי אין לעבן פון יחיד ווי אין לעבן פון גאַנצן פאָלק, ווי אַן אויסדרוק פון דער אייגנאַרטיקער פּסיכישער סטרוקטור פון דער ייִדישער פּערזענלעכקייט.

## — 6 —

מיטן אויפקום פון דעם אַזוי־גערופענעם „עמאַנסיפּאַציע”־פּע־ריאָד, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן מיט דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע, איז געקומען אַן איבערברוך אין ייִדישן באַוווסטזיין און אַ טיפע ענ־דערונג אין דער ייִדישער פּסיכיק, איבערהויפּט פון די העכערע שיכ־טן, וואָס האָבן צוזאַמען מיט דער רעליגיע אויך זיך אָפּגעטרייסלט פון דער טראַדיציע און פון דער פאַרבינדונג מיטן ייִדישן לעבן און מיטן ייִדישן כלל. דער ייִד האָט אָנגעהויבן קוקן מיט קנאה אויף דער נישט־ייִדישער וועלט, האָט פאַרלאָרן זיין גלויבן אין זיך, און עס האָט זיך פון אים אָפּגעטאָן זיין אייגנאַרטיקע אינערלעכע זעלבסטוווערדע און גרענעצלאָזער בטחון, וואָס זיינען אים אַזוי טריי בייגעשטאַנען אין די שווערסטע נסיונות פון זיין לאַנגן גלות־לעבן.

אויסגעדריקט אין פּסיכאָלאָגישע טערמינען, הייסט עס, אַז אין די דאָזיקע „עמאַנציפּירטע” ייִדן איז אָפּגעשוואַכט געוואָרן דער קאָ־לעקטיווער „סופּער־איך”, וועלכער האָט דערלאַנגט מיט זיינע וואָרצ־לען ביזן קולט פון די אבות און מיט די צווייגן ביז די אַבסטראַקט־העכע הימלען פון מאָנאָטעאיזם, וואָס האָט אין אונדזערע וועלטלע־

כע צײַטן זיך אָנגעפילט מיט זאַפטן פון נאַציאָנאַלן און סאָציאַל-עטישן אינהאַלט. און אין דעם גלאַנץ און גײַסט פון דער רײַכער היס-טאָרישער ירושה, האָט דער שטן געקריגן מער שליטה איבער זיי, און זיי זײַנען ווי אויסגעטריקנטע דערנער געוואָרן פרוכטלאָז, זיך דערפילט היימלאָז און שוצלאָז, אויסגעשמועלט אויף דער מרה-שחורה פון מינדערווערטיקייט.

דער ווונדערבאַרער מעכאַניזם פון פסיכישער רעאַקציע און קאָמפּענסאַציע, וואָס האָט געשאַפן שטימונג און געגעבן גלויבן און מוט, האָט זיך אָפּגעטאָן פון זיי, זיך אָפּגעשטעלט, ווי אַ זייגער אין וועלכן עס האָבן געפּלאַצט די געדערים. די קאָמפּליצירטע און טיפזיניקע שפּיל פון פסיכישע פאַרטיידיקונגס-פאָרמאַציעס קעגן דעם גרונט-געפיל פון אָפּהענגיקייט און אינפעריאָריטעט, וואָס ווערן אַנגעיאָגט דורך די אומגינסטיקע אויסערלעכע באַדינגונגען, האָט מער נישט קיין שליטה אין דער נשמה פון די דאָזיקע ייִדן, און באַ-זונדערס פון דער ייִדישער יוגנט, וואָס האָט נישט קיין פאַרבינדונג מיטן ייִדישן מקור און מיטן קערנדיקן מאַסן-לעבן פון ייִדישן פאָלק, וואָס נערט זיך מיט די פרוכטיקע זאַפטן פון זײַן צאָלרײַכער „סומע פון דורות״.

דער באַוווסטער פּעדאַגאָג און פּובליציסט, אברהם גאָלאָמב, האָט ערגעץ ריכטיק באַמערקט, אַז די אַמעריקאַנער ייִדישע יוגנט איז געזעלשאַפטלעך פרוכטלאָז, און איז נישט ראוי איבערנעמען אין אירע הענט די פילצאָליקע אינסטיטוציעס, און אַפילו נישט די גע-שעפטן, וועלכע דער ערשטער ייִדישער אימיגראַנטן-דור האָט גע-שאַפן אין אַמעריקע.

און ווי קען געזעלשאַפטלעך פרוכטיק זײַן אַ דור, וואָס האָט נישט קיין גלויבן אין זיך, וואָס פאַרמאָגט נישט קיין סטימולירנדיקע וואַרעמקייט פון אָפּטימיזם, וואָס איז אַ קרבן פון אַ קאַלטן געמיט, וואָס איז נישט פעאיק אויף קיין אָפּפרישנדיקן הומאָר און וואָס איז

באַהערשט בלויז פון אַ טעמפּן קאַריעריזם, אָן אַ שטראַל פון גײַסטי־קייט און אידעאַליזם, וואָס האָט דורך דורות דערהויבן און באַשײַנט די ייִדישע פּערזענלעכקייט?

אַזאַ דור איז פּעאיק בלויז אויף נאָכמאַכונג און אימיטאַציע — און דערבײַ נישט פון קיין אייגענע נאָר פון פרעמדע מוסטערן — ווײַל פון די אייגענע האָט ער זיך פּאַרפרעמדט, און די פרעמדע זײַנען נאָך אים נישט געוואָרן אייגן — הענגט ער מיט די האַרצלען אין דער לופטן.

די שווידערלעכע קאַטאַסטראָפע פון אייראָפּעיִשן ייִדנטום און דער באַנקראָט פון דער אַסימילאַציע, האָט נאָר אויפגעטרייסלט, אָבער נאָך אין ערגעץ צו קיין ברעג נישט געבראַכט די יוגנט, וואָס האָט פאַרצווייפלט גענומען זוכן נײַע פּערספּעקטיוון און אַ נײַעם אינהאַלט אין לעבן נאָכן דורכפאַל פון די אַלע געצן, צו וועלכע זי האָט אַזוי תמימותדיק פרום זיך געבוקט אויף די פרעמדע וועגן.

— 7 —

אין דעם דאָזיקן קאַטאַקליזם פון פײַנלעכע געשעענישן און אי־בערלעבונגען, איז מדינת ישראל דערשינען ווי אַ דערלייזונג פאַר די פאַרצווייפלטע גײַסטער און ווי אַן אַנטשיידענער אויסוועג פון דעם לאַבירינט פּראָבלעמען, אין וועלכן דאָס ייִדישע לעבן אין גלות האָט זיך פאַרפּלאָנטערט.

דער קאָלעקטיווער „סופּער־איך", וואָס שטעלט מיט זיך פאָר (אין אַנאַליטישן זין) דעם פּאָטער שר פון דער אומה, וואָס האָט גערעדט צו הונדערטער ייִדישע דורות מיט אַ שפּראַך פון אַבסטראַקטע רעלי־גיעז־עטישע באַגריפן, פאַר וועלכע דער הײַנטיקער יונגער דור האָט קיין געפיל נישט, רעדט איצט צו דער יוגנט מיט אַ פאַרשטענדלע־כער פאַר זיי שפּראַך פון קאָנקרעטע מעשים.

דער ישראל-עלעמענט ווערט אַ פאַקטאָר פון ערשטראַנגיקער באַדײַטונג אין דער פּסיכישער טאָניפיקאַציע פון דער נאַציאָנאַל-ייִדישער פּערזענלעכקייט. די ווירקלעכקייט פון אַן אייגן לאַנד, וואָס ווײַזט גרויס גרויסע יצירה-כּוחות אויף אַלע געביטן פון לעבן, דער-הייבט די זעלבסט-חשיבות פון ייִדישן מענטשן, פאַרשטאַרקט זײַן זעלבסט-גלויבן און אָפּטימיזם, באַפעסטיקט זײַן „אינערלעכן פּראָנט", — זײַן גײַסטיקע און פּסיכישע סטרוקטור, — וואָס האָט אַזוי פיל קראַפט און אויסדויער געגעבן די עלטערע דורות אין זייער קאַמף מיט די אַרומיקע פײַנטלעכע קרעפטן.

די יונגע ייִדישע דורות פאַרמאָגן נישט די נאַציאָנאַלע אינטואי-ציע פון זייערע עלטערן, וואָס האָבן אויפגעהאַלטן דעם ייִדישן המשך מיט אַ „גאָלדענער קייט" געשמידט פון גײַסטיקע ווערטן; נישט צו זייער אינטואיציע דאַרף מען אַפּעלירן, נאָר צו זייערע חושים, און ריידן דאַרף מען צו זיי מיט אַ שפּראַך פון קאָנקרעטע ישראל-מעשים, וואָס זאָל דערוועקן זייער מוט און זיי צוריק אײַנגלידערן אין דער משפּחה פון זייערע עלטערן.

אין די ייִדישע שולן דאַרף מדינת ישראל זײַן נישט נאָר אַ לי-מוד, נאָר אין פאַרבינדונג מיט העכערע סאָציאַל-עטישע אידעאַלן, אויך אַ שטימונג און וועלט-אַנשויאונג.

מדינת ישראל וועט טאָניפיצירן דעם אָפּגעשוואַכטן ייִדישן גײַסט, די ייִדישע פּערזענלעכקייט וועט באַקומען מעגלעכקייט צו-ריקצוגעווינען איר כאַראַקטעריסטישן בטחון, און עס וועט זיך אָפּ-טאָן פון דער יוגנט דער שאָטן פון נאַציאָנאַלער מינדערווערטיקייט — און וועלן אונדזערע קינדער זײַן גוטע ייִדן, וועלן זיי אויך קענען זײַן נאָרמאַלע און פּסיכיש-געזונטע מענטשן.

